פערלאג „ארבייטער פריינד“.



# די אנארכיסטען.

קולטור בילדער פון סוף 19-טען יאהרהונדערט.

פון

**דושאהן הענרי מאקאי.**

---

איבערזעצט פון א. פרומקין.

מיט א פארווארט פון ר. ראקער.



---

ערשטער טהייל.

---

לאנדאן, 1908.

„ארבייטער פריינד“ דרוקעריי, 163 דזשובילי סטריט, א.

# פֿאָרוואָרט.

די ערשטע אויפֿלאַגע פֿון מאַקאַי'ס ווערק, „די אַנאַר־כיסטען", איז ערשינען אין 1891, כמעט אין דערזעלבער צייט, ווען די דייטשע אַנאַרכיסטען האָבען געמאַכט דעם ערשטען פֿערזוך צו ענטוויקלען אַן עפֿענטליכע פּראָפּאַגאַנדאַ. בעפֿאָר דיזער צייט איז דער אַנאַרכיזם אין דייטשלאַנד זעהר ווייניג בעקאַנט געווען, און די ווייניגע קאָנספּיראַטיווע גרופּען, וועלכע האָבען עקזיסטירט אין דער רהיין־געגענד, בערלין און עטליכע אַנדערע גרעסערע שטעדט, זיינען געווען פֿיעל צו שוואַך, אום צו האָבען וואָס פֿאַר עס איז איינפֿלוס אויף דער בעפֿעלקערונג, איבערהויפּט אויף די דייטשע אַר־בייטער־קלאַסע. די גאַנצע טהעטיגקייט פֿון דיזע קליינע גרופּען האָט זיך כמעט אין גאַנצען בעשריינקט אויף די געהיימע פֿערשפּרייטונג פֿון אַנאַרכיסטישע צייטונגען, בראָ־שורען און מאַניפֿעסטען, וועלכע זיינען געדרוקט געוואָרען אין אויסלאַנד און אַריבערגעשמוגעלט געוואָרען דעם גרענעץ. דיזע אונטעראירדישע אַרבייט האָט געקאָסט אונגעהייערע אָפּפֿער, און מאַנכער פֿון די ערשטע אַנאַרכיסטישע פּיאָנירען אין דייטשלאַנד איז בעגראָבען געוואָרען לעבעדיגערהייט פֿאַר פֿינף, אַכט, צעהן און פֿופֿצעהן יאָהר צייט אין די קערקערס פֿון דער דייטשער רעאַקציאָן, דערפֿאַר וואָס זיי האָבען בעלאַנגט צו קאָנספּיראַטיווע אָרגאַניזאַציאָנען און האָבען פֿערשפּרייט פֿערבאָטענע ליטעראַטור. און דיזע מענער האָבען ניט געפֿונען די קלענסטע סימפּאַטהיע ביי קיינעם ניט,

אפילו ניט ביי די אַרבייטער־מאַסען, ווייל די סאָציאַל־דע־מאָקראַטישע פיהרער האָבען ניט פערזוימט קיין געלעגענהייט צו מאַכען פון דעם אַנאַרכיזם אַ קאַריקאַטור און פאָרצו־שטעלען די אַנאַרכיסטען אַלס בעצאָהלטע אַגענטען פון דער פאָליציי. אויף דעם סאָציאַל־דעמאָקראַטישען קאָנגרעס אין סט. גאַלען (1887) האָט ווילהעלם ליעבקנעכט געהאַלטען אַ רעפעראַט איבער „אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם"; ביי דיזער געלעגענהייט האָט ער איינגעטהיילט די אַנאַרכיסטען אין דריי קאַטעגאָריעם: 1) די פאָליציי־שפּיאָנען; 2) די משוגעים; און 3) די פערברעכער. קיין וואונדער ניט, אַז דער אַנאַרכיזם האָט אונטער אַזעלכע אומשטענדען ניט געקענט געפינען פיעלע אָנהייננגער און סימפּאַטיזירער, איבערהויפּט אין דער צייט פון'ם „סאָציאַליסטען־געזעץ", אין יענער פינסטערער פעריאָדע, ווען די רעאַקציאָן האָט דערשטיקט יעדעס פרייע וואָרט און ווען די פּאָליטישע פאָליציי האָט איבערפליצט דאָס גאַנצע לאַנד מיט בעצאָהלטע שפּיאָנען און פּראָוואָ־קאַטאָרס.

ערשט נאָך דעם אונטערגאַנג פון יענעם שענדליכען געזעץ און מיט דער ענטשטעהונג פון דער בעוועגונג פון די „אונאַבהייניגע סאָציאַליסטען" (1891) האָט זיך אָנגע־הויבען אַ נייע ערא פאַר דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג אין דייטשלאַנד. די פאָליציי האָט אפילו באַלד אונטערדריקט דעם ערשטען פערזוך פון די אַנאַרכיסטען צו שאַפען זיך אַ זעלבסטשטענדיגען אָרגאַן אין דייטשלאַנד גופא, אָבער דאָס האָט ניט געקענט פערהינדערן, אַז די בעוועגונג זאָל גע־פונען איהר וועג אין דער עפענטליכקייט.

פון די פערשידענע אַנאַרכיסטישע ריכטונגען איז אין דייטשלאַנד צוערשט נור בעקאַנט געווען דער רעוואָלוציאָ־נערער קאָמוניסטישער אַנאַרכיזם, און אפילו די אָנהייננגער

פֿון דיזער ריכטונג זיינען אין אָנפֿאַנג געווען זעהר אונקלאָהר אין זייערע אידעען און שטרעבונגען. די גאַנצע אַנאַרכיסטישע ליטעראַטור האָט זיך בעשריינקט אויף עטליכע אַגיטאַציאָנס-בראָשורען פֿון יאָהאַן מאָסט, קראָפּאָטקין, רעקלו און אייניגע אַנדערע. קיין גרעסערעס טהעאָרעטישעס ווערק האָט איבערהויפּט ניט עקזיסטירט אין יענער עפּאָכע און די געשיכטע פֿון דער בעוועגונג אין אַנדערע לענדער איז כמעט אין גאַנצען געווען אונבעקאַנט.

אָט אין יענער צייט זיינען ערשינען „די אַנאַרכיסטען"; דורך דיזעס ווערק זיינען די דייטשע אַנאַרכיסטען צום ערשטען מאָל בעקאַנט געוואָרען מיט אַ נייער ריכטונג—דעם אינדיווידואַליסטישען אַנאַרכיזם. דאָס בוך האָט אַרויסגערופֿען געוואַלדיגע דיסקוסיאָנען אין'ם אַנאַרכיסטישען לאַגער, נאָר מען קען ניט זאָגען, אַז עס האָט געפֿונען פֿיעלע אָנהייננער. מען האָט עס ליעב געהאַט צו לעזען, דערפֿאַר וואָס דער אויטאָר האָט אויסגקליבען די פֿאָרם פֿון אַ ראָמאַן, אום צו ענטוויקלען זיינע אַנשויאונגען; אָבער נור וועניגע זיינען צוגעצויגען געוואָרען פֿון די אידעען און שטרעבונגען, וועלכע דער פֿערפֿאַסער האָט פֿאָרגעשטעלט אַלס די אייגענטליכע און איינציגע לעהרע פֿון'ם אַנאַרכיזם.

אויך שפּעטער, ווען די אַנאַרכיסטישע בעוועגונג אין דייטשלאַנד האָט זיך מעהר ענטוויקעלט, און ווען די אידעען און טהעאָריען פֿון דער אַנאַרכיסטישער לעהרע זיינען ברייטער און טיעפֿער אויפֿגעפֿאַסט געוואָרען פֿון איהרע פֿערטהיידיגער, אויך דאַן איז די ווירקונג פֿון מאַקאַי'ס בוך געבליבען דיזעלבע. מען האָט עס געשעצט אַלס קונסט-ווערק, אַלס די געניאַלע אַרבייט פֿון אַ בעדייטענדען דיכטער, אָבער אין טהעאָרעטישער בעציהונג האָט מען איהם ניט צוגעשריבען קיין גרויסע וויכטיגקייט.

אין דער ווירקליכקייט האָט מאַקאַי ניט בעריכערט דעם אינדיווידואַליסטישען אַנאַרכיזם דורך נייע אידעען און אָריגינעלע טהעאָרעטישע אויפֿפֿאַסונגען. מיר געפֿינען ניט ביי איהם די פֿילאָזאָפֿישע און טהעאָרעטישע טיעפֿקייט פֿון אַ בעלגאַריק, אַ וואָרען אָדער אַן אַנדרוס און זיכער ניט די גלענצענדע פובליציסטישע פֿעהיגקייטען פֿון אַ טאָקער. אויך זיין פֿערזוך צוריקצואווייזען די אידעען און אַנשויאונגען פֿון'ם קאָמוניסטישען אַנאַרכיזם איז זיכער ניט געווען קיין גליק־ליכער, ער האָט ניט געקענט איבערצייגען מענשען מיט טיעפֿערע איבערצייגונגען און זעלבסטשטענדיגע מיינונגען

מאַנכע בעהויפטונגען אין מאַקאַי'ס ווערק זיינען זאָגאַר היסטאָריש ניט ריכטיג. די גאַנצע אויפֿפֿאַסונג פֿון באַקונין'ס פערזענליכקייט איז צ.ב.ש. זעהר אונקלאָהר און איינזייטיג. אויך ווייסט מען היינט איבעראַל, אַז דער זאָגענאַנטער „רעוואָלוציאָנערער קאַטהעכיזמוס" איבער די „פֿליכטען פֿון'ם רעוואָלוציאָנער צו זיך אַליין און צו זיינע רעוואָלוציאָנס־גענאָסען" איז ניט דאָס ווערק פֿון באַקונין, זאָנדערן פֿון נעטשאַיעוו.

דאָס גאַנצע בוך האָט צוערשט געזאָלט בעקומען אַ גאַנץ אַנדערן כאַראַקטער. מאַקאַי האָט זיך ערשט אין 1887 נעהנטער בעקענט מיט דער סאָציאַליסטישער און אנאַר־כיסטישער בעוועגונג, און אין דעמזעלבען יאָהר האָט ער בעשלאָסען צו שרייבען זיין ווערק. די גרויסע עראייגניסע פֿון דיזען אונפֿערגעסליכען יאָהר: די בעוועגונג פֿון די אַרבייטסלאָזע אין לאָנדאָן, די בלוטיגע קעמפּפֿע צווישען דעם פֿאָלק און דער פּאָליציי אין טראַפֿאַלגאַר סקווער און הויפטזעכליך די שרעקליכע טראַגעדיע פֿון טשיקאַגאָ האָבען דעם קינסטלער און דיכטער גענעבען גענוג שטאָף צו שאַפֿען אַזאַ ווערק; אָבער זיין אייגענע גייסטיגע ענטוויקלונג האָט

איהם צוריקגעהאַלטען באַלד אויסצופֿיהרען דיזען פּלאַן. ערשט מיט פֿיער יאָהר שפּעטער איז דאָס בוך ערשינען אונטער דעם נאָמען „די אַנאַרכיסטען", און זיין כאַראַקטער איז דאַן געוועןאַ גאַנץ אַנדערער ווי דער אויטאָר האָט צוערשט געהאַט די אַבזיכט.

אין 1889 האָט מאַקאַי ענטדעקט דאָס געניאַלע ווערק פֿון מאַקס שטירנער „דער איינציגער און זיין אייגענטהום", וועלכעס איז צום ערשטען מאָל ערשינען אין 1845. אָבער דיזער מערקווירדיגער בוך, אפשר דאָס אָריגינעלסטע ווערק אין דער גאַנצער וועלט-ליטעראַטור, איז פֿאָלשטענדיג פֿערגעסען געוואָרען, אַקוראַט ווי זיין געניאַלער אויטאָר. ערשט דורך מאַקאַי, איז דאָס ווערק צום צווייטען מאָל בעקאַנט געוואָרען און איהם האָבען מיר אויך צו דאַנקען, אַז דאָס וויינגע ביאָגראַפֿישע מאַטעריאַל איבער מאַקס שטירנער איז ניט אין גאַנצען פֿערלאָרען געגאַנגען.

שטירנער'ס בוך האָט געהאַט אַן ענטשיידענדע ווירקונג אויף מאַקאַי'ס גייסטיגע ענטוויקלונג. אין אָבאַן'ס פֿילאָזאָפֿישע בעטראַכטונגען הערען מיר דייטליך דעם אָבקלאַנג פֿון שטירנער'ס אידעען, די שפּראַך גופא דערמאָהנט אונז אָפֿטמאָל שטאַרק אין דעם „איינציגען."

אָבער דאָס איז גראַדע די טהעאָרעטיש שוואַכע זייט פֿון מאַקאַי'ס ווערק, ווייל דער איינפֿלוס פֿון שטירנער'ס געניאַלער דעסטרוקטיווער פֿילאָזאָפֿיע, וועלכע לייזט אויף אַלע רעליגיעזע, פּאָליטישע און סאָציאַלע בעגריפֿע אין זייערע קלענסטע אַטאָמען, בעשרייינקט דעם פֿערפֿאַסער כמעט אויסשליסליך אויף איינפֿאַכע נעגאַציאָנען און ריין קריטישע בעמערקונגען. די דיסקוסיאָן צווישען אָבאַן און טרופּ, וועלכע זאָל אייגענטליך ערקלעהרען דעם אונטערשיעד צווישען די ביידע ריכטונגען אינדיווידואַליזם און קאָמוניזם און וועלכע

זאָל בעווייזען, אַז די קאָמוניסטען זיינען איבערהויפּט ניט קיין אַנאַרכיסטען, בעריהרט בלויז עטליכע ריין אויסערליכע זייטען פֿון דער פֿראַגע און האָט איבערהויפּט ניט קיין טיעפֿערען אינהאַלט. דערביי איז צו בעמערקען, אַז מאַנכע בעהויפּטונגען, וועלכע אָבאַן־מאַקאַי לייגט זיין אָפּאָנענט טרופּ אין מויל אַריין, זיינען ניט בלויז אַ ביסעל צו איינזייטיג, נאָר זאָגאַר דירעקט פֿאַלש. ווען טרופּ ערקלעהרט צ.ב.ש. דעם קאָמוניסטישען יאַקאָבינער באַבעף פֿאַר אַ פֿאָרקעמפּפֿער פֿון'ם קאָמוניסטישען אַנאַרכיזם, דאַן איז דאָס איינפֿאַך אַבסורד, און אַבסורד איז אויך די בעהויפּטונג, אַז דער קאָנסעקוועגטער קאָמוניזם פֿאָדערט פֿון יעדען מאַן ער זאָל בעפֿרידיגען די סעקסועלע בעדערפֿנישען פֿון יעדער פֿרוי און פֿערקעהרט. אַזעלכע גרונדלאָזע בעהויפּטונגען ווירקען נאָך אונאַנגענעהמער, ווען מיר דערמאָהנען זיך, אַז טרופּ איז ניט קיין פֿאַנטאַזיע־געשטאַלט פֿון'ם אויטאָר, זאָנדערן אין איהם פֿערקערפּערט זיך איינער פֿון די כאַראַקטעריסטישע טיפּען פֿון דער קאָנספּיראַטיווער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג אין יענער צייט (אָטאָ רינקע, געשטאָרבען אין אַמעריקאַ). שוין צוגעבענדיג, אַז דער קאָמוניסטישער אַנאַרכיזם אין יענער פּעריאָדע איז אין פֿיעלע בעציהונגען נאָך געווען פּרימיטיוו און ווייניג ענטוויקעלט (די וויכטיגסטע טהעאָרעטישע ווערק פֿון דיזער ריכטונג זיינען דאַמאָלסט נאָך גאָרניט פּובליצירט געווען), פֿיהלט דער לעזער אָבער אינסטינקטיוו, אַז טרופּ וואָלט געקענט פֿערטהיידיגען זיין פּאָזיציאָן מיט בעסערע אַרגומענטען און אַז אָבאַן־מאַקאַי האָט זיך די זאַך געמאַכט אַביסעל צו בעקוועם.

נאָר דיזע טהעאָרעטישע שוואַכקייטען קענען ניט בעאיינפֿלוסען דעם קינסטלערישען ווערטה פֿון „די אַנאַרכיס־

טען". די וואונדערבאַרע און איינדרוקספֿולע בעשרייבונגען פֿון לאָנדאָן'ס גיהנם, די טרויעריגע וואַנדערונגען דורך „דאָס רייך פֿון הונגער", די געלונגענע דאַרשטעלונגען פֿון די גרויסע עראייגניסע, וועלכע האָבען זיך אָבגעשפּיעלט אין יענער צייט אין דער ענגלישער הויפּט-שטאָדט, און ענדליך די לעבענס-וואַרעמע בעשרייבונג פֿון דער שוידערליכער טראַגעדיע פֿון טשיקאַגאָ, דאָס אַלעס מאַכט דעם לעזער דאָס בוך טהייער און גיט איהם אַ ווערטה ניט בלויז פֿאַר די איצטיגע, נאָר אויך פֿאַר שפּעטערע גענעראַציאָנען. די בעקאַנטע פּערזענליכקייטען אין'ם לאַגער פֿון דעם רעוואָ-לוציאָנערען עמיגראַנטענטהום אין לאָנדאָן, זיינען מייס-טענטהיילס גוט געצייכענט, און ווער עס איז אַביסעל נעהנטער בעקאַנט מיט דער עלטערער בעוועגונג פֿון לאָנדאָן, דערקענט זיי באַלד.

אין דיזע אַלע בעשרייבונגען מאַניפֿעסטירט זיך דער אמת'ער קינסטלער, מיר פֿיהלען דעם וואַרעמען הויך פֿון די עראייגניסע, וועלכע דער דיכטער שטעלט אונז פֿאָר און לעבען איבער פּערזענליך אַלצדינג, וואָס ער אַליין האָט איבערגעלעבט.

ר. ראקער.



# איינלייטונג.

---

דאָס קונסט־ווערק דאַרף ריידען פֿאַר'ן קינסטלער, וועלכער האָט עס געשאַפֿען; די אַרבייט פֿון דעם בעטראַכטענדען פֿאָרשער, וועלכער שטעהט הינטער איהר, ערלויבט איהם צו זאָגען, וואָס עס האָט איהם געטריבען זיך אויסצוריידען.

דאָס טהעמאַ פֿון'ם ווערק, וואָס איך ענדיג דאָ, פֿערלאַנגט פֿון מיר, איך זאָל עס בעגלייטען מיט עטליכע ווערטער.

*

קודם כל דאָס איינע: ווער עס קען מיך ניט און ריכט זיך צו געפֿינען אין די פֿאָלגענדע בלעטער אַזעלכע מינים סענזאַציאָנעלע ענטדעקונגען, ווי יענע ליגענס, וועלכע שפעקולירען אויף די אורטהייל־לאָזיגקייט פֿון'ם פובליקום, וואָס שעפּט דערפֿון זיין גאַנצע קענטעניש וועגען דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג, דער זאָל זיך גאָר ניט מטריח זיין און אַוועקלייגען דאָס בוך דאָ גלייך ביי דער ערשטער זייט.

אויף קיין שום געביעט פֿון'ם סאָציאַלען לעבען הערשט היינט צו טאָג ניט קיין ערגערער מיש־מאַש, קיין נאַאיווערע אויבערפֿלעכליכקייט, קיין געפֿעהרליכערע אונוויסענהייט, איידער אויף דעם געביעט פֿון'ם אַנאַרכיזם. ס'איז גענוג אַרויסצוריידען בלויז דאָס וואָרט און עס ווירקט ווי דאָס

פאָכען מיט אַ רויטען טוך — אין בלינדען צאָרן וואַרפען זיי זיך דאָס רוב אַרויף דערויף און נעהמען זיך קיין צייט ניט רוהיג צו איבערלייגען און נאָכצודיינקען וועגען דעם. זיי וועלען אויך דאָס דאָזיגע ווערק צורייסען אויף שטיקלאַך, אָהן דעם עס צו פערשטעהן. מיך וועלען זייערע קלעפ ניט טרעפען.

*

לאָנדאָן און די געשעהענישען פון סוף יאָהר 1887 האָבען מיר געדיענט אַלס הינטערגרונד פון מיין מאַלעריי.

אין אָנהויב פון נעקסטען יאָהר בין איך צוריקגעקומען אויף'ן שוי־פּלאַץ, הויפּטזעכליך מיט דעם צוועק צו פער־פאָלקאָמען מיינע שטודיען איבער דעם איסט ענד. ס'איז מיר דאַן אפילו אויף'ן זינען ניט אַרויף, אַז גראָד די געגענד, וואָס איך האָב מיר אויסגעקליבען צו בעשרייבען אויספיהר־ליכער, וועט באַלד נאָכדעם זיין ביי אַלעמען אין די מיילער, צוליעב די פרויען־מאָרדען פון דעם בעריהמטען „דזשעק דהי ריפּער".

דאָס קאַפּיטעל איבער שיקאַגאָ איז ניט אָבגעשלאָסען געוואָרען, איידער איך האָב אויך דורכגעקוקט דאָס דיקע ביל־דער־בוך פאַר גרויסע קינדער, ‘‘Anarchy and Anarchists’’ (שיקאַגאָ, 1889), מיט וועלכען דער פּאָליציי־קאַפּיטאַן מיי־קעל שאַאַק האָט געזוכט צו רעכטפערטיגען דעם נידער־טרעכטיגען מאָרד פון זיין רעגירונג. ס'איז קיין אַנדער זאַך ניט, נאָר אַ — ניט אונוויכטיגעס — דאָקומענט פון דומער ברוטאַליטעט און ראַפינירטער פוסטקייט.

די נעמען פון לעבעדיגע האָב איך מיט אַ כיוון אין ערגעץ ניט דערמאָנט; ניט קוקענדיג דערויף וועט דער נאָהענט־שטעהענדער במעט איבעראַל אָהן שוויריגקייטען

דערקענען די ציגע, וועלכע איך האָב גענומען אַלס מאָדעלען פֿאַר מיינע שילדערונגען.

*

צווישען דעם ערשטען און לעצטען קאַפּיטעל זיינען אַריבער דריי יאָהר. נייע צווייפֿלען, וועלכע זיינען כסדר אַרויפֿגעשוואומען ביי מיר אין מוח, האָבען מיך אַלץ געצוואונגען זיך אָבצושטעלען מיט דער אַרבייט, אָפֿטמאָל אויף אַ היבשער צייט. איך האָב זי פֿילייכט אָנגעפֿאַנגען צו פֿריה; צו שפּעט ענדיג איך זי ניט.

ניט יעדע זייט פֿון דער פֿראַגע האָב איך געקענט דורכנעהמען; דאָס רוב איז מיר ניט מעגליך געווען צו געבען מעהר ווי די שלוס-זעצע פֿון לאַנגע געדאַנקען-רייהען. איך האָף אָבער, אַז איך האָב וויינינסטענס בעוויזען די ניט-פֿעראיינבאַרקייט פֿון דער אַנאַרכיסטישער און קאָמוניסטישער וועלט-אַנשויאונג, די צוועקלאָזיגקייט און שעדליכקייט פֿון דער געוואַלט-טאַקטיק, אַזוי ווי די אונמעגליכקייט צו לייזען די סאָציאַלע פֿראַגע דורך'ן שטאַאַט.

*

דאָס נייִנצעהנטע יאָהרהונדערט האָט געבוירען די אידעע פֿון דער אַנאַרכיע. אין זיינע פֿערציגער יאָהרען איז געלייגט געוואָרען דער גרענעץ-שטיין צווישען דער אַלטער וועלט פֿון קנעכטשאַפֿט און דער נייער וועלט פֿון פֿרייהייט. וואָרים אין דעם דאָזיגען צעהנדלינג יאָהרען האָט פּ. ז. ש. פּרודהאָן אָנגעפֿאַנגען די ריעזיגע אַרבייט פֿון זיין לעבען מיט זיין ווערק: "Qu'est-ce que la propriété?" (וואָס איז אייגענטהום?) (1840) און אין יענער צייט האָט מאַקס שטיר-

נער אָנגעשריבען זיין אונשטערבליך ווערק: „דער איינציגער און זיין אייגענטהום“ (1845).

זי האָט געקענט פערגראָבען ווערן אונטער דעם שטויב פון דעם צייטוויליגען קולטור־ריקשריט. אָבער זי קען ניט אין גאַנצען אונטערגעהן.

אָט האָט זי ווידער ערוואַכט.

שוין צעהן יאָהר, אַז אין באָסטאָן, מאַסס., קעמפפט מיין פריינד בענדזש. ר. טאָקער מיט דער אונבעזיעגליכער וואַפע פון זיין „ליבערטי“ פאַר אַנאַרכיע אין דער נייער וועלט. אָפטמאָל, אין די איינזאַמע שטונדען פון מיינע קעמפפע, האָב איך געווענדט מיין בליק אויף דעם פונקעלדיגען ליכט, וואָס הויבט אָן פון דאָרט צו בעלייכטען די פינסטערע נעכט...

*

פאַר דריי יאָהרען, ווען איך האָט איבערגעגעבען דער עפענטליכקייט די געדיכטע פון מיין „שטורם“, האָבען מיך פריינדליכע שטימען בעגריסט אַלס דעם „ערשטען זינגער פון דער אַנאַרכיע“.

איך בין שטאָלץ אויף דעם דאָזיגען נאָמען.

אָבער איך בין געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז עס געהט היינט צו טאָג ניט אַזוי אין דעם צו דערוועקען בע־גייסטערונג פאַר די פרייהייט, ווי צו איבערצייגען די מענשען אין דער אונבעדינגטער נויטווענדיגקייט פון עקאָנאָמישער־אונאַבהיינגיגקייט, אָהן וועלכער די פרייהייט וועט אייביג בלייבען דער פוסטער חלום פון די טרוימער.

אין די דאָזיגע טעג פון דער וואַקסענדער רעאַקציאָן, וועלכע וועט דערגרייכען איהר העכסטע מדרגה אין דעם

זיעג פֿון'ם שטאַאַט־סאָציאַליזם, איז עס פֿאַר מיר געוואָרען אַ דרינגענדע פֿאָדערונג, אויך דאָ צו זיין דער ערשטער קעמפּפֿער פֿון דער אַנאַרכיסטישער אידעע.

איך האָף, אַז איך האָב נאָך מיין לעצטען קאַמפּף פֿאַר דער פֿרייהייט ניט געקעמפּפֿט.

רוים, פֿריהלינג 1891.

ערשטער קאַפּיטעל.

# אין הארצען פון דער וועלט שטאדט.

אַ נאַס־קאַלטער אָקטאָבער־אָבענד האָט זיך אָנגע־הויבען אויסשפּרייטען איבער לאָנדאָן. ס'איז געווען דער אָקטאָבער פון דעם זעלבען יאָהר, ווען ערשט מיט קנאַפּע פינף מאָנאַטען פריהער האָבען זיך אָבגעשפּיעלט יענע פּעררייקטע צערעמאָניעס לכבוד דער פופציג־יעהריגער רעגירונגס־צייט פון אַ פרוי, וועלכע האָט זיך גערופען „קעניגין פון גרויס־בריטאַניען און אירלאַנד און קייזערין פון אינדיען", — יענע נאַרישע צערעמאָניעס, נאָך וועלכע דאָס יאָהר 1887 איז געקרוינט געוואָרען מיט'ן נאָמען „דזשובילי יער".

אין דעם דאָזיגען אָבענד — ס'איז געווען דער לעצטער פון א וואָך — האָט אַ מאַן געבלאָנדזשעט דורך נעבעל־דיגע, איינגע און כמעט ליידיגע גאַסען, אָנקומענדיג פון „וואָטערלו סטיישיאָן" און זוכענדיג זיין וועג צו דער אייזענבאַהן־בריק פון טשערינג קראָס. לאַנגזאַם, אַזוי ווי פערמאַטערט פון אַ שטונדען־ווייטען גאַנג, איז ער אַרויף די הילצערנע טרעפ, וועלכע פיהרען צו דעם שמאָלען פוס-וועג פון דער בריק, וואָס ציהט זיך לעבען די רעלסען, און אַז ער איז צוגעקומען אונגעפעהר צום מיטען טייך, האָט ער אָבגעטראָטען אָן אַ זייט צום וואַסער צו און איז דאָרט געבליבען שטעהן אַ ווייליע, בעת ווען די מענשען זיינען איהם פערבייגעגאַנגען. ס'איז אייגענטליך גיבער

געווען מחמת געוואוינהייט איידער מיעדקייט, וואָס ער פלעגט זיך ליעב האָבען אָבשטעלען און אַרונטערקוקען אין די טעמזע. ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער איז שוין דאָס דריטע יאָהר געווען אין לאָנדאָן, איז ער זעלטען געווען אויף דער „אַנדער זייט טעמזע", און דערפאַר, אַז ער פלעגט נור אַריבערגעהן איינע פון די בריקען, האָט ער זיך ניט געקענט אַזוי גיך אָברייסען פון דעם גרויסאַרטיגען בילד, וואָס די שטאָדט האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אויף יענע ערטער.

ס'איז נאָך געווען ליכטיג גענוג, אַזוי אַז ער האָט, קוקענדיג רעכטס צו וואָטערלו ברידזש, געקענט דערקענען די דונקעלע מאַסען פון די סקלאַדען, און אויף'ן שפיגעל פון דער טעמזע איהם צו פוסען די רייהען פון צונויפגעפאָרטע ברייטע פראַכט-שיפלאַך און פליטען, דאָך האָבען שוין איבעראַל געברענט ליכט און דורכדרונגגען מיט זייער שיין דעם דונקעלען תוהו ובוהו פון דער דאָזיגער אונגעהייער גרויסער שטאָדט. אַזוי ווי פאַראַלעלע ליניען האָבען זיך געצויגען די ביידע רייהען לאָמטערנעס אויף וואָטערלו ברידזש, און יעדעס איינציגע פון די ליכט האָט אַרונטער־געוואָרפען זיין שאַרפען, שטראַהלענדען שיין טיעף און לאַנג אין דאָס ציטערנדע, דונקעלע וואַסער. לינקס ווידער האָבען זיך אויפגעהויבען די אונצעהליגע קליינע פלאַמען, וועלכע האָבען אָנגעפאַנגען בעלייכטען די „עמביינקמענטס" און דעם „סטרענד". רוהיג איז דער מאַן געשטאַנען אויף דער בריק און האָט געזעהן די ליכטלאַך פון די פער־ביילויפענדע קעבס; ער האָט געהערט הינטער זיך די ציגע פון דער „סויטה־איסטערן" אייזענבאַהן, ווי זיי פאָהרען אַרויס און אַריין אין דעם וואָקזאַל פון טשערינג קראָס; ער האָט געזעהן אונטער זיך די לאַנגזאַמע כוואַליעס פון

דער טעמזע, ווי זיי ריהרען זיך שטיל, קוים וואָס מען הערט און מען בעמערקט זייער בעוועגונג; און בעת ער האָט זיך אומגעדרעהט און זיך געלאָזט געהן ווייטער, האָט זיך פֿאַר איהם געעפֿענט דער ריעזיגער וואָקזאַל פֿון טשערינג קראָס — בעגאָסען מיט ווייסע שטראָמען פֿון עלעקטרישען ליכט, — אָט דער צענטער, וועלכער רוהט ניט ניט ביי־טאָג און ניט ביינאַכט...

ער האָט געטראַכט פֿון פּאַריז, זיין היים, בעת ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם ווייטער. וואָס פֿאַר אַן אונטערשיעד צווישען די ברייטע, פֿלאַכע און ליכטיגע ברעגען פֿון דער „סעין" און אָט די פֿערגליווערטע, אויסגעשטרעקטע מאַסען, אויף וועלכע די זונן אפילו קען ניט אויסגיסען קיין שטראַהל פֿון פֿרייד!

ער האָט געביינקט צוריק נאָך דער שטאָדט פֿון זיין יוגענד. נאָר ער האָט דאָך ליעב געקראָגען לאָנדאָן מיט אַ לײדענשאַפֿטליכער, אייפֿערזיכטיגער ליעבע, עפּעס אַזוי ווי זיך אַליין אויף צו להכעיס.

וואָרים אָדער מען ליעבט לאָנדאָן אָדער מען האָט עס פֿיינט...

ווידער אַמאָל איז דער וואַנדערער שטעהן געבליבען. אַזוי ליכטיג איז געווען אין דעם ריעזיגען וואָקזאַל, אַז ער האָט גאַנץ דייטליך געקענט זעהן דעם זייגער דאָרט ביים עק. די ווייזערס זיינען געשטאַנען צווישען זיבען און אַכט. אויף'ן פּוס וועג האָט עפּעס אָנגעהויבען ווערן לעבעדיגער, רווישיגער, אָקוראַט ווי אַ מענשען־כוואַליע וואָלט זיך אַריבערגעקאַטשעט פֿון איין זייט אויף דער אַנדערער. דער מאַן איז געשטאַנען פֿערטראַכט, ער האָט זיך גאָר ניט געקענט אָברייסען פֿון דעם אָנבליק. אַ רגע האָט ער בעטראַכט די בעוועגונג ביים אַריינגאַנג פֿון'ם וואָקזאַל;

דאַן האָט ער זיך געפּרואווט אַריבערקוקען איבער די רעל־סען און דעם מיש־מאַש פֿון אייזערנע שטאַנגען און וואַגאָנען צו „וועסטמינסטער אַבעי"; אָבער ער האָט קיין אַנדער זאַך ניט געקענט דערקענען נאָר דאָס בלישטשענדע ציפּערבלאַט אויף'ן טהורם פֿון דעם פּאַרלאַמענט און די דונקעלע שאָטענס פֿון געוואַלדיגע שטיינערנע בנינים, וועלכע האָבען זיך דאָרט אויפֿגעהויבען. און איבעראַל דורכגעמישט די טויזענדער און טויזענדער ליכטלאַך...

ווידער אַמאָל האָט ער זיך אומגעדרעהט צו דער פֿרייער זייט, וואו ער איז פֿריהער געשטאַנען. אונטער זיינע פֿיס האָבען זיך מיט גערויש געקאַטשעט די ציגע פֿון דער „מעטראָפּאָליטאַן ריילוויי"; די גאַנצע ברייט פֿון דעם „וויקטאָריאַ־עמבייענקמענט איז אַרויף ביז „וואָטערלו ברידזש" געלעגען האַלב בעלויכטען אונטער איהם. פֿערגליווערט און ערנסט האָט זיך דער שפּיץ פֿון דער „קלעאָפּאַטראַ" אויפֿגעהויבען אין דער הויך.

צו דעם מאַן אויבען איז אַרויפֿגעקומען דאָס לאַכען און זינגען פֿון די יונגע לייט און מיידלאַך, וועלכע פֿערנעהמען יעדען אָבענד די ביינק פֿון די עמביינקמענטס. "Do not forget me — do not forget me" (פֿערגעס מיך ניט — פֿערגעס מיך ניט.) איז געווען דער צושפּיעל פֿון'ם ליעד. זייערע שטימען האָבען געקלונגען האַרט און קווייטשעדיג. "Do not forget me" — איבעראַל האָט מען עס אין דעם „דזשובילי יער" געקענט הערען אין לאָנדאָן... ס'איז געווען דאָס ליעד פֿון טאָג.

דער, וואָס וואָלט אַצונד אַ קוק געטהאָן אויף דעם מאַן, וועלכער איז געשטאַנען אָנגעבויגען איבער'ן ראַנד פֿון דער בריק, וואָלט אָהן אַ שום ספק אויף זיין געזיכט בעמערקט אַ מאָדנעם אויסדרוק פֿון האַרטקייט, וועלכער

האָט עס בעהערשט. דער פוס-געהער האָט שוין מעהר גאָרנישט געהערט פון דעם פערהאַלטענעס, האַלב-פער-דריקטען ליאַרם און פון דעם פראָסטען געזאַנג. ביים אָנבליק פון דעם געוואַלטיגען בנין אונטער זיינע פיס, איז איהם דורכגעלאָפען אַ געדאַנק אין קאָפ: וויפיעל מענשען-לעבענס האָבען עס דאָ געמוזט צוזאַמען ווערן אונטער אָט די ווייסע גראַניט-שטיינער, וועלכע ליגען אַזוי פעסט און זיכער איינע אויף די אַנדערע? און ער האָט ווידער גע-טראַכט פון יענער שווייגענדער, ניט-בעלוינטער, פערגע-סענער אַרבייט, וועלכע האָט געשאַפען אָט די אַלע גרויסקייטען, וואָס ער האָט געזעהן אַרום זיך.

שוויים און בלוט ווערן אָבגעוואַשען און דער איינ-צעלנער הויבט זיך אויף אין וואָילטאָג, אין כבוד און גדולה אויף די טויטע קערפערס פון מיליאָנען פערגעסענע אָהן אַ שום נאָמען...

עפּעס אַזוי ווי דער דאָזיגער געדאַנק וואָלט איהם אויפגעטרייסעלט, האָט קאַראַראָבאַן גענומען געהן ווייטער. דורכמעסטענדיג די שטיינערנע געוועלבען ביים עק פון דער בריק, די איבערגעבליבענע טהיילען פון דער אַלטער „הונגערפאָרד סוספענשיאָן ברידזש", האָט ער אַראָבגעקוקט אויף דער ערד און גענומען געהן שנעלער. אַזוי ווי אימער האָט ער ווידער געלעבט אין די געדאַנקען, וועלכע אויך ער האָט אָבגעגעבען די יוגענד פון זיין לעבען, און ווידער אַמאָל האָט איהם אַ פּאַק געטהאָן די אונענד-ליכע גרויסקייט פון דער דאָזיגער בעוועגונג, די „סאָציאַלע", ווי די צווייטע העלפּט פון נייצעהנטען יאָהרהונדערט האָט זי אָנגערופען: אַריינצוטראָגען ליכט אַהין, וואו עס הערשט נאָך פינסטערניש — אין די געדולדיגע, אונטערדריקטע

מאַסען, וועמעס ליידען און לאַנגזאַמעס שטאַרבען פֿער־שאַפֿט די „אַנדערע" דאָס לעבען...

נאָר אַז אָבאַן איז אַרונטערגעגאַנגען די טרעפּ פֿון דער בריק און האָט זיך געפֿונען אין וויליערס סטריט, אין יענער מערקווירדיגער קליינער גאַס, וועלכע פֿיהרט אַראָב פֿון סטרענד גלייך צו דער טשערינג קראָס סטאַציאָן פֿון דער שטאָדט־באַהן, איז ער פֿון דאָס ניי צוגעצויגען געוואָרען פֿון דעם לעבען, וואָס האָט געוווּשט אַרום איהם. אַ געדיכטער עולם האָט זיך געשפּאַרט און געשטופּט פֿערביי איהם: דער האָט נאָך געוואָלט כאַפּען דעם צוג, וועלכער האָט אָקאָרשט אויסגעשפּיגען יענע, וועלכע האָבען זיך אַזוי שטאַרק געאיילט צום סטרענד; דאָ איז געשטאַנען אַ גאַסען־פֿרוי און האָט איינגעַ'טענה'ט מיט אַ הערר אין אַ צילינדער־הוט, וועמען זי האָט פֿערנאַרט אַהער מיט אַ וואָרט און מיט אַ בליק פֿון איהרע מיעדע אויגען, כדי זיך מיט איהם אויסצוגלייכען מכח דעם „פּרייז"; און דאָרט איז געשטאַנען אַ גאַנצע מחנה פֿון גאַסען־קינדער, וועלכע האָבען זיך געשפּאַרט מיט זייערע שמוציגע געזיכטער אָן די שויבען פֿון אַן איטאַליענישער בעקעריי פֿון קיכלאַך, זיך צוקוקענדיג מיט זשאַדנע בליקען צו יעטוועדען ריהר פֿון די, וואָס האָבען אונערמיעדליך געאַרבייט אינעווייניג.

— אָבאַן האָט געזעהן אַלצדינג. מיט די אויגען פֿון אַ גענימטען בעאָבאַכטער האָט ער בעמערקט דעם צעהן יעהריגען אינגעל, וואָס האָט אַרומגעטאַנצט אויף דער פֿייכטער ערד און זיך געשטאַרעט אויסצובעטלען אַ פּעני ביי די פֿערביילויפֿענדע, און דאָס אויסגעמאָרעטע געזיכט פֿון יענעם אינגעל, וועלכער איז צוגעלאָפֿען צו איהם, אַזוי גיך ווי ער האָט זיך נור אָבגעשטעלט, און איהם ניט אַנדערש נור געוואָלט אַריינשטופּען דעם לעצטען נומער פֿון די „מאַטרימאָניאַל ניוס"

— אַ ציימונג, וואָס איז אונבעדינגט נויטיג „פאַר אַלע די, וועלכע ווילען חתונה האָבען".

אָבאַן איז געגאַנגען לאַנגזאַם ווייטער. ער האָט צו גוט געקענט דאָס דאָזיגע לעבען, בעת עס האָט איהם נאָך פערטומעלט און בערוישט; און דאָך האָט עס איהם אַלץ פון דאָס ניי אינטערעסירט מיט זיין גאַנצער געוואַלט. אין משך פון דיזע יאָהרען האָט ער אָבגעגעבען שטונדען און טעג אויף אָט דעם שטודיום, און אימער און איבעראַל האָט ער עס געפונען ניי און אינטערעסאַנט. און וואָס מעהר ער האָט אויסגעפאָרשט איהרע שטרעמונגען, איהרע אָבגרונדען און איהרע מורא'דיגע טיעפקייטען, אַלץ מעהר האָט ער בעוואונדערט די דאָזיגע איינציגע שטאָדט... זייט אַ שטיקעל צייט האָט זיך אָט דאָס געפיהל זיינס צו דער שטאָדט ענטוויקעלט אין אַ ליידענשאַפטליכער צונייגונג. לאַנדאָן האָט איהם צופיעל געוויזען — אַסך מעהר ווי דעם איינוואוינער און דעם בעזוכער; און אַצונד האָט ער גע־וואָלט אַלעס זעהן. אָט דער ברענענדער וואונש האָט עס איהם אויך היינט נאָכמיטאָג אַריבערגעטריבען אויף דער אַנדער זייט טעמזע, וואו ער האָט שטונדען־לאַנג אַרום־געוואַנדערט אין קעניגנטאָן און לאַמבעטה — יענע קוואַרטאַלען פון אַ שרעקליכער נויטה; און מיעד און דערשלאָגען און פערביטערט איז ער צוריקגעקומען פון דאָרט, כדי דאָ אויף'ן סטרענד צו זעהן דעם אָבשיין און די פערקעהרטע זייטען פון יענעם מורא'דיגען לעבען.

ער איז אַלזאָ געשטאַנען ביים אַריינגאַנג פון דעם דונקעלען און וויסטען טונעל, וועלכער לויפט דורך אונטער טשערינג קראָס צו נאָרטהאָמבערלאַנד עוועניו. די שאַרפע און ציטערנדע טענער פון אַ „באַנדזשאָ" האָבען אָבגע־קלונגען אין זיינע אויערן; אַן עולם פון פערבייגעהער האָט

זיך אַרומגעקליבען: אין מיטען איז געשטאַנען אַ אינגעל אין צוריסענע טראַנטעס און מיט אַ סאַזשע־שוואַרצען געזיכט — ווער האָט ניט געזעהן די מאָדנע געשטאַלטען פון די דאָזיגע „נעגער־קאָמעדיאַנטען" אויף די ווינקלען פון די לאָנדאָנער גאַסען? — און האָט געשפּיעלט אויף זיין אינסטרומענט. צו דעם קלאַנג פון זיינע טענער האָט אַ מיידעל געטאַנצט מיט אַזאַ מין מעכאַנישער גלייכגילטיגקייט, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט גאָר קיינמאָל ניט געקענט מיעד ווערן דערביי. זיך דורכשפּאַרענדיג פערביי דעם עולם, האָט אָבאַן געוואָרפען אַ בליק אויף'ן געזיכט פון דעם דאָזיגען קינד: גלייכגילטיגקייט און אין דערזעלבער צייט אויך אַ געוויסע אונגעדולד איז געלעגען דעריויף.

„זיי ערנעהרען זייער גאַנצע פאַמיליע, די אָרעמע," האָט ער געמורמעלט. אין אַ מינוט אַרום איז זיך דער עולם פונאַנדערגעגאַנגען און די צוויי קינדער זיינען אַריבער צום אַנדערן עק גאַס, כדי דאָרט ווידער אָנהויבען שפּיעלען און טאַנצען, ביז וואַנען דער פּאָליצמאַן האָט זיי אַוועקגעטריבען, דער געהאַסטער, דער שרעקליכער.

אָבאַן איז דורכגעגאַנגען דעם טונעל, וואו די שטיינערנע פּאָדלאָגע איז געווען פול מיט שמוץ און פון די ווינקלען האָט זיך אַרויסגעשפּאַרט אַ פערפעסטעטע לופט. דער טונעל איז כמעט געווען ליידיג; נור ווען און ווען איז פערביי איהם, האַרט ביי דער וואַנד, פערבייגעלאָפען אַ פינסטערע געשטאַלט. אָבער אָבאַן האָט געוואוסט, אַז אין נאַס־קאַלטע טעג און נעכט ליגען דאָ, אַזוי גוט ווי אין הונדערטער אַנדערע דורכגענג, גאַנצע שורות פון אונגליקליכע, צונויפגעדריקט איינע אויף די אַנדערע ביי די קאַלטע ווענד. זיי ליגען אין איין ציטערניש, ערוואַרטענדיג יעדע רגע פונאַנדערגעטריבען צו ווערן פון די „געזעץ־היטער": א

הויפֿען פֿון קויט און טראַנטעס, פֿערהונגערט און שמוציג, די „אויסגעשטויסענע פֿון דער געזעלשאַפֿט“... און בעת ער האָט זיך געלאָזט אַרויפֿגעהן אויף די טרעפּ ביים עק פֿון דעם מרה שחורה'דיגען דורכגאַנג, איז איהם פּלוצלינג ווידער אַמאָל געשטאַנען פֿאַר די אויגען יענע סצענע, וועלכע ער האָט מיט אַ יאָהר צוריק דורכגעלעבט דאָ אויף אָט דעם זעלבען אָרט. און מיט אַזאַ שרעקליכער דייטליכקייט האָט זי זיך איהם פֿאָרגעשטעלט, אַז ער איז ניט ווילענדיג שטעהן געבליבען און האָט זיך אומגעקוקט, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט זיך טאַקי באמת ווידערהאָלט פֿאַר זיינע אויגען:—

ס'איז געווען אַ פֿייכט-קאַלטער אָבענד, אַרום האַלבע נאַכט. די שטאָדט איז געווען איינגעוויקעלט אין נעבעל און רויך אַזוי ווי אין אַן אונדורכזיכטיגען שלייער. ער איז אַריבערגעקומען אַהער, כדי צו געבען איינצעלנע פֿון די היימלאָזע אונגליקליכע מענשען עטליכע קופּער-שטיקלאַך, וועלכע זיי האָבען געדאַרפֿט אויף צו בעצאָהלען פֿאַר אַ געלעגער ערגעץ-וואו אין אַ לאָדזשינג הויז, אָנשטאָט צו פֿערבריינגען די נאַכט אין דער ביטערער קעלט. אַז ער איז אַרונטער דיזע טרעפּ,—דער טונעל איז געווען פֿול מיט מענשען, וועלכע האָבען דורכגעמאַכט אַלע שטופֿען פֿון עלענד ביז וואַנען זיי זיינען געקומען אַהער, צו דער לעצטער מדרגה,—האָט ער דערזעהן פֿאַר זיך אַ געזיכט, וואָס ער האָט זייט דאַן קיינמאָל ניט פֿערגעסען: אַ פֿרויען-געזיכט פֿול מיט קרעץ און מיט בלוטיגע געשווירען. ביי דער ברוסט האָט זי געהאַלטען אַ וויג-קינד און ביי דער האַנד האָט זי נאָכגעשלעפּט נאָך זיך אַ פֿערצעהן יעהריג מיידעל; אַ דריט קינד, אַ אינגעל, האָט זיך געהאַלטען פֿעסט אָן איהר קלייד.

„צוויי שילינג בלויז, דזשענטעלמאַן — בלויז צוויי

שילינג". ער האָט זיך אָבגעשטעלט, כדי זיך נאָכצופרעגען וואָס זי וויל.

„צוויי שילינג בלויז — זי איז נאָך אַזוי יונג, אָבער זי וועט טהאָן אַלץ, וואָס איהר ווילט—" און דערביי האָט זי אַ ציה געטהאָן צו זיך דאָס מיידעל, וואָס האָט זיך ציטערנדיג און וויינענדיג אָבגעקעהרט אָן אַ זייט.

אַ שוידער איז איהם אַריבער איבער'ן לייב. אָבער די בעטענדע און יאָמערנדע שטימע פון דער פרוי האָט זיך געלאָזט הערען ווייטער.

„איך בעט אייך, נעהמט זי מיט מיט אייך. אַז איהר וועט עס ניט טהאָן, וועלען מיר מוזען שלאָפען אויף דרויסען — בלויז צוויי שילינג, דזשענטעלמאַן, בלויז צוויי שילינג, קוקט זי נאָר אָן, זי איז אַזוי שעהן." און ווידער אַמאָל האָט זי אַ ריס געטהאָן דאָס קינד צו זיך.

אָבאַן האָט דערפיהלט, עפּעס אַזוי ווי אַ טויט־שרעק וואָלט איבער איהם געקומען. אונבעוואוסט און אונפעהיג אַ וואָרט אויסצוריידען, האָט ער זיך אומגערעהט אַוועקצוגעהן.

אָבער ער האָט נאָך קיין טראָט ניט געטהאָן, ווי די פרוי האָט זיך פלוצלינג מיט אַ געשריי אַנידערגעוואָרפען פאַר איהם אויף דער ערד, האָט אָבגעלאָזט דאָס מיידעל און זיך פעסט אָנגעטשעפעט אָן איהם.

„געהט ניט אַוועק! געהט ניט אַוועק!" האָט זי געשריען מיט אַ מורא'דיגער פערצווייפלונג. „אַז איהר טהוט עס ניט, מוזען מיר אויסגעהן פאַר הונגער — נעהמט זי מיט מיט אייך — אַהער וועט שוין קיינער מעהר ניט קומען, און אויף'ן סטרענד טהאָרען מיר ניט, — טהוט עס פאָרט — טהוט עס פאָרט!"

נאָר אַז ער האָט זיך, גאָר ניט ווילענדיג, אומגעקוקט, איז זי פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען, אויסער זיך פאַר שרעק.

„רופט ניט קיין פּאָליסמאַן! ניין, רופט ניט קיין פּאָליסמאַן!" האָט זי זיך געבעטען. איצט, ווען זי איז אויפגעשטאַנען, איז אָבאַן געקומען צו זיך. ניט אויסרײדענדיג קיין וואָרט, האָט ער אַרײנגעשטעקט די האַנד אין טאַש און האָט איהר געגעבען אַזויפיעל געלד וויפיעל ער האָט אַרויסגענומען פון דאָרט.

די פרוי האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי פון פרייד. ווידער אַמאָל האָט זי אָנגענומען דאָס מיידעל ביים אָרים און עס פאָרגעשטעלט פאַר איהם.

„זי וועט געהן מיט אייך, דזשענטעלמאַן, — זי וועט טהאָן אַלץ, וואָס איהר ווילט," — האָט זי שעפּטשענדיג געזאָגט. אָבאַן האָט זיך אָבגעקעהרט און איז אַוועק אַזוי שנעל ווי מעגליך דורך די שורות פון שלאָפענדע און שכור'ע צום אַרויסגאַנג; קיינער האָט די סצענע ניט בעמערקט.

אַז ער איז געווען אויף דרויסען, אין סטרענד, האָט ער געפיהלט, ווי זיין האַרץ האָט געקלאַפּט און זיינע הענד האָבען געציטערט.

אַכט טאָג נאָך דער דאָזיגער פּאַסירונג האָט ער אָבענד פאַר אָבענד אַרומגעזוכט אין טונעל פון טשערינג קראָס און אין דער גאַנצער אומגעגענד די פרוי מיט איהרע קינדער, נאָר אומזיסט; ער האָט זיי מעהר ניט געקענט געפינען. ביי דעם מיידעל אין די אויגען איז געלעגען עפּעס, וואָס האָט איהם שטאַרק בעאונרוהיגט. נאָר דער אויגענבליק איז געווען צו קורץ, ער זאָל קענען דערקענען, וואָס אָט דער אָבגרונד פון פּחד און עלענד האָט אין זיך פערבאָרגען — —

דאַן האָט ער די דאָזיגע איינציגע סצענע פערגעסען, צוליעב דעם מורא'דיגען עלענד און נויטה, וואָס ער האָט בעגעגענט טאָג טעגליך; און טאָג פאַר טאָג האָט ער פון דאָס ניי געזעהן אויף די גאַסען די קינדער פון די אָרימע און הונגעריגע. — קינדער פון דרייצעהן און פערצעהן יאָהר — ווי זיי באָטען זיך אָן — און ער איז געווען אונ־פעהיג צו העלפען.

אויף ווע‏מען איז מעהר רחמנות, אויף דער מוטער אָדער די קינדער? ווי גרויס האָט געמוזט זיין די נויטה, זוי מאוים'דיג די פערצווייפלונג, ווי וואַהנזיניג דער הונגער פון ביידען? אָבער מיט עקעל רעדט די פרוי פון דער בורזשואַזיע מכח דער „טייפלישער מוטער" און דעם „פערדאָרבענעם קינד", — זי, די היפאָקריטקע, וועלכע זואָלט, אונטער דער אייזערנער האַנד פון דעם זעלבען עלענד, געגאַנגען פונקט אויף דעם זעלבען וועג. — —

מיטלייד! דער עקעלהאַפטעסטער פון אונזערע ליגענס! אונזער צייט ווייסט נור פון אונגערעכטיגקייט. אָרים זיין איז היינט צו טאָג דאָס גרעסטע פערברעכען. אַלזאָ גוט. אַלץ גיבער מוזען די מענשען אַנערקענען, אַז די איינציגע רעטונג בעשטעהט אין דעם, אָבצושאַפען דאָס דאָזיגע פערברעכען.

„די וואַהנזיניגע", האָט אָבאַן געמורמעלט פאַר זיך — „זיי זעהען אַלע ניט, וואוהין מיטלייד און ליעבע האָבען אונז געבראַכט—." זיינע אויגען זיינען געווען פערוואָלקענט, פערשלייערט, אַזוי ווי פון דער עראינערונג אָן די קעמפפע, וואָס די דאָזיגע איבערצייגונג האָט איהם געקאָסט.

ווי דייטליך איהם האָט זיך היינט אָבענד, דורכגע־הענדיג דורך'ן טונעל, אָבגעדוכט, אַז ער הערט ווידער אַמאָל די קלאָגענדע, פערצווייפעלטע שטימע פון דער פרוי

און איהרע דרינגענדע ווערטער: “Do it! do it!” (טהוט עס פֿאָרט! טהוט עס פֿאָרט!) און פֿון דער מרה שחורה׳־דיגער דונקעלהייט אין טונעל זיינען פֿאַר איהם ווידער אַרויפֿגעשוואומען די שרעקעדיגע, קראַנקהאַפֿטע אויגען פֿון׳ם קינד.

ער האָט זיך אומגעקעהרט און איז איבער אַ נייעם דורכגעגאַנגען דעם טונעל. נאָר איידער ער איז אַרוים אויף׳ן סטרענד, האָט ער זיך פֿערקירעוועט אין איינע פֿון די זייטען־גאַסען, וועלכע ציהען זיך אַרונטער צו דער טעמזע. ער האָט זיי אַלע געקענט: — אָט די גאַסען, אָט די ווינקלען, אָט די דורכגענג: דאָ איז געשטאַנען דער גראָער, מרה־שחורה׳דיגער הינטערשטער טהייל פֿון׳ם טהעאַטער, וועמעס פֿאָדערשטע זייט האָט אויסגעגאָסען אַ ים מיט ליכט אויף׳ן סטרענד; און יענער שמאָלער, דריי־גאָרען־דיגער בנין מיט די בלינדע פֿענסטער איז געוועזן איינס פֿון יענע בעקאַנטע לאָרזשי־הייזער, הינטער וועמעס ווענד עס האָבען זיך נאַכט פֿאַר נאַכט אָבגעשפּיעלט אַזעלכע סצע־נען פֿון אויסגעלאַסענהייט, וואָס די פֿערדאָרבענסטע מענש־ליכע פֿאַנטאַזיע קען זיך דאָס גאָרניט פֿאָרשטעלען. דאָ האָט נאָך געוואוינט דאָס עלענד, די נויטה, און אין יענער צווייטער שטילער גאַס שוין דער וואוילטאָג, דאָס רייכ־טהום — און אַזוי האָבען זיך ביידע דורכגעמישט איינס אין דאָס אַנדערע ביז צו דער קליינער קירכע פֿון סאַוואָי אין מיטען פֿון איהרע נאַקעטע בוימער — און ביז צו די גרויסאַרטיגע, פֿערשלאָסענע געביידען פֿון דעם „טעמפעל” מיט זיינע הערליכע גאָרטענס...

אָבאַן האָט אַלצדינג געקענט: זאָגאַר דעם אייביג־ליידיגען ברייטען, געוועלבטען דורכגאַנג, וועלכער האָט אונטער די גאַסען אַראָבגעפֿיהרט צו די עמביינקמענטס, און

זואו עס איז געווען אַזוי פוסט, אַזוי געהיימניספול-שטיל, אַז דאָס סטרענד-לעבען האָט דאָרט אָבגעקלונגען ווי דער ווייטער געריוש פון אַן אימער לעבטע און אימער ערשטע כוואַליע אויף דעם וויסטען זאַמד-ברעג...

די קעלט איז וואָס ווייטער אַלץ שאַרפער געוואָרען און האָט זיך גענומען איינעסען אין די ביינער. אָבאַן האָט אָנגעהויבען מיעד ווערן און ער האָט געוואָלט געהן אַהיים. ער האָט זיך פערקירעוועט צום סטרענד.

דער „סטרענד"! פערבינדענדיג דעם וועסט ענד און די סיטי איז ער געלעגען פאַר איהם, בעלויכטען פון די טויזענדער ליכט פון זיינע מאַגאַזינען, פערפלייצט פון אַ מענשען-כוואַליע, וועלכע שטעלט זיך קיינמאָל ניט אָב און שעפט זיך קיינמאָל ניט אויס: צוויי געטהיילטע שטראָמען, איינער אַרויף צו דער סיינט פאול'ס קירכע, דער אַנדערער אַרונטער צו טשערינג קראָס. צווישעןביידע דער רוישענדער מיש-מאַש פון אַ פערקעהר, וואָס נעהמט גאָר קיין סוף ניט: איין „באָס" נאָך דער אַנדערער, בעזעעט מיט פערשיעדענ-פאַרביגע רעקלאַמעס, אָנגעלאָדען מיט מענשען; איין „הענסאָם" נאָך'ן צווייטען, לייכט, זיך יאָגענדיג אויף די צוויי רעדער; גרויסע, שווערע פוהרען; רויטע, צוגעמאַכטע פאָסט-וועגען; שטאַרקע, ברייטע פיער-רעדערדיגע קאַרעטעס; און צווישען דעם אַלעמען שנעל-לויפענדע בייסיקעלס, וועלכע זעהען זיך קוים אָן אין דער דונקעלער מאַסע...

די איסט ענד איז די אַרבייט און די אָרימקייט, צוגעקייטעלט איינס צום אַנדערן דורך דעם פלוך פון אונזער צייט: די קנעכטשאַפט; די סיטי איז דער פראָצענטניק, וועלכער פערקויפט די אַרבייט און נעהמט זיך צו דעם פראָפיט; די וועסט ענד איז דער עלעגאַנטער ליידיג-געהער,

וועלכער פֿערצעהרט זי. דער „סטרענד" איז איינע פֿון די אויפֿגעלאָפֿענע אָדערן, דורך וועלכע דאָס צו געלד געוואָרענע בלוט פֿליסט; ער איז דער קאָנקורענט פֿון אָקספֿאָרד סטריט און לאָזט זיך ניט בעזיעגען פֿון איהר. ער איז דאָס האַרץ פֿון לאָנדאָן. ער טראָגט אַ נאָמען, וואָס די וועלט קען. ער איז איינע פֿון די גאַסען, וואו דו זעהסט מענשען פֿון אַלע שטאָדט־טהיילען: דער אָרימאַן קומט אַהער מיט זיינע טראַנטעס און דער רייכער מיט זיינע זיידענע מלבושים. אַז דו עפֿענסט נור דיין אויער, קענסט דו הערען שפּראַכען פֿון דער גאַנצער וועלט: די רעסטאָראַנען האָבען איטאַליענישע בעלי בתים און זייערע קעלנער ריידען מיט דיר פֿראַנצויזיש; פֿון די פּראָסטיטוטקעס זיינען מעהר ווי די העלפֿט דייטשע, וואָס אָדער זיי געהען דאָ אונטער, אָדער זיי מאַכען אַזויפֿיעל געלד, אַז זיי קענען פֿאָהרען צוריק אַהיים אין זייער פֿאָטערלאַנד און ווערן דאָרט „אַנשטענדיג".

אויף'ן סטרענד ליגען די גרויסע געריכטס־הייזער, און מען ווייסט פּשוט ניט, צי האָט מען פֿאַר זיך אַקטיאָרען אָדער משוגעים, ווען מען זעהט די ריכטער אין זייערע לאַנגע מאַנטלען און זייערע ווייס־געפּודערטע פּאַריקען מיט ד ציערליך־מאַניערליכע צעפּ—אַלע אויסערליכע עהרע צייכענס פֿון אַ פּוסטע קאָמעדיע, וואָס יעדער פֿערניפֿטיגער מענש פּערשפּאָטעט און פֿעראַכטעט ביי זיך אין האַרצען, און אין וועלכער יעדער איינער שפּיעלט פֿונדעסטוועגען מיט, ווען ער ווערט דערצו איינגעלאַדען. דער סטרענד פֿעראייניגט אין זיך אַ מורא'דיגע צאָהל פֿון אַמטען, פֿון וועלכע דו האָסט קיינמאָל אין דיין לעבען ניט געהערט; און דער סטרענד האָט זיינע טהעאַטערע, מעהר טהעאַטערע, איידער יואָס פֿאַר עס איז גאַס אין דער וועלט.

אַזוי איז דער סטרענד דער ערשטער אָרט, וואו דער

פֿרעמדער פֿאַלט אַריין, אָנקומענדיג מיט דער באַהן אויף טשערינג קראָס און ווערענדיג ענטטוישט פֿון די איינגע, צונויפֿגעפּרעסטע הייזער, וועלכע ער געהט פֿערביי; און אַזוי וועט ער אויך זיין דער לעצטער אָרט זיינער, ווען ער וועט פֿערלאָזען לאָנדאָן.

אָבאַן האָט זיך אונטערגעטונקט אין דעם ים מיט מענשען. איצט, ווען ער איז פֿערבייגעגאַנגען דעם „אדעלפֿי״ טהעאַטער און דאָס עלעקטרישע ליכט האָט בעגאָסען די גאָס מיט זיין העל־ווייסען שיין, האָט מען געקענט זעהן, אַז ער הינקט צו אַביסעל. ס'איז כמעט ניט געווען צו בעמערקען, ווען ער איז געגאַנגען גיך, נאָר אַז ער האָט גענומען מאַכען לאַנגזאַמע טריט, האָט מען געזעהן, ווי ער שלעפּט נאָך זיך דעם לינקען פֿוס און שפּאַרט זיך פֿעסט אָן אויף זיין שטעקען.

ביי דעם וואָקזאַל פֿון טשערינג קראָס איז געוואָרען אַ מורא'דיגע איינגשאַפּט. אָבאַן האָט זיך אויף עטליכע אוי־גענבליקען אָבגעשטעלט ביי איינעם פֿון די טויערן. דער אַריינגאַנג פֿון וויליערס סטריט, וועלכע ער איז מיט אַ ווייַלע צוריק פֿערבייגעגאַנגען, איז געווען בעלאַגערט פֿון בלומען־פֿערקויפֿערינען, וועלכע זיינען טהיילווייז געשטאַנען מיעד און פֿערצווייפֿעלט הינטער זייערע קערב, און טהייל־ווייז געזוכט איינצורײַדען די פֿערבייגעהער, זיי זאָלען ביי זיי אָבקויפֿען זייערע אָרעמע בלומען־בינטלאַך, שרייענדיג אָהן אַן אויפֿהער: „אַ פּעני אַ בינטעל!״ אַ פּאָליסמאַן האָט איינע פֿון זיי אָבגעטריבען צוריק; זי האָט געסמייעט אַרויפֿ־שטעלען אַ פֿוס אויף'ן ברוק, און זיי טהאָרען ניט אַריבער־געהן מיט קיין איין טריט דעם גרענעץ פֿון דער זייטען־גאָס. די מורא'דיגע קולות פֿון די צייטונגס־אינגלאַך, וועלכע האָבען געוואָלט פּטור ווערן פֿון זייערע לעצטע „ספּעשיאַל

עדישיאָנס", כדי זיך נאָך צו קענען אַריינכאַפּען אין „גאַטטי'ס הונגערפאָרד פּעלעס" און בעגריסען דעם „אונפערגלייכלי־כען" טשאַרלי קאָבאָרן אין זיין „טו לאָוולי בלעק איים",— אָט די געשרייען וואָלטען געווען אונערטרעגליך, ווען דער גערויש פון די וועגען אויף די שטיינער פון דעם וואָקזאַל און דאָס הייזעריגע רופען פון די אָמניבוס־קאָנדוקטאָרען וואָלטען זיי ניט אַריבערגעשטיגען.

מיט דער זיכערהייט פון אַ געניטען מענשען, וועלכער איז צוגעוועהנט צו דעם גאַסען־לעבען פון דער גרויסער שטאָדט, האָט זיך אָבאַן בענוצט מיט דער ערשטער רגע, ווען די שורות פון וועגען האָבען געלאָזט אַ קליינעם דורכגאַנג, און ער האָט זיך אַריבערגעכאַפּט אויף דער אַנדער זייט. ער איז פערבייגעגאַנגען די סיינט מאַרטין'ס קירכע, האָט געוואָרפען אַ בליק אויף דעם טויטען־שטילען „טראַפאַלגאַר סקוועך", דורכגעשניטען די איינגע און דונ־קעלע גרין סטריט, זיך ניט אומקוקענדיג צו דעם קעבמאַן, וועלכער האָט איהם צוגערופען און איהם געלאָזט וויסען, אַז ער האָט איהם „וואָס עס איז צו זאָגען" — וואָס עס איז מכח אַ „יונגער דאַמע"; און אין דריי מינוטען אַרום האָט ער זיך געפונען ביי די בעלייכטעטע אַריינגענג פון דער „אַלהאַמבראַ", וואו פערשפּעטיגטע בעזוכער זיינען געשטאַנען און געוואַרט, מיט דער האָפנונג, אַז זיי וועלען נאָך קריגען אַ פּלאַץ צום שטעהן אין דעם אָנגעפילטען הויז. אָבאַן איז זיך גלייכגילטיג פערבייגעגאַנגען, ניט אַ קוק טהאָנדיג זאָגאַר אויף די גלאַנציגע פּאָרטרעטען פון די טענצערקעס — די רעקלאַמעס פון דעם נייעם געוואַלדיגען באַלעט „אַלדושעריאַ", וואָס האַלב לאָנדאָן איז איהם גע־לאָפען זעהן.

דער גאָרטען אין מיטען לעסטער סקוועך איז געלעגען

איינגעהילט אין פֿינסטערניש. שעקספּיר׳ס סטאַטוע האָט זיך כמעט ניט אַרויסגעזעהן דורך די שטראַכטען. “There is no darkness but ignorance” (ניטאָ קיין פֿינ-סטערניש נאָר אונוויסענהייט)—איז דאָרט געשטאַנען. ווער האָט עס דען געלייענט?...

אויף דער צפֿון-זייט פֿון דעם סקווער האָט געהערשט אַ פֿרעהליכעס לעבען. אָבאַן האָט זיך געמוזט דורכשפּאַרען דורך גאַנצע מחנות פֿון פֿראַנצויזישע פּראָסטיטוטקעס, וועמעס געלעכטערס, געשרייען און קללות האָבען אַריבערגעשטיגען יעדען גערויש. זייערע שווערע און געשמאַקלאָזע קליידער, זייערע חוצפּה׳דיגע העזיות, זייערע אונאויפֿהערליכע בי־טעס: — „שערי, שערי —” (טייערער, טייערער), מיט וועלכע זיי האָבען זיך אַ וואָרף געטהאָן אויף יעדען פֿער־ביילויפֿענדען, — דאָס אַלעס האָט איהם דערמאָנט אָן די נאַכט-שטונדען אויף די אויסערליכע בולוואַרען פֿון פּאַריז.

איבעראַל האָט איהם זיין צייט עפּעס אַזוי ווי געוויזען די עקעלהאַפֿטסטע זייט פֿון איהר געזיכט.

פֿאָראויס פֿאַר איהם זיינען געגאַנגען צוויי יונגע ענגלענדערקעס. זיי זיינען קוים געווען עלטער ווי זעכצעהן יאָהר. זייערע צושויבערטע און נאַסע האָר האָבען אַרונ־טערגעהאַנגען איבער׳ן נאַקען. אַז זיי האָבען זיך אומגע־דרעהט, האָט ער אין זייערע מיעדע, בלאַסע געזיכטס-ציגע דערקענט, אַז זיי האָבען שוין דאָ אַזוי אַרומגעוואַנדערט אַ היבשע צייט — אַלץ דיזעלבע קורצע שטרעקע, אָבענד פֿאַר אָבענד—; ביים עק פֿון אַ גאַס איז געשטאַנען אַ דייטשע פֿרוי און מיט אַ קעלנער אויסשפּראַכע האָט זי הויך אויף׳ן קול — אַלע דייטשען שרייען אין לאָנדאָן — גערעדט מיט איהרע אַ חבר׳טע; זי האָט איהר דערצעהלט, אַז זי האָט שוין זייט דריי טעג קיין קאָפּ וואַרעמס ניט געהאַט

אין מויל און שוין אַ טאָג אַז זי האָט איבערהויפט גאָרנישט געגעסען: די געשעפטען ווערן אַלץ ערגער און ערגער. און ביים צווייטען ווינקעל איז ענטשטאַנען אַ צוזאַמענלויף פון מענשען, וואו אָבאַן איז ניט ווילענדיג אַריינגעריסען געוואָרען און ער האָט געמוזט צוזעהן די סצענע, וועלכע האָט זיך אָבגעשפיעלט: אַן אַלטיטשקע, וועלכע האָט פערקויפט שוועבעלאַך, האָט זיך געקריגט מיט איינער פון די גאַסען־פרויען. זיי האָבען געליאַרעמט איינע אויף די אַנדערע. „נאַ" — האָט די אַלטע מיט אַמאָל אַ געשריי געטהאָן און אָנגעשפיגען דער צווייטער אין געזיכט אַריין, אָבער אין דערזעלבער רגע האָט זי פון יענער געקראָגען צוריק אַ שפיי. אַן אויגענבליק זיינען זיי ביידע געבליבען שטעהן און קיין וואָרט ניט געקענט אויסריידען פאַר כעס. מיט ציטערענדע הענד האָט די אַלטע אַריינגעשטעקט איהרע שאַכטלאַך שוועבעלאַך אין קעשענע. דאַן האָבען זיי זיך אַ לאָז געטהאָן איינע אויף די אַנדערע מיט די נעגעל אין די אויגען, און בעת ווען דער עולם האָט געשריען און געליאַרעמט פון צופריעדענהייט, האָבען זיך די צוויי פרויען געקאַטשעט אויף דער ערד און זיך אַרומגעריסען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען איינער פון די צושויער האָט זיי פונאַנדערגעריסען. דאַן האָבען זיי אויפגעהויבען זייערע זאַכען פון דער ערד — די איינע איהר צובראָכענעם שירם און די אַנדערע איהר טראַנטעוואַטען הוט — און דער עולם האָט זיך לאַכענדיג פונאַנדערגעשפרייט אין אַלע זייטען.

אָבאַן האָט זיך געלאָזט געהן ווייטער, צו פיקאַדילי צירקוס. אָט די סצענע — איינע פון טויזענדער — וואָס איז זי דען אַנדערש געווען ווי אַ נייער בעוויז, אַז די מעטהאָדע אויפצוהאַלטען דאָס פאָלק אין רויקייט און

אונוויסענהייט, כדי דערנאָך צו קענען ריידען מכח דעם „מאָב” און זיין געזונקענהייט, — אַז דיזע מעטהאָדע איז נאָך אַלץ אַן אויסגעצייכענטע?

מיוזיק-האָלס און פּיטס — זיי פּילען אויס די פּאָר פרייע שטונדען פון די אָרעמערע קלאַסען אין ענגלאַנד; אום זונטאָג תפלות און הייליגע דרשות—: אויסגעצייכענטע מיטלען געגען „דעם געפּעהרליכען איבעל פון דער צייט” — די ערוואַכונג פון'ם פאָלק צו גייסטיגער זעלבסט-טהעטיג־קייט.

אָבאַן האָט ניט ווילענדיג א שטאַרקען זעץ געטהאָן מיט'ן שטעקען אָן דער ערד.

דער סקווער, וואָס ער האָט נאָר וואָס פערלאָזען, פּיקאַדילי און רידזשענט סטריט — זיי זיינען אָבענד פאַר אָבענד און נאַכט פאַר נאַכט די קאָכינגסטע און געדיכ־טעסטע מערק פון לעבעדיג פלייש פאַר לאָנדאָן. אַהערצו וואַרפט די נויטה פון דער וועלט-שטאָדט, אונטערשטיצט פון די „ציוויליזירטע” שטאַאַטען פון אייראָפּאַ, אַזאַ גע־וואַלדיגע מאַסע פון „וואַארע”, אַז דאָס שטייגט זאָגאַר אַריבער די גרעסטע נאָכפראַגע. פון אָנהויב אָבענד ביז בענינען צו טאָג בעהערשט די פראָסטיטוציאָן דאָס לעבען פון דיזע צענטראַל-פונקטען, און עס זעהט אויס, עפּעס אַזוי ווי זי וואָלט געווען דער אַקס, אַרום וועלכען דער גאַנצער פערקעהר דרעהט זיך.

ווי וואונדערליך בעקוועם זיי מאַכען זיך דאָס אַביסעל, די הערלן פיהרער פון אונזער עפענטליכען לעבען! — האָט זיך אָבאַן געטראַכט. דאָרט וואו זייער פערנונפט בלייבט שטעקען און קען ניט געהן ווייטער, האָבען זיי גלייך א תירוץ: ס'איז אַ נויטווענדיגער איבעל. די אָרימ־קייט — א נויטווענדיגער איבעל; די פראָסטיטוציאָן — אַ

נויטוועגדיגער איבעל. און דאָך איז ניטאָ קיין ווייניגער נויטוועגדיגער און גרעסערער איבעל ווי זיי אַליין! זיי זיינען עס, וועלכע ווילען אַלעס איינאָרדנען און בריינגען אַלעס אין אונאָרדנונג; ווילען אַלעס פיהרען און פיהרען אַלעס אַראָב פון דעם נאַטירליכען וועג; ווילען אַלעס ער־דרייכען און שטערען יעטוועדע ענטוויקלונג... זיי לאָזען זיך שרייבען דיקע ביכער, ס'איז אימער אַזוי געוועזען, און ס'מוז אימער אַזוי זיין, און כדי פאָרט עפּעס צו טהאָן, לפנים וויינינגסטענס, גיבען זיי זיך אָב מיט „רעפאָרם־אַרבייט". און וואָס מעהר זיי רעפאָרמירען, אַלץ ערגער ווערט עס אַרום און אַרום. זיי זעהען עס, נאָר זיי ווילען עס ניט זעהן; זיי ווייסען עס, נאָר זיי טהאָרען עס ניט וויסען! פאַרוואָס? ווייל זיי וואָלטען דאָך דאַן געוואָרן נוצלאָז — און היינט צוטאָג מוז זיך יעדער איינער מאַכען ניצליך. „פערפיהרטע פערפיהרער! פון דעם ערשטען ביז צום לעצטען," האָט אָבאַן זיך געזאָגט לאַבענדיג; און עס איז שוין כמעט ניט געלעגען מעהר קיין ביטערקייט אין זיין געלעכטער.

אָבער אָט דער מאַן, וועלכער האָט געוואוסט, אַז אויף דער ערד איז קיינמאָל און אין ערגעץ קיין גערעכ־טיגקייט ניט געוועזען, און וועלכער האָט פעראַכטעט די הימלישע גערעכטיגקייט אַלס אַ בעוואוסטען ליגען פון די פערקויפטע פריסטער, — דיזער מאַן האָט יעדעס מאָל, וואָס ער האָט נור אַריינגעלייגט זיין האַנד אין דער איי־טערדיגער וואונד פון דער פראָסטיטוציאָן, מיט אַ שוידער געפיהלט, אַז דאָ איז דאָך פאַרהאַן אַ וועג, אויף וועלכען אַ פוילע גערעכטיגקייט קריכט לאַנגזאַם, אונענדליך לאַנג־זאַם אַרויף פון די ליידענדע צו די לעבע־מענשען.

וואָס איז פאַר דעם רייכען דאָס פאָלק—דאָס פאָלק,

וואָס „דאַרף ניט גוט בעהאַנדעלט ווערן", כדי עס זאָל זיך ניט איבערנעהמען און ווערן צו שטאָלץ ביי זיך? מענשען מיט גלייכע רעכטע, מיט גלייכע פאָדערונגען פון'ם לעבען, ווי זיי אַליין? נאַרישע קינדערייען! אַן אַרבייטס־מאַשין, אויף וועלכע מען מוז אַכטונג געבען, כדי זי זאָל קענען טהאָן איהר אַרבייט; ווייטער גאָרנישט. און אָבאַן'ן איז אַרויף אויף'ן זינען דער פערז פון אַן ענגלישען ליעד: „אונזערע זיהן דיענען זיי בייטאָג, אונזערע טעכטער דיענען זיי ביינאַכט — —"

זייערע זיהן — גוט גענוג צו דער אַרבייט. נאָר פון ווייטענס — פון ווייטענס. אַ דריק טהאָן די האַנד, וועלכע אַרבייט פאַר זיי? אַרבייט איז זייער פליכט. און די דאָזיגע הענד זיינען אַזוי שמוציג — פון דער אַרבייט פון אַן איי־ביג־דויערנדען טאָג.

זייערע טעכטער — גוט גענוג, אַלס אָבצוגס־קאַנאַל פאַר דעם מוטנעם, שמוציגען שטראָם פון זייערע תאוות, וועלכער וואָלט זיך נאָך חלילה געקענט פונאַנדערגיסען איבער די אונבעפלעקטע און ריינ־געהאַלטענע זעעלען פון די אייגענע מאַמעס און טעכטער. זייערע טעכטער ביינאַכט! וואָס קויפט דאָס געלד דען ניט פון דעם הונגער און פון דער פערצווייפלונג?!

אָבער דאָ — דאָ אַליין! — ציהט די געאָפּפערטע אַריין איהרע מערדער אין דעם וויבער פון זייער אויסגע־לאַסענהייט.

ווי אַ דונקעלע, סטראַשענדע כמאַרע שפּרייט זיך אויס איבער אונזער גאַנצען געשלעכטליכען לעבען אַ מאַסע פון מורא'דיגע קראַנקהייטען, וואָס ביי זייער נאָמען ווערט פערציטערט יעדער איינער, וואָס הערט זיי נור, וואָרים קיינער פון זיי איז ניט זיכער. און פונקט ווי עס האָט שוין

דורכגעפרעסען אַ געוואַלדיגען טהייל פון דער יוגענד פון אונזער צייט, אַזוי שטעהט עס שוין, אַזוי ווי די ערפילונג פון אַן ניט-אויסגעשפּראָכענע קללה, איבער אַ דור, וואָס האָט נאָך ניט ערוואַכט פון שלאָף.

אָבאַן איז געצוואונגען געווען אויפהויבען דעם קאָפּ און אַ קוק טהאָן פאַר זיך. פון דעם רעסטאָראַן פון „לאָנדאָן פּאַוויליאָן", וואו די גאַז-פלאַמען האָבען אַריבער־געוואָרפען זייערע ליכט-שטראָמען איבער דעם „פּיקאַדילי צירקוס", האָט זיך אַרויסגעשאָטען אַ מחנה יונגע לייט פון דער „גליקליכער, גאָלדענער יוגענד". אויף זייערע גייסט־לאָזע, ברוטאַל-פערלעבטע געזיכטער איז געשטאַנען זייער גאַנצע בעשעפטיגונג בולט און דייטליך גענוג: ספּאָרט, ווייבער און פערד. זיי זיינען נאַטירליך געגאַנגען אָנגעטהאָן אין „פול דרעסס": אָבער די צילינדער-הוט זיינען געווען איינגעדריקט און פון די שוואַרצע פראַק האָבען אַרויסגע־קוקט צוקנייטשטע העמדער, איינגעריכט פון וויסקי און ציגאַרען-אַש. מיט אַ גראָבען געלעכטער און צינישע גע־שרייען האָבען די איינע זיך אַרומגעשטעלט אַרום עטליכע רייכע קאָקעטקעס, אין דער צייט וואָס די אַנדערע האָבען צוגערופען „הענסאָמס"; די פרויען צימער, וועלכע האָבען זיך כלומר'שט געוועהרט, זיינען אַריינגעשפּאַרט געוואָרען אינעווייניג און דער געזאַנג פון די שכורים איז אָבגע־שטאָרבען אין דעם גערויש פון די לויפענדע וועגען.

אָבאַן האָט געוואָרפען אַ בליק איבער דעם גאַנצען פלאַץ. דאָרט פאַר איהם — אַרונטער מיט „פּיקאַדילי" — האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ וועלט פון רייכטהום און פון וואוילטאָג: די וועלט פון די אַריסטאָקראַטישע פּאַלאַצען און פון די גרויסע קלובס, פון די לוקסוס-מאַגאַזינען און פון דער מאָדע-קונסט — דאָס גאַנצע אָבגעפרעסענע, זאַטע און

פֿערדאָרבענע לעבען פֿון דער „גרויסער וועלט"... דאָס פֿאַלשע לעבען, וואָס גלאַנצט נור לפנים...

דער בליץ פֿון דער קומענדער רעוואָלוציאָן מוז צו ערשט דאָ איינברעכען. ס'קען גאָר אַנדערש ניט זיין...

אַז אָבאַן איז אַריבערגעגאַנגען אויף דער אַנדער זייט גאַס, האָט זיך איהם געוואָרפֿען אין די אויגען די אָבגעריסענע געשטאַלט פֿון אַן אַלטען מאַן, וועלכער האָט פֿלייסיג אָבגערייניגט די שטיק גאַס פֿון די שפּורען, וואָס די וועגען און די פֿערד האָבען אַלע ווײַלע פֿערבייפֿאָהרענדיג איבערגעלאָזט; און יעדעס מאָל, ווען זיין בעזים האָט געטהאָן די אַרבייט, האָט דער אַלטער מיט עניוות געוואַרט אויף די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די, וועמעס פֿיס ער האָט אָבגעהיט פֿון שמוץ. און אָבאַן האָט געקראָגען אַ חשק צו זעהן, וויפֿיעל מענשען עס וועלען איבערהויפּט זיך אומקוקען אויף דיזע לייסטונג. ער האָט זיך אויף פֿינף מינוטען צייט אָנגעשפּאַרט אָן דעם לאַמטערנען־שטאַנג, לעבען דעם רעסטאָראַן פֿון „ספּיערס און פּאָנדס" ביים „קריטעריאָן", און האָט געקוקט אויף דער אונערמיעדליכער אַרבייט פֿון דעם אַלטען. אין די דאָזיגע פֿינף מינוטען זיינען פֿערבייגעגאַנגען אַן ערך דריי הונדערט פּערזאָנען די גאַס, און אַלע מיט טרוקענע פֿיס. דעם אַלטען האָט קיינער אפילו ניט בעמערקט.

„אָט אַפּנים איהר מאַכט ניט קיין גוטע געשעפֿטען?" האָט ער איהם אַ פֿרעג געטהאָן, בעת ער איז צוגעקומען נעהנטער צו איהם.

דער אַלטער האָט אַריינגעלייגט די האַנד אין דער טאַש פֿון זיין טראַנטעוואַטען ראָק און האָט איהם געוויזען פֿיער קופּערנע מטבעות.

„דאָס איז אַלעס אין דריי שטונדען."

„דאָס איז ניט גענוג פֿאַר אייער נאַכטלעגער,"—האָט

זיך אָבגערופען אָבאַן און האָט איהם צוגעלייגט אַ זעקס-פענס-שטיק.

און דער אַלטער האָט איהם נאָכגעקוקט, ווי ער איז זיך געגאַנגען מיט לאַנגזאַמע טריט ווייטער איבער'ן פּלאַץ.

הינטער אָבאַן'ן זיינען פערזונקען די ליכט פון דעם פּלאַץ, די העלע גלייכמעסיגע הייזער פון רידזשענט סטריט; און בעת ווען די ברייטקייט הינטער איהם איז וואָס ווייטער אַלץ שמעלער געוואָרען און דער ברויזענדער ליאַרם האָט זיך פערלאָרען, האָט ער געשפּאַנט אַלץ ווייטער און ווייטער אַריין אין דעם דונקעלען, געהיימניספולען גאַסען-פּלאָנטער פון „סאָהאָ"...

* * *

אין דערזעלבע שטונדע — ס'איז געווען קרוב צו ניין אַזייגער — איז פון מזרח זייט, פון „דרורי ליין" צו „וואָרדער סטריט" צו, אָנגעקומען אַ מאַן, אַן ערך פערציג יאָהר אַלט, אָנגעטהאָן ווי אַן אַרבייטער. ער איז געגאַנגען מיט אַן אונזיכערער שנעלקייט, וועלכע וויזט, אַז מען געפינט זיך אין אַ פרעמדער און אונבעקאַנטער געגענד און דאָך וואָלט מען גערן געוואָלט וואָס גיכער ערדייכען אַ בעשטימטען ציעל. אַז ער האָט זיך אָבגעשטעלט ביי איינעם פון די מאַסען פובליק-הייזער און זיך נאָכגעפרעגט ביי אַ אינגעל, וואָס איז דאָרט געשטאַנען, אויף זיין וועג, האָט מען פון דער שווע-ריגקייט, וואָס דער געפרעגטער האָט געהאַט צו געבען די אויסקינפטע, גלייך דערקענט, אַז דער מאַן איז אַן אויס-לענדער.

דאָך האָט עס פאָרט אויסגעזעהן, אַז ער האָט פער-שטאַנען דעם אינגעל'ס ערקלעהרונגען, מחמת ער האָט זיך גלייך פערקירעוועט אויף אַן אַנדער וועג. נאָכדעם ווי ער איז דורכגעגאַנגען נאָך צוויי אָדער דריי דונקעלע, שמוציגע

גאַסען, וועלכע האָבען אויסגעזעהן גלייך איינע ווי די אַנדערע, האָט ער זיך פלוצלינג געפונען אין דעם מורא'דיגען ליאַרם פון איינעם פון יענע מאַרקען, וואו די בעפעלקערונג פון די אָרעמערע קוואַרטאַלען גיט יעדען שבת אָבענד אוים דאָס פערדינטע געלד פון דער וואָך און האַנדעלט זיך איין אַלע נייטיגע זאַכען אויף דער גאַנצער קומענדער וואָך. ביידע זייטען פון דער גאַס זיינען געווען בעזעצט מיט צוויי געדיכטע שורות פון געדיכט אָנגעשטעלטע טישלאַך און וועגעלאַך, אָנגעלאָדען מיט די טויזענד נייטיגע לעבענסמיטלען; און צווישען זיי, פונקט ווי אויף די איינגע טראָטואַרען ביי די אָפענע מאַגאַזינען, האָט זיך געשפאַרט און געדריקט אַן אונרוהיגע מאַסע, וועמעס ליאַרם איז בלויז אַריבערגעשריען געוואָרען פון די מורא'דיגע קולות, וואָס די פערקויפער האָבען געמאַכט, רופענדיג די קונים. די גאַס איז אין דער גאַנצער לענג געווען איינגעטונקט אין דעם פלאַקערנדען שיין פון אונצעהליגע קעראָסין-פלאַמען, אין אַ בלענדענדער ליכטיגקייט, אַ ליכטיגקייט, וואָס דער שיין פון טאָג האָט נאָך קיינמאָל ניט בעוויזען צו פערשפרייטען אויף דעם דאָזיגען פלאַץ; די פייכטע לופט אָנגעפילט מיט אַ דיקען, געדיכטען רויך; דער באָדען פערזויעט מיט צוטרעטענע אָבפאַלען פון יעדען סאָרט, וועלכע האָבען נאָך שווערער געמאַכט דעם גאַנג אויף די גליטשיגע, אונרעגעלמעסיגע שטיינער פון דער גאַס.

דער אַרבייטער, וועלכער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף'ן יונג, איז אַריינגעפאַלען אין'ם קאָכיגען מענשען ים און האָט זיך געסטאַרעט דורכצושפאַרען אַזוי שנעל ווי עס האָט זיך נור געלאָזט. ער האָט זיך כמעט גאָר ניט אומגעקוקט אויף די אוצרות, וואָס זיינען געלעגען אָנגעלייגט אַרום איהם: די ביינק מיט גרויסע, רויהע, בלוטיגע שטיקער פלייש; די

אָנגעלאָדענע פּושקאַרטס מיט אַלערליי גרינוואַרג; די טישען, פֿול מיט אַלטע אייזענס און קליידער; די לאַנגע שורות פֿון צונויפֿגעבונדענע שיך, וועלכע האָבען זיך געצויגען איבער־דער לייגג פֿון דער גאַס. ער האָט זיך ווינציג וואָס אומגע־קוקט אויף דעם גאַנצען מיש־מאַש פֿון'ם קליין־האַנדעל, וועלכער האָט געקאָכט און גערוישט אַרום איהם. מיט אַמאָל האָבען זיך דערהערט קולות פֿון דער מאַסע: אַ פּושקאַרט האָט זיך דורכגעשפּאַרט דורך'ן עולם. דאַן האָט דער אַר־בייטער אויסגעניצט די געלעגענהייט, איז נאָכגעגאַנגען נאָך'ן וואָגען און איז אויף אַזאַ'ן אופן צוגעקומען שנעלער ווי ער האָט געהאָפּט צו דעם עק פֿון דער צווייטער גאַס, וואו דאָס לעבען האָט זיך ווידער פֿונאַנדערגעטהיילט און ער האָט געמוזט אַ רגע בלייבען שטעהן.

דאָ האָט ער זיך אומגעקוקט און פּלוצלינג האָט ער־אויף דער אַנדער זייט גאַס דערזעהן אָבאַן'ן. איבערראַשט צו זעהן זיין פֿריינד אַזוי אומגעריכטערהייט און אין דער דאָזי־גער געגענד, איז ער ניט גלייך צוגעגאַנגען צו איהם; און דאַן — אַז ער האָט שוין געהאַט האַלב אַריבערגעשפּאַנט די גאַס — איז ער צוריק אַריין אין דער איינגשאַפּט, און אַ געדאַנק האָט איהם געמוטשעט: וואָס טהוט ער דאָ?— און מיט אויפֿמערקזאַמע בליקען האָט ער גענומען אַריבער־קוקען צו איהם.

אָבאַן איז געשטאַנען אין מיטען צווישען אַן עולם פֿון האַלב־שכור'ע מענער, וועלכע האָבען בעלאַגערט דעם אַריינ־גאַנג פֿון אַ פּובליק־הויז, מיט דער האָפֿנונג, אַז אימיצער־פֿון זייערע בעקאַנטע וועט זיי איינלאַדען צו „האָבען מיט זיי־אַ טרונק". ער איז געשטאַנען דאָ, אָנגעבויגען אַביסעל, מיט ביידע הענד אָנגעשפּאַרט אויף זיין שטעקען, וואָס ער האָט געהאַלטען צווישען די קניע, און מיט פֿאַרשענדע בליקען

האָט ער געקוקט אין דעם ים פון מענשען, וואָס איז פער־
בייגעפּלאָסען פערביי איהם, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געוואַרט
אויף אַ בעקאַנט געזיכט, וואָס דאַרף אַרויסשווימען פון איהם.
זיין פּנים איז געווען ערנסט, אַרום מויל איז געלעגען אַ
שאַרפער קנייטש און זיינע טיעף־איינגעפאַלענע אויגען האָ־
בען געהאַט אַ פערגליווערטען און מרה־שחורה'דיגען בליק.
זיינע גלאַט־אָבגעגאָלטע באַקען זיינען געווען מאָגער און די
שאַרפע נאָז האָבען געגעבען די ציגע פון זיין שמאָלען און
איידעלען געזיכט דעם אויסדרוק פון שטאַרקער ווילענס־פּע־
היגקייט. אַ דונקעלער ברייטער מאַנטעל איז נאַבלעסיג אַרונ־
טערגעפאַלען אויף דער אונגעוועהנליך לאַנגער און שמאָל־
שולטערדיגער געשטאַלט, און בעת דער אַנדערער האָט איהם
פון דעם צווייטען עק גאַס אַזוי געזעהן שטעהן, איז איהם
צום ערשטען מאָל אויפגעפאַלען, אַז ער האָט איהם זייט
יאָהרען קיינמאָל אַנדערש ניט געזעהן ווי נור אין דעם זעל־
בען ברייטען אָנצוג פון דעם זעלבען בעקוועמען שניט און
דערזעלבער איינפאַכסטער, דונקעלער פאַרב. פּונקט אַזוי
פראָסט און דאָך אַזוי אויפפעליג איז געווען זיין אויסערליכע
ערשיינונג, בעת ער האָט זיך מיט איהם — ווי לאַנג איז
שוין זייט דאַן: אַ זעקס אָדער זיבען יאָהר? — בעקענט אין
פּאַריז, און אָקוראַט אַזוי אונפערענדערט ווי דעמאָלט מיט
דיזעלבע שאַרפע און אומעטיגע געזיכטס־ציגע, וועלכע זיינען
העכסטענס בלאַסער און גראָער געוואָרען, איז ער היינט
געשטאַנען דאָ, פערטיעפט אין געדאַנקען אין מיטען פון דעם
טומעלדיגען פערקעהר אין „סאָהאָ".

מיט אַמאָל האָט ער זיך געלאָזט געהן גלייך צו איהם,
קוקענדיג פאָראויס מיט אַ פערגליווערטען בליק. אָבער ער
האָט איהם ניט געזעהן און געוואָלט פערבייגעהן פערביי
איהם.

„אָבאַן!" האָט זיך דער אַנדערער אָבגערופען.

דער גערופענער האָט זיך ניט דערשראָקען. לאַנגזאַם האָט ער זיך אָבגעקעהרט אָן אַ זייט און מיט אַ פוסטען בליק האָט ער אַריינגעקוקט דעם, וואָס האָט איהם גערופען אין געזיכט אַריין, ביז דער אַנדערער האָט איהם אָנגעכאַפּט ביים אָרם:

„אָבאַן!"

„אָטטאָ?!" האָט אַ פרעג געטהאָן אָבאַן, אָבער אָהן ערשטוינונג. און דאַן, כמעט שעפּטשענדיג, מיט דעם טאָן פון איינעם, וואָס כאַפּט זיך אויף פון שלאָף און דערצעהלט וועגען זיין שווערען חלום, האָט ער צוגעגעבען: „כ'האָב געטראַכט מכח עפּעס אַנדערש: — מכח דער נויטה, ווי גרויס זי איז, ווי אונגעהייער, און ווי לאַנגזאַם דאָס ליכט קומט, ווי לאַנגזאַם —."

דער אַנדערער האָט איהם אָנגעקוקט ערשטוינט. אָבער מיט אַמאָל האָט זיך אָבאַן פונאַנדערגעלאַכט און אין זיין געוועהנליך בעהערשטען טאָן האָט ער געפרעגט:

„אָבער זאָג מיר, איך בעט דיך, ווי קומסט דו פון דיין איסט ענד אַהער אין סאָהאָ?"

„איך האָב פערבלאָנדזשעט אַהער. וואו איז דען אָקספאָרד סטריט? דאָרט, ניט אמת?"

אָבער אָבאַן האָט איהם מיט אַ שמייכעל אָנגענומען פאַר'ן אַקסעל און איהם אומגעדרעהט אויף דער אַנדערער זייט.

„ניין, דאָרט. — הער צו: פאַר אונז ליגט די צפון־זייט פון דער שטאָדט, די גאַנצע לייננ פון אָקספאָרד סטריט; הינטער אונז דער סטרענד, וועלכען דו קענסט דאָך גוט, דאָרט, פון וואַנען דו קומסט — דו קומסט דאָך פון מזרח־זייט? — איז „דרורי ליין", און די געוועזענע „סעווען דייי־

אַלם", פֿון וועלכער דו האָסט שוין אַודאי געהערט. „סעווען דייאַלם", דער פֿריהערדיגער גיהנום פֿון דער אָרימקייט; אַצונד „ציוויליזירט". וואָס זשע, דו האָסט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן די בעריהמטע פֿויגעלהענדלער־גאַס? — אָט זעה," האָט ער ווייטער געזאָגט, ניט אָבוואַרטענדיג אויף קיין ענטפֿער, און בעת מעשה האָט ער אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד צו מזרח צו, „אין די דאָזיגע גאַסען ביז „לינקאָלנס אינן פֿיעלדס" ליגט צונויפֿגעשפּאַרט אַ גרויסער טהייל עלענד און נויטה פֿון וועסט ענד. וואָס מיינסט דו, וויפֿיעל וואָלט מען געגעבען, ווען מען קען עס אויסקעהרען און אַוועקשאַרען צום איסט ענד צו? — וואָס נוצט עס, וואָס זיי האַקען דורך ברייטע גאַסען, פּונקט ווי האַוסמאַן דער פּרעפֿעקט פֿון דער סעין אין פּאַריז האָט געטהאָן, כדי עס זאָל זיין גרינגער פֿאַרטיג צו ווערן מיט די רעוואָלוציאָנען, וואָס נוצט עס? די אָרימקייט שפּאַרט זיך נור געדיכטער צונויף. עס געהט ניט אַריבער קיין איין שבת־צו־נאַכט, וואָס איך זאָל ניט דורכמאַרשירען דעם דאָזיגען קוואַרטאַל צווישען סטרענד און רידזשענט סטריט און לינקאָלנס אינן, צווישען סטרענד און אָקספֿאָרד סטריט — ס'איז אַ בעזונדער לאַנד פֿאַר זיך און איך האָב דאָ פּונקט אַזויפֿיעל געזעהן ווי אין'ם איסט ענד.

— וואָס זשע, דו ביסט דאָ צום ערשטען מאָל?"

„ניין, אויב איך האָב קיין טעות ניט. איז דען דער קלוב פֿריהער ניט געווען דאָ?"

„יאָ, אָבער נעהנטער צו אָקספֿאָרד סטריט. — איבעריגענס וואוינען דאָ אַ מאַסע דייטשען — צו רידזשענט סטריט צו, אין די בעסערע גאַסען —."

„וואו איז דען די נויטה אַם ערגסטען?"

„אַם ערגסטען?" אָבאַן האָט זיך פֿערטראַכט אויף אַ רגע. — ווען דו פֿערקירעוועסט זיך אין „דרורי ליין" — די

קאורטס פון ווילד סטריט; דאַן דעם שרעקליכען מיש־מאַש פון הייזער, וואָס האַלטען כמעט ביים איינפאַלען, לעבען דער „אָלד קוריאָזיטי שאָפּ", וועלכע דיקענס האָט בעשריבען, מיט די שמוציגע דורכגענג; איבערהויפּט די זייטען־געסלאַך פון „דרורי ליין", דער עיקר אין צפון־זייט, ביי די קווין סטריטס; און ווייטער אַהער־צו פאַר אַלעמען די געוועזענע „דייאַלס", דער גיהנום פון די גיהנום'ס —."

„אָט אַפּנים דו קענסט אַלע גאַסען דאָ?"

„אַלע."

„אָבער דו קענסט ניט פיעל זעהן אויף זיי. די טראַגע־דיען פון דער אָרימקייט שפּיעלען זיך אָב אינעווייניג, הינטער די ווענד פון די הייזער."

„אָבער דאָך דער לעצטער אַקט — ווי אָפט! — אויף דער גאַס."

לאַנגזאַם זיינען זיי געגאַנגען ווייטער. אָבאַן האָט אַריינ געלייגט זיין אָרם אין דעם אָרם פון דעם אַנדערן און זיך אָנגעשפּאַרט אויף איהם. פונדעסטוועגען האָט ער אַצונד געהונקען שטאַרקער ווי פריהער.

„און וואו געהסט דו ערגעץ, אָטטאָ?" האָט ער אַ פרעג געטהאָן.

„צום קלוב. ווילסט דו ניט מיטקומען?"

„איך בין עפּעס מיעד. איך בין דעם גאַנצען נאָכמיטאָג אַרומגעגאַנגען." דערנאָך, אַזוי ווי ס'איז איהם איינגעפאַלען, אַז דער אַנדערער קען אין די דאָזיגע ווערטער זעהן בלויז אַ תירוץ פאַר זיין אָבזאָג, האָט ער שנעל צוגעלייגט: „אָבער איך געה דאָך מיט; ס'איז אַ גוטע געלעגענהייט; וואָרים שפּעטער וועל איך דאָך ניט קומען. — ווי לאַנג מיר האָבען זיך שוין איבערהויפּט ניט געזעהן! —"

„יאָ, כמעט דריי וואָכען שוין!"

„איך לעב אימער מעהר פאַר זיך. דו ווייסט דאָך עס. וואָס זאָל איך טהאָן אין די קלובס? אָט די לאַנגע רעדעס, שטענדיג איבער דיזעלבע זאַכען: צו וואָס נוצט עס? דאָס אַלעס איז בלויז ערמיעדענד."

ער האָט גאַנץ גוט בעמערקט, ווי אונאַנגענעהם ס'איז געווען פאַר דעם אַנדערן דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, און ווי יענער האָט זיך פונדעסטוועגען געסטאַרעט צו געפינען זיינע ווערטער פאַר ריכטיג.

„איך בין אַלץ, אַזוי ווי פריהער, יעדען זונטאָג נאָכ־מיטאָג פון פינף אַזייגער אָן אין דערהיים. פאַרוואָס קומסט ניט אַמאָל אַריבער צו מיר?"

„ווייל ביי דיר מישט זיך אוים אַלצדינג. אינאיינעם: בורזשואַס, און סאָציאַל־דעמאָקראַטען, און ליטעראַטען, און אינדיווידואַליסטען —."

אָבאַן האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט. „זעהסט דו, דאָס איז טאַקי אַן אונגליק: די דיסקוסיאָנען קענען דורך דעם נור געווינען. די אינדיווידואַליסטען זיינען דאָך די שרעקליכסטע, ניט אמת, אָטטאָ?"

זיין געזיכט האָט זיך אין גאַנצען געביטען. נאָר וואָס איז עס געווען פינסטער און פערשלאָסען, און מיט אַמאָל האָט עס אָנגענומען אַ הערצליכען צוג פון פריינדשאַפט און פריינדליכקייט.

נאָר דער אַנדערער, וועמען אָבאַן האָט גערופען אָטטאָ און וועלכער האָט געהייסען טרופּ, איז דערפון עפּעס אַזוי ווי אונאַנגענעהם געטראָפען געוואָרען, און ער האָט אָנגע־רופען אַ נאָמען, וועלכער האָט, אמת, ניט אַוועקגערויבט די רוה פון אָבאַן'ס שטערן, נאָר פאָלשטענדיג פערטריבען דעם שמייכעל פון זיינע ליפען.

„פּופּצעהן יאָהר! און פּאַר גאָרנישט!" האָט דער אַר־בייטער געזאָגט אויפגערעגט און אויסער זיך פּאַר כעס.

„פאַרוואָס אָבער האָט ער זיך אַזוי אונפאָרזיכטיג איבערגעגעבען צו זיינע שונאים אין די הענד? ער האָט דאָך געמוזט זיי קענען."

„מען האָט איהם פערראַטהען!"

„פאַרוואָס האָט ער זיך פערטרויט אויף אַנדערע?" האָט אָבאַן ווידער געפרעגט. „יעדער איינער איז שוין פון פאָראויס פערלאָרען, וועלכער בויט אויף אַנדערע. אויך דאָס האָט ער געוואוסט. ס'איז געווען אַן אָפּפער אָהן אַ שום צוועק!"

„כ'מיין, דו האָסט גאָר קיין בעגריעף ניט מכח דער גרויסקייט פון זיין אָפּפער און פון זיין איבערגעבענהייט," האָט טרופ געזאָגט מיט אַ ביטערן טאָן.

„ליעבער אָטטאָ, דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז מיר פעהלט איבערהויפּט דאָס געפיהל צו בעגרייפען אָט די אַלע זאָגענאַנטע אָפּפער. וואָס האָט די אויפאָפּפערונג פון דעם גענאָסע, פון דעם בעסטען, דעם עהרליכסטען פיליייכט פון אַלע, וואָס האָט עס געהאַט פאַר אַ נוצען? זאָג מיר נור דאָס!"

„ס'האָט דעם קאַמפּף פערביטערטער געמאַכט. ס'האָט די איינע פונאַנדערגעטרייסעלט פון זייער לעטהאַרגישען שלאָף, די אַנדערע — אונז — אָנגעפילט מיט נייעם האַס. ס'האָט" — און זיינע אויגען האָבען געפלאַמט, בעת ווען אָבאַן האָט געפיהלט, ווי דער אָרם, וועלכען ער האָט געהאַלטען, האָט געציטערט פון צאָרן — „ס'האָט אין אונז בעניייט די שבועה, צו פאָדערן אַ הונדערטפאַכע נקמה פאַר יעדען געפאַלענעם, ווען עס וועט קומען דער יום הדין, דער טאָג פון אָברעכנונג!"

„און דאַן ?"

„דאַן, ווען אָט די פערפלוכטע אָרדנונג וועט צושמעטערט ווערן אויף שטויב, דאַן וועט זיך אויף די חורבות אויפהויבען די פרייע געזעלשאַפט."

אָבאַן האָט פון דאָס ניי אַ קוק געטהאָן אויף דעם צוקאָכטען אַרבייטער, מיט דעם טרויעריגען, ערנסטען בליק, מיט וועלכען ער האָט איהם פריהער בעגריסט. ער האָט דאָך געוואוסט, אַז אין דער צוריסענער ברוסט פון דעם דאָזיגען מאַן לעבט בלויז איין וואונש און בלויז איין האָפנונג, די האָפנונג אויף דעם אויסברוך פון דער „גרויסער", פון דער לעצטער רעוואָלוציאָן!

אַזוי זיינען זיי יאָהרען־לאַנג אַרומגעגאַנגען איבער די בולוואַרען פון פאַריז, און האָבען זיך אָנגע'שכור'ט מיט די קלינגענדע ווערטער פון דער האָפנונג. און בעת ווען אָבאַן האָט שוין לאַנג פערלאָרען יעטווערען גלויבען, נור דעם איינעם ניט: אין די לאַנגזאַם, לאַנגזאַם ווירקענדע מאַכט פון דער פערנונפט, וועלכע וועט ענדליך פיהרען יעדען מענשען דערצו, פאַר זיך אָנשטאָט פאַר אַנדערע צו זאָרגען; בעת ווען ער האָט וואָס ווייטער אַלץ מעהר זיך אָנגעהויבען פערלאָזען אויף זיך אַליין, האָט זיך דער אַנדערער אויך אַלץ מעהר און מעהר פערלאָרען אין דעם פאַנאַטיזם פון אַ פערצווייפלונג, איז יעדען טאָג פון דאָס ניי בעצויבערט געוואָרען פון דעם גלאַנציגען שאָטען פון דער „גאָלדענער צוקונפט" און אַרויסגעלאָזט דעם לעצטען אָנהאַלט אָן דער ווירקליכקייט פון די הענד, וועלכע האָבען מיט זעהנזוכט און מיט צוטרוי פעסט אַרומגענומען דעם נאַקען פון דער ליעבע.

„אין פופצעהן יאָהר," אַזוי האָט איצט ווידער אַמאָל

פֿון זיינע ווערטער אַרויסגעפּלאַקערט דער פּלאַם פֿון דער האָפֿנונג, „אין פּופּצעהן יאָהר צייט קען פֿיעל געשעהן!״—

אָבאַן האָט מעהר ניט געענטפֿערט. ער איז געווען מאַכטלאָז אַנטקעגען דעם דאָזיגען גלויבען. לאַנגזאַם זיינען זיי געגאַנגען ווייטער. די גאַסען זיינען געוואָרען לײדיגער און שטילער. עס איז נאָך אַלץ געלעגען דיזעלבע פֿייכטקייט אין דער לופֿט, וועלכע איז וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ אונדורכ־זיכטיגער. דער הימעל איז געווען אַ נעבעל־גראָע מאַסע פֿון וואָלקענס. די לאַמטערנעס האָבען געברענט מיט אַ מאָדנעם פּלאַקערדיגען ליכט. ביידע מענער האָבען געשוויגען, אָקוראַט ווי זיי וואָלטען געווען גאַנץ פֿרעמד איינער צום צווייטען.

זיי זיינען אויך אויסערליך געווען זעהר פֿערשיעדען.

אָבאַן איז געווען העכער און דאַרער, טרופּ נידעריגערער און פּולער. דיזער האָט געטראָגען אַ קורצען, ברוינעם באָרד בעת ווען יענער איז שטענדיג געגאַנגען ראַזירט.

אַז זיי זיינען געווען אַליין, האָבען זיי תמיד זייער גע־שפּרעך געפֿיהרט אין פֿראַנצויזיש, וואָס טרופּ האָט גערעדט אָהן מיה, כאָטש ניט גאַנץ ריכטיג, און אָבאַן אַזוי שנעל אַז זאָגאַר די פֿראַנצויזען האָבען זיך אָפֿט געמוזט אָנשטריינ־גען איהם צו פֿערשטעהן. זיין שטימע האָט געהאַט אַ מאָד־נעם האַרטען קלאַנג, וועלכער האָט צייטענווייז פֿערטריבען די וואַרימקייט און די פֿיינע איראָניע, וואָס איז געלעגען אין זיינע ווערטער. —

ענדליך האָט דער טומעל פֿון די קליינע און איינגע גאַסען אָנגעהויבען שטילער ווערן. זיי זיינען אַרויף עטליכע טרעפּ. דאָ איז געלעגען אָקספֿאָרד סטריט!

„אין פּופּצעהן יאָהר,״ האָט אָבאַן איבערגעשלאָגען דאָס שטיל־שווייגען, „האָבען די קייטען פֿון דער קנעכטשאַפֿט אין די אייראָפּעאישע לענדער כמעט דורכגעשניטען די הענד פֿון

די פּעלקער, אַזוי אַז זיי קענען זיך ניט אויפהויבען צום קאַמפּף. דאָ ווּעלען דיזעלבע הענד אין דערזעלבער צייט געבונדען ווערן, ווי דאָס מויל, וואָס פּראָטעסטירט נאָך איצט און ווערט מיעד ריידענדיג."

„איך קען די אַרבייטער בעסער איידער דו. ביז דאַן וועלען זיי זיך שוין לאַנג האָבען אויפגעהויבען."

„כדי דערשלאָגען צו ווערן מיט קאַנאָנען, וועלכע גיבען אָב יעדע רגע אַ שאָס און זעכציג שאָסען אין אַ מינוט. יאָ. איך קען די בורזשואַזיע בעסער און איהרע לייט."

זיי זיינען געשטאַנען אין אָקספאָרד סטריט: אין דעם נאַכטליכען ליכט און לעבען.

„נאַ, גיב אַ קוק אַהין — ווי מיינסט דו, דאָס דאָזיגע לעבען — אַזוי פּערפּלאָנטערט, אַזוי פּערביסען, אַזוי מורא'דיג קאָמפּליצירט — וועט פּאַלען מיט איין קלאַפּ און דורך דעם ווילען פון איינצעלנע מענשען?"

„יאָ," האָט טרופּ געענטפערט און אָנגעוויזען מיט דער האַנד צו מזרח צו. „דאָרט ליגט די צוקונפט."

אָבער אָבאַן האָט געפרעגט: „וואָס איז אַזוינס די צוקונפט? די צוקונפט איז דער סאָציאַליזם. די טויטונג פון דעם אינדיווידואום אין אַלץ איינגערע גרענעצען. די פאַלשטענדיגע אונזעלבסטשטענדיגקייט. די גרויסע פאַמיליע. — לויטער קינדער, קינדער... נאָר אויך דאָס מוז דורכגעמאַכט ווערן."

ער האָט זיך ביטער פונאַנדערגעלאַכט און נאָכפאָלגענדיג דעם בליק פון זיין פריינד האָט ער געזאָגט: „דאָרט ליגט — רוסלאַנד!" דערנאָך זיינען ביידע ווידער אַנשווייגען געוואָרען.

אָקספאָרד סטריט האָט זיך אויסגעצויגען פאַר זייערע

אויגען — אַן אונגעהייער לאַנגע ליניע פֿון פֿערפֿלייצענדען ליכט און ברוויזענדע פֿינסטערקייט אַרויף און אַראָב.

„פֿאַרהאַן דריי סאָרטען לאָנדאָן," האָט זיך אָבאַן אָבגערופֿען, געפּאַקט פֿון דעם לעבען, „דריי: לאָנדאָן שבת־צו־נאַכט, ווען עס שכור'ט זיך אָן, כדי זיך צו פֿער־געסען אָן דער קומענדיגער וואָך; לאָנדאָן אום זונטאָג, ווען עס שלאָפֿט זיך דורך און ניכטערט זיך אויס פֿון זיין שכרות אין'ם שוים פֿון דער אַליין זעליג־מאַכענדער קירכע; און לאָנדאָן, ווען עס אַרבייט און לאָזט אַרבייטען — אין די לאַנגע, לאַנגע טעג פֿון דער וואָך."

„איך האָב די דאָזיגע שטאָדט," האָט דער אַנדערער געזאָגט.

„איך האָב זי ליעב!" האָט אָבאַן לײדענשאַפֿטליך אָבגעענטפֿערט.

„ווי אַנדערש איז געוועזן פּאַריז!"

און די געמיינשאַפֿטליכע עראינערונגען האָבען אַרויפֿ־געשוואומען ביי זיי אין די מוחות.

אָבער אָבאַן האָט זיך אַלץ געשפּאַרט פֿאָרווערטס.

„אָט אַפּנים מיר וועלען גאָר קיינמאָל ניט צוקומען צום קלוב."

זיי זיינען גלייך אַריבער אָקספֿאָרד סטריט און אַריין אין דער נעקסטער זייטען־גאַס צו צפון צו. אָבאַן האָט זיך ווידער שטאַרק אָנגעשפּאַרט אויף דעם אָרם פֿון זיין פֿריינד.

„אָבער זאָג מיר פֿאָרט, ווי געהט עס אייך?"

„ס'געהט גאַנץ גוט, ניט קוקענדיג דערויף וואָס מיר האָבען נאָך אַלץ ניט קיין „פֿערוואַלטונגס־ראַטה". דו געדיינקסט דאָך נאָך, וואָס פֿאַר אַ ליאַרם עס האָט זיך אויפֿגעהויבען, ווען מיר האָבען איינגעאָרדענט דעם קלוב

אין גאַנצען אויף אַ קאָמוניסטישען פּרינציפּ: אָהן אַ פֿער־וואַלטונגס־ראַטה, אָהן בעאַמטע, אָהן סטאַטוטען, אָהן אַ פּראָגראַם און אָהן פֿעסטגעזעצטע געצוואונגענע בייטרעגע? מען האָט אונז דאַן נביאות געזאָגט, אַז אַלעס וועט אונ־טערגעהן אין אונאָרדנונג און נאָך אַזעלכע זאַכען. אָבער מיר קומען נאָך אַלץ גאַנץ גוט אויס און ביי אונזערע פֿערהאַנדלונגען געהט עס פּונקט אַזוי גוט צו ווי ביי אַנדערע, וואו ס'רעגירט דעם פּרעזידענט'ס גלעקעל — עס רעדט אימער איינער נאָך'ן אַנדערן, אַז ער האָט עפּעס צו זאָגען."

אָבאַן האָט געשמייכעלט.

„יאָ," האָט ער געזאָגט, „די אָרדנונגס־שרייער קענען ניט פֿערשטעהן, ווי אַזוי פֿערנינפֿטיגע מענשען קענען זיך צוזאַמענקומען און צוזאַמענבלייבען, אָהן דעם אַז דער איינצעלנער זאָל האָבען אַ פֿולע גאַראַנטיע פֿאַר זיינע רעכטע און זיינע פֿליכטען. — אָבער דערפֿון וואָס דער דאָזיגער פֿערזוך איז ניט דורכגעפֿאַלען, זעהט איהר דאָך נאָך ניט קיין בעווייז, אַז מען וואָלט געקענט איינאָרדנען די גאַנצע געזעלשאַפֿט אויף גלייכע יסודות? דאָס וואָלט דאָך געווען אַ פּשוט'ער שגעון."

„אַזוי, דאָס וואָלט געווען אַ פּשוט'ער שגעון? מיר דיינקען ניט אַזוי. מיר לעבען מיט דער דאָזיגער האָפֿנונג," האָט זיך טרופּ געהאַלטען ביי זיינס.

אָבאַן'ן איז איינגעפֿאַלען אַ פֿרעג צו טהאָן: „וואָס הערט זיך עפּעס מיט אייער בלאַט?"

„ס'געהט לאַנגזאַם, דו לייענסט עס?"

„יאָ אָבער נור זעלטען. איך האָב פֿערגעסען דאָס ביסעל דייטש, וואָס איך האָב געלערנט אין דער שולע."

„מיר רעדיזשירען עס אויך צוזאַמען. אָהן אַ קאָמיטעט,

אָהן אַ רעדאַקטאָר. איין אָבענד אין דער וואָך קומען זיך צונויף די, וועלכע האָבען לוסט און צייט, און די אַריינגעקומענע מאַנוסקריפטען ווערן פאָרגעלייענט, אַרומגערעדט און אַזוי ווערט די צייטונג צוזאַמענגעשטעלט."

„דערפאַר טאַקי איז דער אינהאַלט אַזוי מערקווירדיג פערשיעדען און ניט איינִיג. ניין, הינטער אַ בלאַט מוז שטעהן אַ פערזענליכקייט, אַ פולע, אינטערעסאַנטע פערזענליכקייט—."

טרופ האָט איהם איבערגעשלאָגען די רייד:

„יאָ, און דאַן וואָלטען מיר ווידער געהאַט דאָס „פיהרערטהום". פון אַ פערוואַלטער ווערט אימער אַ הערשער" — ער האָט ניט געזעהן ווי אָבאַן האָט איהם צוגעשאָקעלט — „דאָ אין אַ קליינעם, דאָרט אין אַ גרויסען מאַסשטאַב! אונזער גאַנצע בעוועגונג האָט מורא'דיג געליטען אונטער דעם דאָזיגען צענטראַליזם. דאָרט וואו עס איז אין אָנהויב געווען ריינע בעגייסטערונג, איז זי פערוואַנדעלט געוואָרען אין זעלבסט-געפעליגקייט; ווירקליכעס מיט-געפיהל און ליעבע איז פערוואַנדעלט געוואָרען אין דעם שטרעבען, אַליין כלומר'שט צו זיין די רעטער. אַזוי האָבען מיר איבעראַל שוין אויבען און אונטען, די סטאַדע און דעם פאַסטוך, אויף איין זייט דעם עהרגייץ, אויף דער אַנדער זייט געדאַנקענלאָזע און פאַנאַטישע פערגעטערונג פון די פאַרטיי-לעהרען —"

„אָבער דו האָסט מיך אייגענטליך גאָר אין גאַנצען ניט פערשטאַנען. אָקוראַט ווי איך וואָלט ווען עס איז עפּעס אַנדערש געגלויבט! איך האָב איבערהויפט קיין שום צוטרוי ניט צו יעדען איינעם, וועלכער פערמעסט זיך צו פערטרעטען אַנדערע, זאָרגען פאַר אַנדערע און נעהמען אויף זיינע אייגענע פלייצעס די פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר

די אַנגעלעגענהייטען פֿון אַנדערע. קימער זיך וועגען דיינע אייגענע עסקים און איך וועל זאָרגען פֿאַר די מייניגע — דאָס איז אַ גוט וואָרט. און ווירקליך אַנאַר־כיזם."

„איך בין אויך אַנאַרכיסט."

„ניין, מיין פֿריינד, דו ביסט דאָס ניט. דו פֿערטרעטסט אין יעדען פּרט דעם היפּוך פֿון די ווירקליך אַנאַרכיסטישע אידעען. דו ביסט דורך און דורך קאָמוניסט, ניט בלויז לויט דיינע אַנזיכטען, נאָר אויך לויט דיינע געפֿיהלען און ווינשע."

„ווער וועט דען ביי מיר צונעהמען דאָס רעכט אָנצו־רופֿען מיינע אַנזיכטען אַנאַרכיסטיש?"

„קיינער ניט. אָבער איהר בערעכענט גאָרניט וואָס פֿאַר אַ מיש־מאַש עס ווערט דערפֿון וואָס מען פּאָרט צונויף אַזעלכע פֿאָלשטענדיג פֿערשיעדענע בעגריפֿע. נאָר נאָך וואָס זאָלען מיר איצט שטרייטען איבער די אַלטע פֿראַגע! קום זונטאָג. מיר וואָלטען דאַן ווידער געקענט דיסקוטירען. פֿאַרוואָס ניט?"

„פֿון מיינעטוועגען. דו ביסט און בלייבסט דאָך דער אינדיווידואַליסט, וואָס דו ביסט געוואָרען, זינט דו האָסט „וויסענשאַפֿטליך" שטודירט די סאָציאַלע פֿראַגע! איך וואָלט געוואונשען, דו זאָלסט נאָך זיין דערזועלבער, ווי דו ביסט געווען, ווען איך האָב דיך געזעהן אין פּאַריז, מיין ליעבער!"

„ניין, איך ניט, אָטטאָ!" האָט אָבאַן געזאָגט און זיך בעת מעשה צולאַכט אויף'ן קול.

טרופּ איז געווען גערייצט.

„דו ווייסט ניט, וואָס דו פֿערטהיידיגסט! איז דען דער אינדיווידואַליזם ניט די הפקרות, דאָס צושפּיעלען זיך פֿון

אַלע שמוציגע תאוות פון'ם מענשען, פון דעם עגאָאיזם, און צי האָט ער דען ניט געשאַפען אָט דאָס גאַנצע עלענד, — די פרייהייט אויף איין זייט—"

אָבאַן איז געבליבען שטעהן און האָט אָנגעקוקט טרופ'ן.

„היינט פרייהייט פון דעם איינצעלנעם? היינט, ווען מיר שטעקען אין דעם פערפלאָנטערטסטען און ברוטאַלסטען קאָמוניזמוס, ווי קיינמאָל ניט פריהער? היינט, ווען דער איינצעלנער ווערט פון זיין געבורט אָן ביז זיין טויט אַרומ־געלייגט מיט צוואַנג פון דעם שטאַאַט, פון דער געזעלשאַפט? — געה אויס די גאַנצע וועלט פון עק צו עק און זאָג מיר, וואו איך קען זיך אַרויסדרעהען פון דיזע פליכטען און זיין אי ך אַליין. איך וויל געהן אַהין צו דער דאָזיגער פריי־הייט, וואָס איך האָב אומזיסט געזוכט, אַזוי לאַנג איך לעב."

„אָבער דיינע אַנזיכטען גיבען נור דער בורזשואַזיע נייע וואַפען אין דער האַנד—"

„ווען איהר אַליין וועט די וואַפען ניט געברויכען, די איינציגע, אין וועלכע איך גלויב נאָך. נור דאַן וועט זיך די בורזשואַזיע בענוצען מיט זיי. — און זיי זיכער: זיי — אָט די לאַנגזאַם רייף־ווערענדע אידעען פון דעם עגאָאיזם (מיט אַ כיוון בענוץ איך זיך מיט דעם דאָזיגען וואָרט)— זיי זיינען אָקוראַט אַזוי געפעהרליך פאַר די היינטיגע צו־שטענדע, ווי זיי וועלען עס זיין, ווען מיר וועלען אָנקומען אין דעם האַפען פון דעם אַלעם בעגליקענדען פאָלקס־שטאַאַט, אין דעם הערליכען קאָמוניזם — געפעהרליכער איידער אַלע אייערע באָמבען און אַלע באַיאָנעטען און קאַנאָנען פון די היינטיגע הערשער."

„דו האָסט זיך שטאַרק געענדערט,” האָט זיך טרופ אָנגערופען מיט אַן ערנסטען טאָן.

„ניין, אָטטאָ, איך האָב זיך בלויז אַליין געפונען.”

„מיר מוזען זיך נאָך דורכשמועסען וועגען דעם. עס מוז זיך ענטשיידען—”

„צי איך געהער נאָך צו אייך אָדער ניט?”

„דאָס רעדט זיך דאָך נור אַזוי. וואָרים דער פרייער מענש —און דו ווילסט דאָך די גאַנצע, אונבעשרענקטע אויטאָ־נאָמיע פון דעם אינדיווידאום — קען נור זיך אַליין אָנ־געהערען.”

איצט זיינען זיי אַריין אין שאַרלאָט סטריט, וועלכע האָט זיך געצויגען פאַר זיי אין איהר גאַנצער לייננג און איהר מרה־שחורה'דיגער דונקעלהייט.

אין איינער פון די זייטען־גאַסען האָבען זיי זיך אַריינ־געקעהרט אין אַ דורכגאַנג, וועלכער איז כמעט געווען ליי־דיג און האַלב־בעלויכטען.

„מיר מוזען איצט ריידען דייטש”, האָט זיך אָבאַן אָבגערופען אין דיזער שפּראַך, וועלכע האָט געקלונגען פרעמד ביי איהם אין מויל.

זיי האָבען זיך אָבגעשטעלט ביי אַ שמאָלען ווייס־געקאַלכטען הויז.

איבער דער טהיר, אויף דער פון אינעווייניג בעלייכ־טעטער שויב, איז געשטאַנען דער נאָמען פון'ם קלוב.

טרופ האָט אויף גיך אויפגעמאַכט די טהיר און זיי זיינען אַריינגעגאַנגען אינעווייניג.



צווייטער קאַפּיטעל.

## די עלפטע שטונדע.

קומענדען פרייטאָג אָבענד איז קאַראַרד אָבאַן מיט דעם אָמניבוס אַרונטערגעפאָהרען די אונגעהייערע לאַנגע סיטי ראוד. ער איז געזעסען לעבען קוטשער — אַ דושענטעלמאַן מיט אַ זיידענעם הוט און מיט אַ פיינעם אויסזעהן — און האָט מיט אונגעדולד געקוקט פאָראויס, אויף דער שטרעקע, וועלכע האָט איהם אָבגעטהיילט פון זיין ציעל און וועלכע איז וואָס ווייטער געוואָרען אַלץ קלענער. ער איז געווען אויפגערעגט און שלעכט געשטימט. אַז דער וואָגען האָט זיך אָבגעשטעלט ביי פינסבורי סקווער, איז ער שנעל אַרונטערגעשפרונגען, אַריבערגעלאָפען דעם פייוומענט ביז דעם נעקסטען זייטען־געסעל, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אומגעקוקט אין אַלע זייטען, און אין עטליכע מינוטען אַרום איז ער געווען אויף די טרעפּ פון „סויטה פליים אינסטיטוט".

שוין פון וויטען האָט מען געקענט בעמערקען אַן אונגעוועהנליך גרויסע מחנה פון מענשען. עטליכע טריט וויט איינע פון די אַנדערע זיינען געשטאַנען פּאָליסלייט. די טהירען פון דעם דונקעלען, קירכען־פאָרמיגען בנין זיינען געווען ברייט אויפגעעפענט. אַז אָבאַן האָט זיך מיט'ן שטראָם לאַנגזאַם אַריינגעשפּאַרט, האָט ער אָנגעטראָפען עטליכע בעקאַנטע, וועלכע זיינען דאָרט געשטאַנען און פערקויפט די צייטונגען פון זייערע פּאַרטייען אָדער ריכטונגען, און האָט זיך מיט זיי בעגריסט, ריידענדיג עטליכע

ווערטער מיט יעדען איינעם פֿון זיי. פֿון די ענטפֿערס האָט מען געקענט אַרויסהערען אַן ערשטוינונג אָדער אַ פֿרייד איהם צו זעהן.

ער האָט פֿון די אָנגעבאָטענע צייטונגען גענומען וואָס ער האָט נור געקענט קריגען: „קאָמאָנוויעל", דאָס אינ־טערעסאַנטע אָרגאַן פֿון דער „סאָשיאַליסט ליעג"; „דזשאַס־טיס", דאָס פּאַרטיי-אָרגאַן פֿון דער „סאָשיאַל דעמאָקראַטיק פֿעדערייזשיאָן" און עטליכע נומערן פֿון דער נייער דייטשער צייטשריפֿט „לאָנדאָנער פֿרייע פרעסע", אַרויסגעגעבען פֿון אַ געוויסע צאָהל סאָציאַליסטען פֿון די פֿערשיעדענסטע ריכטונגען, און וועלכע האָט געזאָלט דיענען צו מאַכען פּראָפּאַגאַנדאַ צווישען די דייטשען, וואָס וואוינען אין לאָנ־דאָן. אָבאָן פֿלעגט אימער צוריקקומען פֿון די דאָזיגע מיטינגס מיט פֿולע בוזים־קעשענעס, אָנגעשטאָפּט מיט צייטונגען און בראָשורען.

ביי דער אינעוויינינגסטער אַריינגאַנגס־טהיר האָט מען פֿערטהיילט די רעזאָלוציאָן פֿון׳ם אָבענד; גרויסע, קלאָהר־בעדרוקטע פֿערטעל־בלעטער.

דער זאַאַל איז געוועזען כמעט אַזוי ברייט ווי לאַנג; ביי די וואַנד האָט זיך געצויגען אַ ברייטע גאַלעריע, וועלכע איז שוין כמעט געוועזען אָנגעפֿילט. אין׳ם הינטערגרונד איז געוועזען אַ הויכע פּלאַטפֿאָרמע, אויף וועלכער עס זיינען געשטאַ־נען היבשע עטליכע שטוהלען פֿאַר די רעדנער. זי איז נאָך געוועזען ליידיג. דער זאַאַל האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי איינער פֿון די האַלען, וועלכע זיינען בעשטימט פֿאַר קירכליכע צוועקען. דערויף האָט אויך אָנגעדייטעט די פֿאָרם פֿון די ביינק.

נאָך דעם דאָזיגען אָבענד איז גאָרנישט געוועזען צו בעמערקען פֿון יענער גלייכגילטיגער, מעכאַניש־שטילער

אַטמאָספערע פון אַ רעליגיעזער פערזאַמלונג. אַן אויפגע־רעגטער, לעבעדיגער עולם האָט פערנומען די ביינק, און הויך אויף'ן קול האָבען זיי אויסגעטוישט זייערע געדאַנקען. אָבאַן האָט געוואָרפען אַ שנעלען בליק אויף זיי. ער האָט געזעהן אַסך בעקאַנטע פנים'ער. ביים עק פון זאַאַל, לעבען דער פלאַטפאָרמע, זיינען געשטאַנען עטליכע פון די רעדנער. אָבאַן איז דורכגעגאַנגען די שורות פון די אָנגעפילטע ביינק און האָט זיך געלאָזט געהן גלייך צו דער גרופע, וועלכע איז געשטאַנען אויבען. איינצעלנע פון זיי האָט ער שטילערהייט געדריקט די האַנד; אַנדערע האָט ער בע־גריסט, צושאָקלענדיג זיי מיט'ן קאָפ.

„נו, איהר וועט דאָך אויך ריידען, מר. אָבאַן?" האָט מען איהם אַ פרעג געטהאָן.

ער האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפ אויף ניין.

„איך קען קיין ענגליש ניט ריידען, כ'קען איבערהויפט ניט ריידען. דאָס איז שוין פערביי. און וואָס זאָל איך פאָרט זאָגען? וואָס עס וואָלט זיך געוואָלט זאָגען, טהאָר מען דאָך ניט אַרויסריידען. — וואָס זשע, ס'איז אַ געמישטער מיטינג?" האָט ער דערנאָך שטילערהייט אַ פרעג געטהאָן איינעם פון די, וואָס זיינען געשטאַנען לעבען איהם, דעם בעקאַנטען אַגיטאַטאָר פון אַ דייטשען רעוואָלוציאָנערן קלוב.

„נו יאָ, ראַדיקאַלען, פריידיינקער, ליבעראַלען — אַלעס מעגליכע. איהר וועט זעהן, דאָס רוב רעדנער וועלען זיך אויסהיטען, חלילה ניט אַרויסצוריידען קיין גוט וואָרט וועגען אַנאַרכיזם."

„האָט איהר ניט בעמערקט טרופ'ן דאָ?"

„ניין, דער וועט מן הסתם ניט קומען. איך האָב

איהם נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אויף איינער פֿון די דאָזיגע פֿערזאַמלונגען."

אָבאַן האָט זיך אומגעקוקט. דער זאַאל איז שוין געוועז אַזוי געפּאַקט צום דערשטיקט ווערן; די דורכגענג צווישען די ביינק געדיכט מיט מענשען; אַרום דער גרויסער גרופּען־פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון די שיקאַגאָער פֿעראורטהיילטע, וועלכע איז געהאַנגען אין אַ גאָלד־ראַהם אונטער דעם רעדנער-טיש, האָבען זיך אַרומגעקליבען אַ מאַסע אַרבייטער. ביים טיש לעבען דעם האָבען זיך עטליכע צייטונגס־רעפּאָרטער אויסגעזעצט און צורעכט געמאַכט זייערע פּאַפּירען.

ביי די טהירען איז דער געדרענג געוואָרען אַלץ שטאַרקער און לעבעדיגער. פֿון דעם שטופּען און שטויסען האָט מען געקענט פֿערשטעהן, אַז גרויסע מחנות פֿון מענשען ווילען נאָך אַריינקומען. איינצעלנע האָבען זיך גליקליך דורכגעשפּאַרט ביז צו די פֿאָדערשטע ביינק, וואו ס'איז נאָך געווען פּלאַץ, ווען דער עולם האָט זיך צונויפֿגערוקט. אַז אָבאַן האָט דאָס דערזעהן, האָט ער זיך אויף גיך אויך פֿערזאָרגט מיט אַ פּלאַץ, וואָרים מיט זיין געלעהמטען פֿוס האָט ער ניט געקענט בלייבען שטעהן אַ פּאָר שעה צייט.

ער האָט אויפֿגעשטעלט זיין שטעקען און אַריבערגעלייגט איין פֿוס איבער'ן אַנדערן. אַזוי איז ער געבליבען זיצען דעם גאַנצען אָבענד. ער האָט געקענט זעהן דעם גאַנצען זאַאל, מחמת ער איז געזעסען אויף איינער פֿון די זייטיגע ביינק; די רעדנער־ביהנע איז געלעגען גאַנץ נאָהענט לעבען איהם.

ער האָט אַרויסגענומען די רעזאָלוציאָן פֿון טאַש און האָט זי אויפֿמערקזאַם און לאַנגזאַם דורכגעלעזען, ווי אויך

די ליסטע פֿון די רעדנער: „פֿיעלע פֿון די בעריהמטעסטע ראַדיקאַלען און סאָציאַליסטען". ער האָט געקענט אי די נעמען אי די פּערזאָנען, וועלכע האָבען זיי געטראָגען, כאָטש ער האָט כמעט קיינעם פֿון זיי שוין אַ יאָהר צייט אין די אויגען ניט געזעהן.

„דאָס רעכט פֿון פֿרייע רעדע" איז געשטאַנען אויף דער טאַגעס־אָרדנונג. „זיבען מענער פֿעראורטהיילט צום טויט פֿאַר אָבהאַלטען אַן עפֿענטליכע פֿערזאַמלונג". די רעזאָלוציאָן האָט געלויטעט: „—אַז די ענגלישע אַרבייטער, וועלכע געפֿינען זיך אויף דער דאָזיגער פֿערזאַמלונג, ווילען אויפֿמערקזאַם מאַכען זייערע מיטאַרבייטער אין אַמעריקאַ אויף דער גרויסער געפֿאַהר פֿאַר דער עפֿענטליכער פֿריי־הייט, וואָס קען אַרויסקומען דערפֿון, ווען זיי דערלאָזען, אַז בירגער זאָלען בעשטראָפֿט ווערן דערפֿאַר, וואָס זיי פֿערזוכען צו קעמפפֿען געגען די אונטערדריקונג פֿון'ם רעכט אויף עפֿענטליכע פֿערזאַמלונגען און אויף דער פֿרייער רעדע, ווייל אַ ר ע כ ט, פֿאַר וועמעס דורכפֿיהרונג דאָס פֿאָלק ווערט בעשטראָפֿט, ווערט דורך דעם אַן א ו נ ר ע כ ט.

„אַז דאָס שיקזאַל פֿון די זיבען מענער, איבער וועלכע עס הייגנט אַ טויטעס־אורטהייל פֿאַר אָבהאַלטען אַן עפֿענט־ליכע פֿערזאַמלונג אין שיקאַגאָ, וואו עטליכע פּאָליסלייט זיינען דער'הרג'עט געוואָרען ביי דעם פֿערזוך מיט געוואַלט פֿונאַנדערצוטרייבען דאָס פֿאָלק און צו אונטערדריקען די רעדנער, — אַז זייער שיקזאַל איז פֿון דער גרעסטער וויכטיגקייט פֿאַר אונז אַלס ענגלישע אַרבייטער, ווייל זייער פֿאַל היינט איז דער פֿאַל פֿון אונזערע קאַמעראַדען אין אירלאַנד און וועט פֿילייכט מאָרגען זיין דער אונזעריגער, אויב די אַרבייטער אויף ביידע זייטען אַטלאַנטיק וועלען ניט איינשטימיג ערקלעהרען, אַז אַלע די, וואָס מישען זיך

אַריין אין די רעכטע פון פרייע רעדע און פון אָבהאַלטען עפענטליכע פערזאַמלונגען, האַנדלען אונגעזעצליך און ציהען אויף זיך אַליין אַרויף די געפאַהר. מיר קענען ניט צוגעבען, אַז די פּאָליטישע אַנזיכטען פון די פעראורטהיילטע האָבען וואָס עס איז צו טהאָן מיט דער קלאַגע, אין וועלכער מען האָט זיי אַריינגעשלעפט, און מיר פּראָטעסטירען געגען זייער פעראורטהיילונג, וואָס אויב זי וועט נור אויסגעפיהרט ווערן, וועט דאָס אין אמת'ן שטעמפּלען די אָבהאַלטונג פון אַרבייטער־פערזאַמלונגען אין די פעראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ פאַר אַ פערברעכען, ווייל די פּאָליציי האָט אימער די מעגליכקייט אויפצורייצען אַ מאַסע מענשען צום ווידערשטאַנד דורך דעם, וואָס זי שטעלט זייער לעבען אין געפאַהר. מיר ערוואַרטען פון אונזערע אַמעריקאַנישע קאַמעראַדען, ווי פערשיעדען זייערע פּאָליטישע אַנזיכטען זאָלען ניט זיין, אַז זיי וועלען פאָדערן די אונבעדינגטע בעפרייאונג פון די זיבען מענער, אין וועמעס פּערזאָנען מען שטעלט אין געפאַהר די פרייהייטען פון אַלע אַרבייטער..."

אַז אָבאַן האָט געענדיגט האָט ער פאַר זיך דערזעהן אַן אַלטען מאַן מיט אַ לאַנגען, ווייסען באָרד און מיט פריינדליכע געזיכט־ציגע.

„מר. מאַרעל!" האָט ער מיט פרייד אויסגערופען, „איהר זייט ווידער דאָ? וואָס פאַר אַן איבערראַשונג!"

זיי האָבען זיך הערצליך געדריקט די הענד.

„איך האָב אייך ניט געוואָלט שטערען — איהר האָט געלייענט."

זיי האָבען געפיהרט זייער געשפּרעך אויף ענגליש.

„ווי לאַנג איז אַז איהר זייט דאָ?"

„זינט נעכטען."

„און איהר זייט געוועזן אין שיקאגא?"

„יא, פערצעהן טעג; דאן אין נויארק."

„איך האב אייך ניט ערווארט —"

„איך האב עס שוין מעהר ניט געקענט אויסהאלטען, בין איך צוריקגעקומען."

„איהר האט זיך געזעהן מיט די פעראורטהיילטע?"

„געוויס, אפט."

אבאן האט זיך אנגעבויגען צו איהם און שטילערהייט געפרעגט:

„נימא קיין האפנונג?"

דער אלטער האט געשאקעלט מיט'ן קאפ.

„קיין האפנונג. די לעצטע ליגט ביים גובערנאטאר פון אילינאיס אין די הענד, אבער איך גלויב ניט אין איהם."

שטילערהייט האבען זיי ווייטער גערעדט.

„ווי איז די שטימונג?"

„די שטימונג איז געדריקט. די „נייטס אף לייבאר" און די אנהייננגער פון הענרי דושארדזש האלטען זיך צוריק. — ס'איז איבערהויפט אביסעל אנדערש, ווי מען שטעלט זיך דא פאר. די אויפרעגונג איז ערטער־ווייז גרויס, נאר די צייט איז נאך ניט רייף גענוג."

„מען וועט אלעס טהאן—"

„איך ווייס ניט. יעדענפאלס וועט אלעס זיין אונמעג־ליך—"

זיי זיינעןביידע אנשוויגען געווארען. אבאן האט אויסגעזעהן ערנסטער ווי געוועהנליך. אבער וואס פאר א געפיהל ס'האט בעהערשט זיין זעעלע, איז אויך איצט ניט געווען צו דערקענען.

„ווי אזוי זיינען די פעראורטהיילטע?"

„זעהר רוהיג. עטליכע ווילען ניט וויסען פון קיין בעגנאַדיגונג, און זיי וועלען זיך אין דעם זינן אויסשפּרעכען. נאָר איך האָב מורא, אַז די אַנדערע האָפען נאָך—"

ס'איז שוין געווען נאָך אַכט אַזייגער. די פערזאַמלונג האָט אָנגעהויבען ווערן אונגערולדיג; די שטימען זיינען וואָס ווייטער אַלץ העכער געוואָרען.

אָבאַן האָט אַלץ געהאַלטען אין איין פרעגען, און דער אַלטער האָט איהם געענטפערט מיט זיין רוהיגער, טרויעריגער שטימע.

„איהר וועט ריידען, מר. מאַרעל?"

„ניין, מיין פריינד. פאַרהאַן אַן אַנדערער, אַ יונגערער, ער קומט אויך פון שיקאַגאָ, און ער וויל פערשיעדענעס פון דאָרט דערצעהלען."

„וועט איהר מאָרגען זיין אין דערהיים?"

„יאָ, קומט אַריבער. איך וועל אייך געבען די פערהאַנדלונגען און די לעצטע צייטונגען. כ'האָב מיטגעבראַכט אַסך מיט מיר. אַלעס וואָס איך האָב נור געקענט צונויפקריגען. אַסך. אַז איהר וועט נור ווען אַלעס דורכלעזען, וועט איהר האָבען אַ גוטען בעגריף מכח אונזערע אַמעריקאַנישע צושטענדע."

„אַ נייער פּראָצעס וועט ניט בעוויליגט ווערן?"

„כ'האָף אַז ניט. עס וועט דאָך סיי ווי סיי גאָרנישט אַרויסקומען דערפון. די יסורים, וועלכע זיינען שוין אַזוי אויך אונערטרעגליך, וואָלטען דורך דעם נור פערלענגערט געוואָרען, מען וואָלט געמוזט צונויפנעהמען נייע, אונגעהייערע מיטלען פון דעם פאָלק — נאָך אַמאָל 50 טויזענד דאָלאַר, צוזאַמענגענומען פון אַרבייטער־סענטען — און צו וואָס? — ניין, די היינע וויל בלוט—"

„און דאָס פאָלק?"

„דאָס פאָלק ווייסט אַליין ניט וואָס עס וויל. דערווייל גלויבט עס נאָך ניט אָן דער ערנסטקייט פון דער זאַך, און אַז דער ערפּטער ווערט אָנקומען, ווערט עס זיין צו שפּעט—"

אין זייער געשפּרעך האָט זיך אַריינגעמישט אַ יונגער ענגלענדער, וועלכער האָט געקענט מאַרעל'ן פון דער „סאָציאַליסט ליעג". אָבאַן האָט אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ קוק געטהאָן אויף איהם. יענער האָט געזאָגט:

„ניין, דאָס גלויבט זיך מיר נאָך אַלץ ניט. מען ווערט ניט ערמאָרדען אין סוף פון'ם נייצעהנטען יאָהרהונדערט אַזוי אָפען פאַר די פעלקער אין די אויגען זיבען מענשען, וועמעס אונשולדיגקייט איז בעוויזען געוואָרען אַזוי קלאָהר ווי דער טאָג; מען קען אויסשלאַכטען טויזענדע און אָבער-טויזענדע, אָבער מען ווערט ניט האָבען דעם מוטה אין אַ לאַנד מיט די אינסטיטוציאָנען פון די שטאַאַטען צו בויען בלויז אויף די געוואַלט און זיך איינפאַך אויסלאַכען פון די געזעצען. ניין, זיי וועלען עס דערפאַר ניט טהאָן, ווייל עס וואָלט פון זייער שטאַנדפּונקט פּשוט געווען אַ שגעון, אויף אַזאַ'ן אופן אויפצוקלעהרען און אויפצורייצען דאָס פאָלק. ניין, זיי וועלען עס ניט סמייען! גיט אַ קוק, דאָ אַליין אָט די מאַסען, און אַזוי טאָג פאַר טאָג אין אַלע פרייערע לענדער, דאָ און אויף יענער זייט אָקעאַן, דיזע פערזאַמ-לונגען, דיזע צייטונגען, אָט דער ים פון פלוג-שריפטען! וואו איז ערגעץ דער מענש, וואָס האָט נאָך אַביסעל פערנונפט און אַ שטיקעל האַרץ אין זיך, און ער זאָל זיך ניט עמפּעהרען? — קען מען דען איבערצעהלען די מחנות, וועלכע וועלען זיך דאָרט אויפהויבען? וואָס זשע, זייער ווילען זאָל ניט זיין שטאַרק גענוג, אַריינצוּוּאָגען אַ מורא אין יענע פערקויפטע שורקען, אַז זיי זאָלען אָבשטעהן פון

זייער פערברעכען? ניין, זיי וועלען עס ניט וואַגען, קאַמעראַד! דאָס וואָלט געווען זייער אייגענע מפלה!"

די ביידע, צו וועמען ער האָט גערעדט, האָבען גע־צויגען מיט די אַקסלען. וואָס האָבען זיי איהם געזאָלט ענטפערן? —

זיי האָבען ביידע אין דעם קאַמפף צווישען די צוויי קלאַסען, די רייכע און די אָרעמע, זיך אָנגעזעהן מיט אַזויפיעל גרויזאַמע נידערטרעכטיגקייטען, וואָס עס האָבען בעגאַנגען די, וועלכע האָבען די געוואַלט אין זייערע הענד, אַז זיי האָבען זיך געמוזט פרעגען, וואָס וועט נאָך אַזוינס פאָרקומען, וואָס זאָל זיי קענען איבערראַשען? —

אָבאַן האָט געזעהן, ווי ביים אַלטען האָבען געציטערט די הענד, אין וועלכע ער האָט געהאַלטען אַ גראָען, אָבגעטראָגענעם הוט, און ווי אַזוי ער האָט דאָס דאָזיגע לייבטע ציטערן, וועלכע האָט אַרויסגעצייגט זיין גאַנצע אינערליכע אויפרעגונג, געזוכט צו פערהוילען דערמיט וואָס ער האָט זיך נאַכלעסיג געשפּיעלט מיט׳ן הוט.

„זיי מיינען, אַז זיי וועלען טרעפען דעם אַנאַרכיזם אין סאַמע האַרצען, ווען זיי וועלען אויפהייננען עטליכע פון זיינע פערטרעטער," האָט ער זיך אָבגערופען. אָבאַן האָט בעמערקט, אַז ער וויל זיך איצט ניט אַריינלאָזען אין דעם געשפּרעך, און ער האָט דאַרום געשוויגען.

נאָר ביי זיך האָט ער זיך געטראַכט: „וואָס איז אַזוינס אַנאַרכיזם?" — די פעראורטהיילטע אין שיקאַגאָ? — זייערע אַנזיכטען זיינען טהיילוויז געווען סאָציאַל־דעמאָקראַטיש, טהיילוויז קאָמוניסטיש, קיין צוויי פון זיי האָבען ניט געגעבען דעם זעלבען ענטפער אויף וואָס פאַר עס איז פראַגע, וואָס מען האָט זיי געשטעלט, און וועלכע האָט געהאַט אַ שייכות מיט די גרונד־אידעען זייערע — און

דאָך האָבען זיך אַלע גערופען און מען האָט זיי אַלע גערופען „אַנאַרכיסטען". אָבער ווען האָט נאָך דער אינדיווידואַליזם אַרויסגערעדט שטאַרקער און להכעיס'דיגער איידער פון די ווערטער פון יענעם יונגען קאָמוניסט, וועלכער האָט איסגערופען צו זיינע „ריכטער": „איך פעראַכט אייך, איך פעראַכט אייערע געזעצען, אייער „אָרדנונג", אייער געוואַלט־הערשאַפט" — און: „איך בלייב דערביי: ווען מען וועט אונז סטראַשען מיט קאַנאָנען, וועלען מיר ענטפערן מיט דינאַמיט־באָמבען" — ?

און ווידער דער זקן, וואָס איז געזעסען לעבען איהם! אויך ער האָט זיך גערופען „אַנאַרכיסט"... און וואָס האָט ער געהאַלטען אין איין פריידיגען אין זיינע מאַסען פלוגשריפטען? די ליעבע.

„וואָס איז אַנאַרכיע?" — האָט ער געפרעגט. און ער האָט געענטפערט: „ס'איז אַ געזעלשאַפטס־סיסטעם, אין וועלכען קיינער שטערט ניט די האַנדלונגען פון זיין שכן, פון זיין מיט־מענשען; וואו די פרייהייט איז פריי פון געזעץ; וואו פריווילעגיום עקזיסטירט ניט; וואו געוואַלט איז ניט דער איינאָרדנער פון מענשליכע האַנדלונגען. — דאָס אידעאַל איז דאָסזעלבע, וואָס דער נוצרי האָט מיט צוויי טויזענד יאָהר צוריק געבראַכט דער וועלט: די אַלגעמיינע ברידערליכקייט פון דער גאַנצער מענשליכער פאַמיליע."
און שמערצליך פלעגט ער אַלץ כסדר אויסרופען: „ראַכע איז די לעהרע, וועלכע ווערט געפריידיגט אין דער קירכע, אין דער פרעסע, אין אַלע קלאַסען פון דער געזעלשאַפט!
— ניין, ליעבע! ליעבע! ליעבע! פריידיגט!..."

אָבאַן, וועלכער האָט זיך דערמאָנט אָן די דאָזיגע ווערטער, האָט געטראַכט דערפון, ווי געפעהרליך עס איז אַזוי אַלגעמיין, אַזוי סתם אין דער וועלט אַריין צו ריידען

צו די, וועלכע פערשטעהען נאָך אַזוי ווייניג אָבצושאַצען דעם זינן און דעם ווערטה פון די ווערטער. אַזוי פערוויקעלט און פערפלאָנטערט זיך דאָס פרעמדע און אונפערבינדבאַרע וואָס ווייטער אַלץ מעהר אין אַ קנויל, פאַר וועמעס לייזונג פיעלע שרעקען זיך אָב, וועלכע וואָלטען פונדעסטוועגען גערן נאָכגעגאַנגען די איינצעלנע פעדים...

אָבאַן האָט זיך ערשט מיט אַ קורצער צייט צוריק בעקענט מיט דעם אַלטען מאַן. ער איז געווען אויף אַ דעבאַטע, וואו מען האָט דיסקוטירט איבער די אונטערשיעדען פון דעם אינדיווידואַליסטישען און קאָמוניסטישען אַנאַרכיזם. מר. מאַרעל איז געווען דער איינציגער, וועלכער האָט — ווי ער האָט אַליין געגלויבט — פערטראָטען דעם ערשטען. זיינע ערקלעהרונגען האָבען אָבאַן'ן פעראינטערעסירט. ניט קוקענדיג אויף זייער ניט־קאָנסעקווענטקייט, האָט ער אין זיי דאָך געפונען אַ טהייל זאַכען, וועלכע האָבען געהאַט אַ געווויסע פערוואַנדשאַפט מיט זיינע אייגענע ערפאַהרונגען. אַזוי זיינען זיי בעקאַנט געוואָרען איינער מיט'ן אַנדערן און האָבען זיך עטליכע מאָל געזעהן, איידער יענער איז צוריקגעפאָהרען קיין אַמעריקאַ, כדי דאָרט צו טהאָן דאָס, וואָס איז נאָך געלעגען אין זיינע כוחות. אַזוי ווי ער האָט קיינמאל ניט גערעדט וועגען זיך, האָט אָבאַן ניט געוואוסט, וואָס פאַר אַ מין אַרבייט דאָס האָט געוואָלט זיין, און דערפון וואָס ער האָט היינט אָבענד פון איהם געהערט, האָט ער געקענט אַרויסזעהן, אַז אויך די דאָזיגע מיה זיינע איז געבליבען אָהן אַ שום ערפאָלג. על כל פנים האָט עס אויסגעזעהן, אַז אָט דער מאַן האָט געהאַט אַ זעהר ברייטען נעץ פון אַלערליי פערבינדונגען ביי זיך אין דער האַנד, מחמת ער האָט געקענט די אַלע פערזענליכקייטען, וועלכע האָבען זיך בעטהייליגט ביי דעם

פראָצעס פון די אַכט, און דערצו איז ער אויך, ווי עס האָט אויסגעוויזען, געווען גוט בעקאַנט מיט דער אַנאַרכיסטישער בעוועגונג אין אַמעריקאַ.

זיינע פלוג-בלעטער האָבען געטראָגען דעם אונטער-שריפט „דער אונבעקאַנטער". — אין לאָנדאָן האָט זיך דער אַלטער ווייניג וואָס געוואָרפען אין די אויגען. זעלטען ווען ער האָט גערעדט עפענטליך, און דער שטראָם פון דער לאָנדאָנער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג טרייבט היינט אַרויס אַזוי פיעל פערזענליכקייטען אויף דער אויבערפלעכע, כדי זיי מאָרגען ווידער אַמאָל צו פערשלינגען, אַז עס איז ניט מעגליך צו שיינקען בעזונדערע אויפמערקזאַמקייט דעם, וואָס לויפט דורך פעריבער דעם שטראָם און וויל זיך ניט אַרויסצייגען פאַר דער עפענטליכקייט.

ער האָט זיך איצט נאָכגעפרעגט ביים ענגלענדער נאָך עטליכע פון די אָנוועזענדע. אָבאַן האָט זיך אָבגעקעהרט אָן אַ זייט.

„ווער איז דאָס?"

ער האָט אָנגעוויזען אויף אַ פרוי אין אַן איינפאַכען, דונקעלען קלייד, וועלכע איז געזעסען ניט ווייט פון זיי. איהרע אויסדרוקס-פולע געזיכט-ציגע האָבען געצייגט, אַז זי נעהמט דעם לעבעדיגסטען אינטערעס אין אַלעס, וואָס טהוט זיך אַרום איהר, און זי האָט מיט לעבעדיגקייט און מיט אַ לאַבענדען טאָן גערעדט מיט אַ דאַמע, וועלכע איז געזעסען לעבען איהר.

„איך ווייס ניט," האָט דער ענגלענדער געענטפערט. אָבער דאַן האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער האָט זי איינ-מאָל געזעהן אין אַ דייטשען קלוב, און ער האָט צוגע-לייגט:

„איך ווייס נור, אַז זי איז אַ דייטשע, אַ דייטשע סאָציאַליסטקע. עהרגייציג, אָבער אַ גוט האַרץ. זי האָט אַ לאַנגע צייט אין בערלין אַגיטירט דערפֿאַר, אַז די גאַסען־פֿרויען זאָלען ניט דאַרפֿען זיין אונטערוואָרפֿען דער אונ־טערזוכונג פֿון אַ דאָקטאָר."

דער נייגיעריגער אַלטער האָט ווייטער געפֿרעגט דעם, וואָס איז לעבען איהם געשטאַנען:

„און ווער איז דער, מיט וועמען זי רעדט אַצונד?"

דער ענגלענדער האָט אַ קוק געטהאָן אַהין. ס'איז געווען אַ יונגער מאַן, וועמען ער האָט אויך געקענט פֿון אויבען אויף.

„איך מיין, דאָס איז אַ דיכטער," האָט ער זיך אָב־גערופֿען. זיי האָבען ביידע געשמייכעלט.

„ער האָט אָנגעשריבען אַ סאָציאַלעס געדיכט."

„איהר האָט עס געלייענט?"

„אָה ניין, איך לייען ניט קיין דייטש."

„ער זעהט ניט אויס ניט ווי קיין דיכטער, ניט ווי קיין סאָציאַליסט. וואָס זשע, אָט אַפּנים ער מיינט, אַז מיט די געדיכטע זיינע וועט ער פֿערבעסערן די וועלט? — ער וועט זיך אין אַ שעהנעם טאָג אַרומזעהן, ווי נוצלאָז זיי זיינען, און אַז די מענשען מוזען אַפֿריהער האָבען ברויט, איידער זיי זאָלען זיין אים שטאַנד צו דיינקען וועגען עפּעס אַנדערש. אַז מען האָט גאָרנישט וואָס צו עסען, דאַן איז ניטאָ קיין פּאָעזיע!"

דער יונגער מאַן האָט געשמייכעלט איבער די מיט האַרץ אַרויסגעזאָגטע ווערטער פֿון'ם אַלטען, וועלכער האָט אוננעשטערט ווייטער גערעדט, אין דער צייט וואָס אָבאַן האָט בעטראַכט די מאַסע:

„מען קען זיך שרייבען די צאַרטסטע ליעבעס־געדיכטע

און ווי א קצב צוזעהן די בלוטיגסטע רציחות. און מען וועט זיך אנידערזעצען און אנשרייבען א יובעל־הימנע אויף די „טאפפערע סאלדאטען", די מערדער, וועלכע קומען צוריק, טריפענדיג מיט בלוט, פון דער מלחמה. מען קען בעזינגען די „ליידען פון די פעלקער" און אין א שעה ארום אויף'ן באל קושען די האנד פון דער „גנעדיגער פרוי", וועלכע האט אקארשט אויסגעפאטשט דעם משרת. אבער מכח וואס רעדען מיר דע? זאגט מיר ליעבערשט, ווער איז יענער מאן דארט?"

„איינער פון אונזערע פארלאמענטס־קאנדידאטען. א לומפ אהן א שים כאראקטער. א שרייער. ווען ער וואלט געהאט די מאכט, וואלט ער געווען א טיראן. נאר ער טהוט אזוי אויך אן גענוג צרות."

* * *

איצט האבען זיי ביידע זיך גענומען אויפמערקזאם צוקוקען צו דער פערזאמלונג. אבאן איז נאך אלץ געווען פערטיעפט אין געדאנקען. די שטוהלען אויף דער פלאט־פארמע זיינען פערנומען געווארען פון די פערטרעטער און דעלעגאטען פון אלע פעראיינען, וועלכע האבען איינגערופען דעם מאסס־מיטינג.

עטליכע פרויען האט מען געקענט בעמערקען צווישען זיי. — דעם פלאץ פון דעם פארזיצענדען האט פערנומען א בלאסער, פערציג יעהריגער מאן, אנגעטהאן ווי א פריס־טער פון דער „היי טשוירטש". אז מען האט בעקאנט גע־מאכט, אז ער איז אויסגעוועהלט געווארען אלס „טשערמאן", איז ער אויפגענומען געווארען מיט א שטורם פון אפלאָ־דיסמענטען. אבאן האט איהם געקענט, ער איז געווען א קריסטליכער סאציאליסט, וועלכער האט זייט יאהרען לאנג געארבייט צווישען די ארעמע פון'ם איסט ענד. צוליעב

זיינע מיינונגען האָט מען ביי איהם צוגענומען דאָס רעכט צו זיין אַ גייסטליכער. די קירכע איז דער גרעסטער שונא פון יעדען כאַראַקטער.

ער האָט געעפענט די פערזאַמלונג. ער האָט געזאָגט, אַז זי איז צוזאַמענגעשטעלט פון מענשען מיט די פערשיע־דענסטע לעבענס־אַנשויאונגען, פון ראַדיקאַלען און אַנטי־סאָציאַליסטען אַזוי גוט ווי פון אַנאַרכיסטען און סאָציאַליסטען. אָבער די אַלע האָבען זיך פעראייניגט אין דעם איינעם וואונש צו פראָטעסטירען געגען די אונטערדריקונג פון'ם רעכט אויף פרייע רעדע. ער אַליין איז ניט קיין אַנאַרכיסט, ווי די פעראורטהיילטע אין שיקאַגאָ, ער האָט זאָגאַר אַ שטאַרקע אָבנייגונג געגען די לעהרען פון דעם אַנאַרכיזם, אָבער ער פאָדערט פאַר זיינע פראָפּאַגאַנדיסטען און אָנהייגער פונקט דיזעלבע אָדער נאָך אַ גרעסערע פרייהייט, ווי ער — דער פריסטער פון אַ קריסטליכער קירכע — פאָדערט זי פאַר די פערשפרייטונג פון זיינע אייגענע אַנזיכטען. אַלע מוזען האָבען דאָס גלייכע רעכט צו דיענען צו דעם, וואָס זיי האָבען אָנערקענט אַלס וואַהרהייט און וואָס זיי האַלטען פאַר וואַהרהייט, און דערום, אין נאָמען פון זיין גאָט און אין נאָמען פון דער מענשליכקייט פערלאַנגט ער, מען זאָל די דאָזיגע מענער אַרויסלאָזען פריי.

אַז ער האָט געענדיגט, האָט מען פאָרגעלעזען אַ גרויסע צאָהל טעלעגראַמען און בריעף פון אַלע געגענדען פון ענג־לאַנד. פיעל פון זיי זיינען אויפגענומען געוואָרען מיט אַ שטורמענדען בייפאַל.

אָבאַן האָט געוואוסט, אַז אַ טהייל פון די דאָזיגע פער־איינען צעהלען טויזענדער מיטגליעדער; ער האָט צווישען די פאָרגעלעזענע נעמען געהערט עטליכע, וועלכע האָבען דעם גרעסטען איינפלוס. מענער פון דער פעדער, וואָס יע־

דער איינער האָט זייערע ווערק געלייענט — וואָס האָבען זיי אַלע געטהאָן, זיי, וועלכע זיינען פּונקט ווי ער אַליין איבערצייגט געווען אין דער געמיינהייט פון יענעם אורטהייל? זיי האָבען בערוהיגט זייער געוויסען מיט אַ פּראָטעסט. וואָס וואָלטען זיי געקענט טהאָן? זייער איינפלוס, זייער שטעלונג, זייער מאַכט — זיי זיינען פיליכט געווען שטאַרק גענוג אָבצוהאַלטען די דורכפיהרונג פון יענער טהאַט, דורך דעם וואָס זיי וואָלטען אויפגעהויבען אַן אַלגעמיינע און בעוואוסט־זיניגע ענטריסטונג איבעראַל. אָבער זייער נאָמען און זייער פּראָטעסט זיינען געבליבען אָהן אַ ווירקונג דאָ פאַר די קליינע צאָהל מענשען. אויך זיי זיינען געווען די קנעכט פון זייער צייט, זיי, וועלכע וואָלטען געקענט זיין איהרע אמת'ע בעלי בתים.

פון זיינע געדאַנקען איז אָבאַן אויפגעטרייסעלט געוואָרען דורך אַ שטימע, וועלכע ער האָט אָפט געהערט. לעבען טיש אויף דער פּלאַטפאָרמע איז געשטאַנען אַ נידעריגע, שוואַרץ־געקליידעטע פרוי. אונטער'ן שטערן, וועלכער איז געווען בעדעקט פון געדיכטע, קורץ געשניטענע האָר אַזוי ווי פון אַ קראַנק, האָבען געבלישטשעט אַ פּאָר שוואַרצע, בעגייסטערטע אויגען. דער ווייסער קאָלנער און דאָס גאַנץ איינפאַכע, כמעט מאָנאַכישע, לאַנגע קלייד האָבען עפּעס אַזוי ווי געהערט צו אַ פערגאַנגענעם יאָהרהונדערט. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז נור ווייניגע פון דער פערזאַמלונג קענען זי; נאָר דער, וואָס האָט זי געקענט, האָט געוואוסט, אַז זי איז די טרייעסטע, טהעטיגסטע און ליידענשאַפטליכסטע פאָר־קעמפפערין פון'ם קאָמוניזם אין ענגלאַנד. אויך זי האָט זיך גערופען אַנאַרכיסטין.

זי איז ניט געווען קיין בעגייסטערנדע רעדנערין; אָבער אין איהר שטימע איז געלעגען יענער שטאָהל־קלאַנג פון

פּעסטער איבערצייגונג און עהרליכקייט, וועלכער ווירקט אָפט מעהר אויף דעם צוהערער, איידער די גלענצענדסטע רעדנער־קונסט.

זי האָט געגעבען אַ בילד פון אַלע יענע פּאַסירונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין שיקאַגאָ פאַר דער אַרעסטירונג און פעראורטהיילונג פון די גענאָסען. קלאָהר — טריט ביי טריט — האָבען זיך די דאָזיגע געשעהענישען געצויגען פערביי די אויגען פון די צוהערער. . .

זי האָט דערצעהלט מכח דער ענטשטעהונג און דעם וואַקסען פון דער אַכט שטונדען־בעוועגונג אין אַמעריקאַ, מכח די אָנשטריינגונגען, וואָס מען האָט געמאַכט איינצופיהרען דעם אַכט שטונדיגען אַרבייטס־טאָג אויף אַ געזעצליכען אופן; מכח זייערע ערפאָלגען. . . זי האָט ערקלעהרט, ווי אַזוי עס איז געקומען, וואָס די רעוואָלוציאָנערן פון שיקאַגאָ האָבען זיך אַריינגעוואָרפען אין דער בעוועגונג, וויסענדיג אין דער זעלבער צייט וואָס פאַר אַ בעדייטונג און וואָס פאַר אַ ווערטה זי האָט אייגענטליך. זי האָט גערעדט פון די אונערמיעדליכע אָנשטריינגונגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער אַרבייטער־אַסאָסיאַציאָן; און ווי אַזוי יענע מענער, וועלכע האָבען איצט געקוקט דעם טויט אין די אויגען, האָבען זיך געמוהט שטעלען אָן דער שפּיצע פון דער בעוועגונג. . .

דערנאָך האָט זי געפּרואווט שילדערן יענע אונגעהייערע אויפרעגונג, וועלכע איז געוועזען אין די מאַי־טעג פון פאָריגען יאָהר: די פיבערהאַפטע שפּאַנונג אין די קרייזען פון די אַרבייטער, די מורא אין די קרייזען פון די עקספּלואַטאַטאָרס. . . די וואַקסענדע צאָהל פון די סטרייקער, ביז צו יענעם טאָג, דעם ערשטען מאַי, וועלכער האָט געזאָלט ברייננען די ענטשיידונג. . .

דאַן האָט זי פאָרגעשטעלט די מאַי־טעג גופא:

„— מעהר ווי 25 טויזענד אַרבייטער ליגען אין איין און דעם זעלבען טאָג אוועק זייער אַרבייט; אין צייט פֿון דריי טעג האָט זיך זייער צאָהל פֿערדאָפּעלט. דער סטרייק איז אַן אַלגעמיינער. דער צאָרן פֿון די קאַפּיטאַליסטען קען זיך נור פֿערגלייכען מיט זייער שרעק. אין פֿיעלע ערטער פֿון דער שטאָדט ווערן יעדען אָבענד אָבגעהאַלטען מיטינגען. די רעגירונג שיקט אַרויס איהרע פּאָליציי־לייט און מען שיסט אין איינע פֿון די דאָזיגע פֿריעדליכע פֿערזאַמלונגען: פֿינף אַרבייטער בלייבען טויט אויף'ן פּלאַץ. . .

„ווער האָט די מערדער פֿון די דאָזיגע מענער געשטעלט צום געריכט און געפֿאָדערט פֿון זיי דין וחשבון? — קיינער ניט."

זי האָט זיך אָבגעשטעלט אויף אַ ווײַלע. פֿון'ם קלאַנג פֿון איהר שטימע האָט מען געקענט אַרויסהערען איהר אייגערליכע אייפֿרעגונג, בעת זי האָט גערעדט ווייטער:

„אויף מאָרגען אָבענד רופֿען די אַנאַרכיסטען איין אַ מיטינג אויף דעם היימאַרקעט. ס'געהט צו רוהיג; ניט קוקענדיג אויף דעם, וואָס איז פֿאָרגעקומען, זיינען די רעדען אַזוי ווייניג אויפֿרייצענדיג, אַז דער מעיאָר פֿון שיקאַגאָ — וועלכער איז געווען גרייט ביי דעם ערשטען אונגעזעצליכען וואָרט אויפֿצולייזען די פֿערזאַמלונג — לאָזט וויסען דעם פּאָליציי־אינספעקטאָר, אַז ער קען זיינע לייט אַוועקשיקען אַהיים. אָבער אָנשטאָט דעם מאַכט דער אינספעקטאָר ווידער אַן אַטאַקע אויף די פֿערזאַמעלטע. אין דער דאָזיגער רגע פֿליהט פֿון אַן אונבעקאַנטער האַנד אַ באָמבע אין די רייהען פֿון די אָנגרייפֿער. די פּאָליציי הויבט אָן מערדערליך צו שיסען. . .

„ווער האָט געוואָרפֿען די באָמבע? — אפשר איז דאָס געוועזען די האַנד פֿון אַ פֿערצווייפֿעלטען, וועלכער האָט זיך

אויף אַזאַ'ן אופן געוואָלט פערטהיידיגען געגען די נייע הריגה; פיליכט — און דאָס איז אַ מיינונג, וואָס הערשט אין די אַרבייטער-קרייזען פון שיקאַגאָ — איז דאָס געווען אַן אַגענט פון דער פּאָליצייִ גופא: ווער קען ניט די מיטלען, מיט וועלכע אונזערע געגנער בענוצען זיך, אום אונז צו פערניכטען? — אויב עס איז אַזוי געווען, דאַן האָט ער זיין זאַך אָבגעטהאָן נאָך בעסער ווי מען האָט עס ערוואַרט.

„ווער האָט געוואָרפען די באָמבע? — מיר וויסען עס פונקט אַזוי וויניג, ווי יענע אַכט מענער, וועלכע מען האָט אין דעם אונגעהייערן שרעק, וואָס האָט זיך נאָך דער דאָזיגער שטונדע פערשפּרייט איבער שיקאַגאָ, איינפאַך אויסגעקליבען, ווייל זיי זיינען געווען די בעקאַנטעסטע נעמען אין דער בעוועגונג, כאָטש עטליכע פון זיי זיינען איבערהויפּט ניט געווען אויף דער פערזאַמלונג. אָבער וואָס האָט עס אויסגעמאַכט? דאָס האָט ניט געשטערט דעם געריכט, זיי צו אַרעסטירען, פונקט ווי עס האָט איהם ניט געשטערט זיי צו ערקלעהרען שולדיג אין דער געהיימער פערשוועררונג, כאָטש עטליכע פון זיי האָבען זיך גאָר פריהער קיינמאָל ניט געזעהן.

„פאַרוואָס זיינען זיי פעראורטהיילט?" האָט זי געשלאָסען איהר רעדע. „ניט דערפאַר ווייל זיי האָבען בעגאַנגען אַ פערברעכען, — ניין, ווייל זיי זיינען געווען די פערטהיידיגער פון די אָרעמע און אונטערדריקטע! ניט דערפאַר ווייל זיי זיינען מערדער, — ניין, ווייל זיי האָבען געוואַגט דעם שקלאַף די אויגען צו עפענען איבער די אורזאַכען פון זיין שקלאַפעריי. אָט די מענער, וועמעס ריינער כאַראַקטער האָט זאָגאַר ניט געקענט בעשמוצט ווערן פון די מיאוס'ע אָנגריפען, וואָס די „אָרגאַנען פון דער עפענטליכער מיינונג" האָבען אויף זיי געוואָרפען, ווערן געהאַנגען, דערפאַר ווייל זיי האָבען אמת,

טריי און אָהן אַ שום אינטערעס געדיענט זייערע איבערצייי־גונגען אין אַ צייט, אין וועלכער בלויז דער בלייבט אוגע־ריהרט, וועלכער געהט אַלס ליגנער מיט די ליגנערס!"

זי איז אַנשוויגען געוואָרען. אַלע האָבען זיך צוגעהערט מיט אַ שפּאַנענדען אינטערעס. איצט האָבען פיעלע גע־פּאַטשט.

אָבאַן האָט ניט אַראָבגענומען קיין אויג פון איהר. ער האָט איהר נאָכגעקוקט מיט זיינע דורכדרינגענדע בליקען, ווי זי איז אַרונטערגעגאַנגען פון דער ביהנע אין זאַאַל, און געפינענדיג, אַז אַלע ביינק זיינען פערנומען, האָט זי זיך גאַנץ גלייכגיילטיג אַוועקגעזעצט אויף די טרעפּ פון דער פּלאַט־פאָרמע. עפּעס האָט ער אַזוי ווי געוואָלט דורך דער האַנד, מיט וועלכער זי האָט זיך די אויגען פערשטעלט, אַריינקוקען טיעף ביי איהר אין דער נשמה, כדי אויך דאָ צו געפינען די בעשטעטיגונג פון זיין לעצטער, טיעפסטער איבערצייגונג: דער עגאָאיזם פון אַלעס וואָס עקזיסטירט אויף דער וועלט. און אויך דאָ האָט ער זיך אפילו אויף אַ רגע ניט צוריקגע־האַלטען, זיך מודה צו זיין, אַז אָט די פרוי מוז זיך פיהלען גליקליכער אין דעם דאָזיגען לעבען פול מיט מיה, אויפ־אָפּפערונג און ענטזאגונג, איידער זי וואָלט עס געווען, ווען זי פיהרט ווייטער יענעס לעבען אין וואוילטאָג און זאָרגלאָ־זיגקייט, אין וועלכען זי איז אויפגעוואַקסען געוואָרען און וואָס זי האָט פערלאָזען, כדי — ווי זי און אַלע אַנדערע האָבען עס געגלויבט — צו דיענען די „זאַך פון דער מענשהייט", אין דער צייט וואָס זי איז אויך דאָ נור דיקטירט געוואָרען, און ווען אפילו גאַנץ אונבעוואוסטערהייט, פון איהר אייגענעם גליק.

דער גערויש, וואָס האָט אָנגעהאַלטען עטליכע מינוטען אין זאַאַל, האָט ענדליך אויפגעהערט, און אָבאַן'ס בליקען

און געדאַנקען האָבען זיך ווידער געווענדעט צו דער פּלאַט־פאָרמע, פון וואַנען די שטימע פון׳ם טשערמאַן האָט אויס־גערופען דעם נאָמען פון דעם נעקסטען רעדנער.

„זעהט דאָרט,״ האָט זיך מר. מאַרעל אָבגערופען צו אָבאַן׳ן. „אָט דער יונגער מאַן קומט פון שיקאַגאָ. ער ווערט אייך דערצעהלען פערשיעדענעס פון דאָרט. ער איז ערשט היינט אָנגעקומען אַהער פון ליווערפול.״

אָבאַן האָט זיך צוגעהערט מיט אַ שפּאַנענדער אויפ־מערקזאַמקייט צו זיינע רייד. דער אַמעריקאַנער האָט דער־צעהלט עטליכע פון די וויניג בעקאַנטע איינצעלהייטען פון׳ם פּראָצעס, וועלכע האָבען מעהר איידער אַלעס אַנדערע כאַ־ראַקטעריזירט די גאַנצע פערשווערונג געגען די אָנגעקלאָגטע. ער האָט בעשריבען די קוניץ־שטיק, וואָס זיינען אָנגעגאַנגען ביי דער צוזאַמענשטעלונג פון דער דזשורי, ציטירענדיג די ווערטער פון דעם בייליף: „איך האָב דעם דאָזיגען פאַל ביי מיר אין די הענד און כ׳ווייס וואָס איך האָב צו טהאָן. אָט די לייט וועלען אויף יעדען פאַל געהאַנגען ווערן. איך שלאָג פאָר אַלס געשוואָרענע אַזעלכע מענער, וואָס די פערטהיי־דיגער מוזען פערוואַרפען — ביז וואַנען זיי וועלען קיין ברירה ניט האָבען און מוזען אָננעהמען די, וועלכע וועלען זיי קומען פאַר דער האַנד...״ ער האָט געשילדערט די פּערזענליכקייטען פון די רעגירונגס־עדות, יענעם נידערטרעכטיגען שופט, וועלכער האָט בעקומען געלד פון דער פּאָליציי, אום צו זאָגען אַלעס, וואָס זי האָט געוואָלט... די ביידע אַנדערע עדות, וועמען מען האָט געשטעלט די ברירה, אָדער געהאַנגען צו ווערן אינאיינעם מיט די איבעריגע, אָדער אַרויסגעהן פריי און זאָגען דעם „אמת״. „וועלען אַזעלכע מענשען ניט זאָגען אַלעס, וואָס מען פערלאַנגט פון זיי, ווען זיי האָבען פאַר די אויגען דעם טויט אָדער די פרייהייט?״ האָט אויס־

גערופֿען דער רעדנער, און פֿון אַלע טהיילען פֿון'ם זאַאל האָבען זיך געלאָזט הערען קולות, וועלכע האָבען צוגעשטימט צו זיינע ווערטער. אַז ער האָט דערנאָך איבערגעגעבען די ווערטער פֿון יענעם ברוטאַלען און בעוואוסטען פּאָליציי־קאַפּיטאַן: „—ווען איך וואָלט נור געהאַט אַ טויזענד פֿון די דאָזיגע סאָציאַליסטען און אַנאַרכיסטען צוזאַמען אין איין בינדעל, מיט זייערע פֿערדאַמטע ווייבער און קינדער, וואָלט איך מיט זיי געמאַכט אַ קורצען פּראָצעס"; און אַז ער האָט גערעדט פֿון יענער „בעצאָהלטער און אָנגעשטעלטער דזשורי", וועמען די געלד־זעק פֿון שיקאַגאָ האָבען דורך איינעם פֿון זייערע אָרגאַנען אָנגעבאָטען הונדערט טויזענד דאָלאַר פֿאַר איהרע „טובות",—האָט אויסגעבראָכען אַ מורא'דיגער שטורם פֿון צאָרן און פֿעראַכטונג. פֿערש'עדענע קולות אין סטראַ־שענדע אויסרופֿען האָבען זיך געלאָזט הערען, און נאָך איז דער זאַאל געווען פֿול מיט אויפֿרעגונג, זאָגאַר ווען דער יונגער אַמעריקאַנער האָט שוין אָבגעטראָטען און געמאַכט פּלאַץ פֿאַר אַ נידעריגען מאַן, געקליידעט אין אַ לאַנגען שוואַרצען ראָק, מיט אַ געדיכטען און לאַנגען באָרד, מיט שיטערע האָר אויף'ן קאָפּ און מיט זעהר דייטליכע סלאַווישע געזיכטס-ציגע; און די קולות פֿון צאָרן און פֿעראַכטונג האָ-בען זיך פּלוצלינג פֿערוואַנדעלט אין אויסרופֿען פֿון אָנערקענונג און פֿערעהרונג, פֿון בעגייסטערונג און ליעבע.

געווים זיינען צווישען די טויזענדע ניט געווען קיין סך, וואָס האָבען ניט געקענט אָט דעם מאַן, וועלכער איז וואַ־רעמער בעגריסט געוואָרען, איידער ווער עס איז פֿון די ענגלישע ליעדערס; וואָס האָבען שוין ניט געהערט וועגען זיינע מערקווירדיגע שיקזאַלען, מכח זיין וואונדערבאַרען אַנט־לויפֿען פֿון די פּעטערבורגער פֿעסטונגען, זיין קומען קיין פֿראַנקרייך, וואו מען האָט איהם פֿון דאָס ניי אַריינגעזעצט

אין געפֿענגנים, אום איהם ענדליך דאָ אין ענגלאַנד צו גע־
בען אַ לעצטען מקום מנוחה. עס זיינען אודאי געווען ווייניג
מענשען אין זאַאַל, וועלכע האָבען ניט געוואוסט, וואָס דער
דאָזיגער מאַן האָט געטהאָן און וואָס ער טהוט נאָך פֿאַר
דער „זאַך“. זיינע שריפֿטען, פֿערשפּרייט אין די רעוואָלו־
ציאָנערע אָרגאַנען פֿון דעם „אַנאַרכיסטישען קאָמוניזמוס“
פֿון אַלע שפּראַכען, זיינען זייט אַ רייה פֿון יאָהרען פֿאַר די
קאָמוניסטישע אַנאַרכיסטען געווען דער אונאויסשעפּליכער
און אָפֿט איינציגער קוואַל פֿון זייער פּראָפּאַגאַנדאַ. יעדער
איינער האָט זיי געקענט; יעדער איינער האָט זיי געלעזען
און געלעזען. זיין קראַפֿט, וועלכע ער האָט אַמאָל אָבגעגע־
געבען דער געהיימער אינערליכער בעוועגונג אין רוסלאַנד,
האָט אַצונד געהערט דער אינטערנאַציאָנאַלער בעוועגונג;
און פֿערשטעהט זיך, אַז דיזע האָט אין איהם פּונקט אַזוי
פֿיעל געוואונען, ווי יענע האָט אין איהם געמוזט פֿערלירען.
אָט די קראַפֿט איז געווען אונערוועצליך, און ווייל יעדער
איינער האָט עס געוואוסט, האָט איהם יעדער, וואָס האָט
איהם נור דערזעהן, געדאַנקט דערפֿאַר.

ער איז געווען אַ קאָמוניסט. די צייטונג, וואָס איז
ערשיענען אין פּאַריז און וועלכע ער פֿלעגט רעדיזשירען פֿון
לאָנדאָן, ווייל ער האָט ניט געטאָרט אויפֿהאַלטען זיך אין
יענער שטאָדט, האָט זיך גערופֿען „קאָמוניסטיש אַנאַרכיס־
טיש“. אין גייסטרייכע אַרטיקלען, וועלכע זיינען ערשיענען
אין איינעם פֿון די בעדייטענדסטע ענגלישע זשורנאַלען, האָט
ער פּרובירט געבען די „וויסענשאַפֿטליכע יסודות“ פֿון זיין
אידעאַל, וואָס ער האָט גערופֿען אַנאַרכיע. אָבער אויך פֿון
די דאָזיגע אַרבייטען, וועלכע האָבען אַרויסגעצייגט די גרויס־
קייט פֿון דעם פֿערפֿאַסער׳ס קענטעניסען אין בעצוג צום
סאָציאַליזם און פֿון זיין אונגעהייערער בעלעזענהייט, איז עס

אָבאַן'ן דאָך ניט געלונגען, זיך פֿאָרצושטעלען די מעגליכ־קייט פֿון אַט די טהעאָריען אין דער ווירקליכקייט. און ער האָט אויך פֿון דעם מורא'דיג שטאַרקען גלויבען אין דער דאָזיגער נייער און דאָך אַזוי אַלטער רעליגיאָן קיין אַנדער זאַך ניט געזעהן אַרויסשפּראָצען נאָר אַ נייע וועלט פֿון אונפֿרייהייט, אונאָרדנונג און אינערליכסטען עלענד...

אין דער צייט האָט דער, וועגען וועמען אָבאַן האָט נאָכגעדיינקט, אין אַ נערוועזער אויפֿרעגונג געוואַרט דערויף, אַז דער שטורם פֿון בייפֿאַל, וועלכער האָט אַרויפֿגעברויזט צו איהם, זאָל זיך שוין איינשטילען — וויפֿיעל אונצעהליגע מאָל איז ער שוין אַזוי געשטאַנען ביים ברעג פֿון דעם ברויזענדען מענשען־ים! ענדליך האָט ער אָנגעהויבען ריידען אין יענעם האַרטען, קלאָהרען ענגליש פֿון דעם רוס, וואָס רעדט די שפּראַכען פֿון אַלע לענדער, אין וועלכע ער לעבט. תחילת האָט זיך אויסגעדוכט, אַז מען וועט איהם גאָרניט קענען פֿערשטעהן; נאָר אין אַ דריי מינוטען אַרום איז עס פשוט געווען אונמעגליך צו פֿערלירען אַ וואָרט פֿון זיין לעבעדיגען און בעגייסטערענדען פֿאָרטראַג. „וואָס בעדייטען די פּאַסירונגען אין שיקאַגאָ?" האָט ער געפֿרעגט. און ער האָט געענטפֿערט: „דאָס איז אַ נקמה אין געפֿאַנגענע, וועלכע זיינען געמאַכט געוואָרען אין דעם גרויסען קאַמפּף צווישען די ביידע גרויסע קלאַסען. מיר פּראָטעסטירען געגען דעם אַזוי ווי געגען אַ גרויזאַמקייט און אַן אונגערעכטיגקייט. ס'איז די שולד פֿון אונזערע געגנער," האָט ער אויסגערופֿען, „ווען אַזעלכע פֿערברעכען מאַכען דעם קאַמפּף אַלץ מורא'־דיגער, אַלץ ערביטערטער, אַלץ פֿערשאַרפֿטער. דאָס איז ניט קיין אָנגעלעגענהייט, וואָס געהט בלויז אָן דאָס אַמע־ריקאַנישע פֿאָלק: דאָס אונרעכט, וואָס ווערט בעגאַנגען געגען די אָרעמע אַרבייטער פֿון יענעם לאַנד, טרעפֿט אונז

מיט גלייבער קראַפט. די אַרבייטער־בעוועגונג איז, לויט איהר גאַנצען עצם, אינטערנאַציאָנאַל; און די אַרבייטער פון יעדען לאַנד האָבען אויף זיך די פליכט, זייערע מיטאַרבייטער אין אַן אַנדער לאַנד צו אונטערשטיצען אין ווידערשטאַנד געגען אַזעלכע פערברעכען, וועלכע וועלען בעגאַנגען ווערן געגען זיי אַליין.״

ער האָט ניט זעהר לאַנג גערעדט; נאָר וואָס ער האָט געזאָגט, האָט פונקט אַזוי שטאַרק אויפגערעגט איהם ווי זיינע צוהערער. די דייטליכע ערנסטקייט פון זיינע ווערטער, זיין בליצענדעס אויג, זיין ציטערנדע ליידענשאַפטליכקייט האָבען אין דעם גלייכגילטיגען דערוועקט אַן אַהנונג מכח דער בעדייטונג פון א זאַך, וועלכע ער האָט ניט פערשטאַנען, און האָט אין איהרע אָנהייגער געשטאַרקט דעם גלויבען אין איהר גערעכטיגקייט און אין איהר גרויסקייט. אין דערזעלבער רגע, וואָס ער האָט געענדיגט, האָט ער שוין פערלאָזען דעם פלאַץ, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך געוואָלט אַרויסמאַכען פון דעם ניי אויסברעכענדען שטורם פון בייפאַל, און אין אַ ווײלע אַרום איז ער שוין ווידער געזעסען מיט אַן ערנסטען און בלייכען געזיכט צווישען די צוהערער. געשפּאַנט האָט ער אינאיינעם מיט אַלע פערזאַמעלטע אויסגעהערט דעם ווייטערדיגען רעדנער, וועלכער האָט—אַלם דעלעגאַט פון אַ גרויסען לאָנדאָנער ליבעראַלען קלוב — אויפמערקזאַם געמאַכט דערויף, אַז דאָס וואָס קומט היינט פאָר דאָרט אין שיקאַגאָ, קען מאָרגען שוין פּאַסירען דאָ אין דעם אייגענעם לאַנד...

אָבאַן האָט שוין מעהר ניט געהערט, וואָס אָט דער און יעדער פון די אַנדערע רעדנער האָט געזאָגט. ער איז געווען פערטיעפט אין געדאַנקען. ער איז נאָך אַלץ געזעסען אַזוי אונבעוועגליך ווי מיט אַ שעה צוריק, די פיס אַריבער-

געלייגט און אין מיטען דער שטעקען, אָן וועלבען ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט ביידע הענד. אַזוי איז ער געזעסען און האָט געקוקט פאַר זיך. די שטימען פון די רעדנער, דער גערויש פון די אַפּלאָדיסמענטען און די פערשיעדענע קולות פון בייפאַל — דאָס אַלעס האָט איהם געקלונגען, אַזוי ווי עס וואָלט געקומען אַהער פון גאַנץ ווייט. אָפּט אין די לעצטע טעג — דורכוואַנדערענדיג די ברוזענדע גאַסען — האָט ער זיך אַזוי געפיהלט ווי איצט. דאַן האָט ער געטראַכט וועגען יענע טעג, אין וועלכע די מענשהייט פלעגט אָבלעבען, זיך בעפרייענדיג פון איינעם פון איהרע טיראַנען, און וועגען די טעג, אין וועלכע דאָס דאָזיגע פערפלוכטע טיראַנען־לעבען, וואָס האָט קיין שום ווערטה ניט געהאַט, איז בעצאָהלט געוואָרען מיט אַסך אונשעצבאַר־טהייערע לעבענס. און ער האָט געטראַכט מכח די העלדען־געשטאַלטען פון יענע מאַרטירער, וועגען זייערע שווייגענדע אָפּפער און וועגען זייער לעבען, וואָס איז געווען אָבגעגעבען בלויז איין איינציגען געדאַנק. ער האָט געטראַכט וועגען זיי, אַזוי אָפּט ווי ער האָט געזעהן איינעם פון יענע, אויף וועמעס שטערן ס'איז נאָך אַזוי ווי געלעגען דער שאָטען פון יענע טעג. אָבער דאָס אַלעס האָט איהם שוין מעהר ניט צוגעצויגען ווי אַמאָל, ווען ער האָט געוואונשען אַזוי צו לעבען און אַזוי צו שטאַרבען. — אָבגעקיהלט האָט זיך יענע ליידענשאַפטס־גלוטה, וועלכע האָט פערברענט די גאַנצע יוגענד זיינע און פון וועלכער ס'איז איצט געוואָרען אַ באַרג אַש אונטער דעם הויך פון'ם פערשטאַנד, וועלכער בעקעמפּפט אָהן אויפהער אַלע אונזערע געפיהלען, ביז וואַנען ער בלייבט ענדליך דער איינציג בערעכטיגטער וועג־ווייזער און פיהרער פון אונזער לעבען.

צופיעל בלוט האָט ער געזעהן פליסען, אַז ער זאָל

ניט ווינשען ענדליך צו דערזעהן די ערפאָלגען פון'ם פריע־דען. אָבער ווי איז דאָס געווען מעגליך, אַז דאָס ציעל איז געוואָרען אַלץ אונדייטליכער, די ווינשע אַלץ אונמעגליכער און די ליידענשאַפט אַלץ צורייצטער און ווילדער ? !—

ווידער אַמאָל האָבען זיך איצט אין דער ווירקליכקייט געזאָלט ווידערהאָלען יענע טעג, מכח וועלכע ער האָט גע־טראַכט! ווידער מוז דאָס בלוט פון די אונשולדיגע פליסען אין שטראָמען, כדי צו פערבאָרגען די מאַכען פערברעכען, וועלכע ווערען בעגאַנגען פון דער מאַכט געגען דער שוואַכ־קייט, דער ווילענלאָזיגקייט! וואָס האָבען פאָרט געוואָלט אָט די אַלע מענשען, וועלכע האָבען אויסגעזעהן אַזוי בעגייסטערט און געפונען אַזעלכע איבערצייגענדע ווערטער פון וואַהרהייט ? פראָטעסטירען ? ווען האָט זיך דאָס פריווילעגירטע אונרעכט, וואָס די מאַכט פון דער געוואַלט קויפט זיך, דען אומגעקוקט אויף פראָטעסטען ?—

פאַרוואָס האָבען זיי פערלאָרען ? ווייל זיי זיינען געווען די שוואַכערע. אָבער וואו ליגט די שולד ? צי איז עס ניט פונקט אַזאַ גרויסע שולד שוואַך צו זיין, ווי צו זיין שטאַרק, אויב עס איז איבערהויפט פאַרהאַן אַ שולד ? פאַרוואָס זיינען זיי ניט געווען די שטאַרקערע ?

מיט דער גרויזאַמער הארטקייט פון זיין דורכדרינגענ־דער לאָגיק האָט ער ווייטער אַנאַליזירט און אויסגעפרואווט. דער שמערץ וואָס האָט דאָ אַזוי קלאָהר און דייטליך אַרויס־גערעדט פון אַלע מיענען און אַלע ווערטער: צו מוזען צוזעהן דעם פערברעכען, — צי איז אָט דער שמערץ דען ניט געווען קלענער איידער דער, וואָס דער פערזוך עס ווירקליך צו פערהינדערן וואָלט געבראַכט ? אויב ניט, וואָרום האָבען זיי זיך אַלע דאָ צופריעדענגעשטעלט צו פראָטעס־טירען און בלויז צו פראָטעסטירען ?

געווים, זיי וואָלטען געקענט זיין די שטאַרקערע. אָבער פאַר וואָס זיינען זיי עס ניט געווען, אויב ניט דערפאַר ווייל זיי זיינען געווען די שוואַכערע?

אַ גרויסע פוסטקייט און אַ קעלט האָט איהם איצט דורכגענומען נאָך דער אויפפלאַקערענדער ליידענשאַפט. ס'האָט זיך איהם אויסגעוויזען, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט געשוועבט אין אַ אייז־קאַלטער לופט־אייביגקייט אָהן רוים און אָהן אַ שום גרענעץ און אין שרעק פאַר דעם טויט וואָלט ער זיך געסטאַרעט אָנהאַלטען אָן אַבי־וואָס, וואָס קען זיך ניט האַלטען. — —

דער אַלטער מאַן, וועלכער איז געזעסען לעבען איהם, האָט אין דער רגע אַ קוק געטהאָן אָבאַן'ן אין געזיכט אַריין. ס'איז געווען אַש־גראָה און אין זיינע אויגען האָט געברענט אַ האַלב־פערשטיקטעס פייער.

אויף דער פלאַטפאָרמע איז דערווייל אונערמיעדליך אַרויף איין רעדנער נאָך'ן אַנדערן. ס'האָט אויסגעזעהן, אַז די אויפרעגונג האַלט נאָך אין וואַקסען, כאָטש אין דעם גאַנצען ברייטען זאַאַל איז שיין געווים קיין איינער ניט געווען, וועלכער איז ניט פון איהר בעאיינפלוסט געוואָרען, אַחוץ יענע רעפּאָרטערס פּילייכט, וועלכע זיינען דאָ געווען מיט אַ געשעפטליכען צוועק, צו בעשרייבען דעם מיטינג אין זייערע צייטונגען.

אָבאַן האָט מעהר גאָרנישט געהערט. איינמאָל האָט ער זיך אַ הויב געטהאָן, אַזוי ווי ער וואָלט געוועזן ענט־שלאָסען צו ריידען. אָבער ער האָט געזעהן, אַז די רייהע פון די רעדנער איז נאָך ניט צו ענד, און ער האָט אויפגעגעבען דעם געדאַנק צו זאָגען יענע ווערטער, וועלכע האָבען היינט אָבענד ניט געדאַרפט געזאָגט ווערן.—

בלויז איינמאָל נאָך אין דער פאָלגענדער לעצטער

שטונדע האָט ער אויפגעהויבען דעם קאָפּ און אַ קוק געטהאָן צו דער פּלאַטפאָרמע. ס'איז אויסגערופען געוואָרען דער נאָמען פון אַ מאַן, וועמען ענגלאַנד האָט שוין לאַנג פערצייכענט אין דער געשיכטע פון זיין פּאָעזיע פון'ם נייגצעהנטען יאָהרהונדערט און איהם אַוועקגעשטעלט לעבען די גלענצענדסטע ענגלישע דיכטער; אין וועמען די קונסט-אַרבייט האָט געפונען אַ בענייער און אַ טהעטיגען טהוער, און וועלכער איז ענדליך געווען איינער פון די גרינדליכסטע קענער און בעדייטענסטע פערטרעטער פון דעם ענגלישען סאָציאַליזם. אָט דער מערקווירדיגער און איינציגער מאַן — דיכטער, מאַלער און סאָציאַליסט אין איין פּערזאָן און מייסטער אין אַלע — האָט, ניט קוקענדיג אויף זיינע ווייסע האָר, געהאַט די לעבעדיגקייט און די פרישקייט פון אַ יונגען מאַן. אָבאַן האָט זיך אַליין ניט געקענט פערגעסען אָן זיין רעדע איבער „די קומענדע געזעלשאַפט", איינער פון זיינע פּיעלע פאָרטרעגע, וועלכע ער פּלעגט האַלטען היינט אין וואָס פאַר ס'איז קליינעם קלוב-זאַאַל פון דער „סאָשיאַליסט ליעג" פאַר הונדערטער און מאָרגען אין עדינבורג אָדער גלאַזגאָו אויף עפענטליכע פערזאַמלונגען פאַר טויזענדער. און קיינמאָל האָט זיך פאַר אָבאַן'ס אויגען דאָס בילד פון דער „פרייער געזעלשאַפט" ניט פאָרגעשטעלט אָנציהענדער און אַנגענעהם־פאַנטאַסטישער, איידער אונטער די דאָזיגע ווערטער, וועמען דער דיכטער האָט זיך געסטאַרעט צו געבען צויבער און שעהנקייט, דער קינסטלער — פאָרם און פולקייט און דער דיינקער — בעווייז-קראַפט און איבערצייגונג. „ווי שעהן וואָלט עס געווען, ווען עס קען ווירקליך אַזוי זיין — ווי אַלעס וואָלט דאָס אויפגעלייזט געוואָרען אין האַרמאָניע און פריעדען—" האָט ער זיך דעמאָלט געטראַכט.

אַן אַלטער פּאָעט און פּאַטריאַרך און דאָך דער נאַ־

טירליכסטער, געזינדסטער אַלטער ענגלענדער — דער „סעלף מייד מען" — מיט אַ בלויען, ניט געפּרעסטען קאָלנער און מיט דעם בעקוועמסטען קאָסטיום — אַזוי איז ער דאָ גע־שטאַנען און האָט מעהר דערצעהלט איידער גערעדט מכח דעם טאָג פון שיקאַגאָ.

דער בייפאַל, מיט וועלכען ער איז בעגריסט געוואָרען ביים אַרויפגעהן און אַרונטערגעהן פון דער פּלאַטפאָרמע, האָט געצייגט, ווי פּאָפּולער דער דאָזיגער מאַן איז, וועלכער האָט געאַרבייט אונערמידליך פאַר דער זאַך פון דער סאָציאַלער בעוועגונג.—

צעהן אַזייגער איז שוין לאַנג געווען פערביי, ווען דער טשערמאַן האָט זיך אויפגעהויבען, אום מיט זיין קלאָהרער, הייכער שטימע פאָרצולעזען די רעזאָלוציאָן. די הענד זיינען געפלויגען אין דער הויך — קיין איינע האָט זיך ניט אויפ־געהויבען ביי דער געגען־פראַגע — די רעזאָלוציאָן איז איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען. אַ קייבעל־דעפּעשע איז אָבגעשיקט געוואָרען קיין נויאָרק, וואו עס האָט אויף מאָרגען געזאָלט זיין אַ גרויסער פּראָטעסט־מיטינג צוליעב דעם זעלבען צוועק — זי האָט אַריבערגעפיהרט די ווינשע פון די פערזאַמעלטע דאָ אין זאַאַל אַהין איבער'ן אַנדער זייט ים. —

דאַן האָט זיך דער זאַאַל לאַנגזאַם אָנגעהויבען אויס־ליידיגען. דיסקוטירענדיג און ריידענדיג הויך אויף'ן קול האָט זיך די אויפגערעגטע מאַסע דורכגעשפּאַרט דורך די טהירען אין גאַס אַריין. די רעפּאָרטערס האָבען צונויפגענומען זייערע פּאַפּירען, די טריבונע איז ליידיג געוואָרען. בלויז יענע פרוי, וועלכע האָט גערעדט באַלד ביים אָנהויב פון מיטינג, איז נאָך געשטאַנען לעבען דעם טשערמאַן, די אַטהעאיסטין און קאָמוניסטען לעבען דעם פּריסטער פון דער קירכע און דעם קריסטליך־סאָציאַלען דעמאָקראַט.

וואַהרשיינליך האָט זי נאָך געדאַרפֿט האָבען עטליכע נעמען און נאָטיצען פֿאַר איהר קליינע, פּיער־זייטיגע צייטונג, וועלכע ערשיינט יעדען מאָנאַט. אַז אָבאַן האָט זיי ביידען געזעהן, האָט ער זיך געטראַכט, ווי זייערע אַנשויאונגען קומען זיך אין גרונד געגומען צונויף איינע מיט די אַנדערע און אַז עס זיינען דאָך נור לפנים'דיגע ווענד, וואָס זיי זעהען צווישען זיך. און ווייטער: ווי מורא'דיג שטייף ער אַליין איז דאָס געשטאַנען גראָד געגען דעם, וואָס האָט יענע פֿער־בונדען איינע מיט די אַנדערע.

נאָכדעם ווי ער האָט זיך האַרציג אָבגעזעגענט מיט דעם אַלטען מאַן, וועלכער איז נאָך געבליבען ריידען מיט דעם יונגען אַמעריקאַנער, איז ער לאַנגזאַם און אַליין אַרויס פֿון זאַאַל.

* * *

ביי דער טהיר זיינען נאָך געשטאַנען די גענאָסען מיט זייערע בלעטער, וועמעס נעמען זיי האָבען אויסגערופֿען.

אָבאַן האָט צווישען זיי דערקענט איינעם, וועלכער האָט בעלאַנגט צו דער „אויטאָנאָמיע", אַ יונגען מאַן מיט אַ בלאָנדען באָרד און פֿריינדליכע געזיכטס־ציגע. ער האָט זיך ביי איהם אָנגעפֿרעגט אויף טרופ'ן און איז געוואָהר געוואָ־רען, אַז ער איז ניט געווען אויף דער פֿערזאַמלונג. — אַז ער האָט שוין געוואָלט אַרויסגעהן אויף דער גאַס, האָט ער געקראָגען אַ קלאַפּ אויף דער שולטער. ער האָט זיך אומ־געדרעהט. פֿאַר איהם איז געשטאַנען אַ מאָדנער אַלטער מאַן, וועמעס געזיכט מען האָט ניט מעהר געקענט פֿערגעסען, ווען מען האָט עס נור איינמאָל געזעהן. ס'איז געווען אַלט, איינגעפֿאַלען, פֿול מיט קנייטשען, דאָס מויל איינגעגראָבען, אַזוי אַז די אונראַזירטע מאָרדע האָט אַרויסגעסטאַרטשט פֿאָראויס, די אויבערשטע ליפּ איז געווען בעדעקט פֿון אַ

קורץ־געשניטענעם, צושויבערטען שנור־באָרד, די אויגען פערבאָרגען הינטער אַ גרויסער שטאָהלענער בריל, נאָר אין אויגענבליקען פון אויפרעגונג האָבען זיי אַ בליץ געטהאָן און געגעבען דעם אַלטען געזיכט, וואָס איז פערענדערט געוואָרען דורך יסורים און צרות, אַ שטיקעל דרייסטען אויסזעהן. — אַזוי אָבער האָט די געשטאַלט פון אָט דעם אַלטען אויסגעזעהן געדריקט אונטער דער שווערער משא פון אַ געוואַלדיגער, פולער לעדערנער טאַש, וועלכע איז איהם געהאַנגען ביי דער זייט. אַרום האַלז האָט ער געטראָגען אַ פיעל־פאַרביג וואָלען טוך, וואָס האָט פערדעקט דאָס העמד און וואָס ער פלעגט זאָגאַר אין הייסעסטען זומער ניט אויס־טהאָן, פונקט ווי דעם אָבגעטראָגענעם ברוינעם מאַנטעל זיינעם.

„האַללאָה, אַלטער פריינד,“ האָט אָבאַן אויסגערופען און איהם געשאָקעלט די האַנד, „וואָס זשע, איהר זייט אויך דאָ? — קומט, מיר וועלען נעהמען אַ גלאָז.“

דער אַלטער האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפ.

„אָבער ניט קיין אייל, „קאָמרייד“, ניט קיין ברענדי, נאָר אַ לעמאָנאַד —“

„וואָס זשע, איהר זייט, הייסט עס, געוואָרען אַ „טי־טאָטלער“, אַ גענגער פון אַלקאָהאָל?“ האָט אָבאַן געפרעגט מיט אַ שמייכעל. אָבער דער אַלטער האָט זיך געלאָזט געהן פאָראויס.

זיי זיינען אַריין אין דעם גרויסען פובליק־האוז ביים אַנדערן עק גאַס. די גרעסמע פריוואַט־אָבטהיילונג איז געווען לעדיגלאַך, בעת ווען די אַנדערע ערטער פון דעם ביער־הויז זיינען געווען פול מיט מענשען. אָבאַן האָט דערקענט אַ גרופע פון ענגלישע סאָציאַליסטען, וועלכע זיינען אויך אָקאָרשט אַרויס פון מיטינג. מען האָט זיך געדריקט די הענד.

דאַן האָט ער אַרונטערגענומען ביים אַלטען זיין טאַש, האָט בעשטעלט צום טרינקען און זיי האָבען זיך אַנידער־געזעצט אויף איינע פון די ביינק.

עס איז ניט אָבגעהאַלטען געוואָרען קיין פערזאַמלונג פון סאָציאַליסטען אין לאָנדאָן, וואו מען זאָל ניט זעהן אָט דעם אַלטען, זייט וויפיעל יאָהרען ? קיינער האָט עס ניט געוואוסט. נאָר יעדער איינער האָט איהם געקענט. דער איינער אָדער דער אַנדערער האָט שוין ווען עס איז געהערט איינע פון זיינע אָריגינעלע רעדען און האָט געפרעגט, ווער איז פאָרט אָט דער אַלטער, גרוי־האָריגער מאַן מיט די שאַרפע געזיכט־ציגען, וועלכער וואַרפט מיט אַזאַ יוגענד־ליכער ליידענשאַפטליכקייט זיינע ווילדע אָנקלאַגען געגען די עקזיסטירענדע געזעלשאַפט און וועלכער פערטהיידיגט מיט אַזאַ יוגענדליכער וואַרימקייט זיין אידעאַל פון גלייכ־הייט און ברידערליכקייט; דאַן האָט מען איהם אַוודאי געמוזט ענטפערן, אַז דאָס איז אַן אַלטער צייטונגס־פעד־לער, וועלכער מאַכט זיין לעבען דורך דעם פערקויף פון סאָציאַליסטישע בראָשורען און צייטשריפטען.

נאָר ווער ער איז ווירקליך געווען, דאָס האָבען בלויז ווייניג מענשען געוואוסט.

ער פלעגט גערן דערצעהלען, און אַזוי האָט ער אויך אַמאָל אָבאַן'ן געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אָנטהייל גענומען אָן דער טשאַרטיסטען־בעוועגונג; און אָבאַן האָט אויך געוואוסט, אַז זיינע בראָשורען און אָבהאַנדלונגען געפינען זיך צווישען די מיליאָנען ביכער פון דעם בריטיש מו־זעאום, די דאָזיגע איינציגע ווירקליך סאָציאַלע אַנשטאַלט, און זיינען אָקוראַט אַזוי גוט איינגעבונדען, נומערירט און אַריינגעטראָגען אין דעם קאַטאַלאָג, ווי די זעלטענע האַנד־שריפט פון די פערגאַנגענע יאָהר־הונדערטע.

„נו, וואָס הערט זיך ביי איך עפּעס נייעס?" האָט ער אַ פֿרעג געטהאָן, בעת זיי האָבען זיך אַנידערגעזעצט.

דער אַלטער האָט אַ שלעפּ געטהאָן זיין לעדערנע טאַש און גענומען אויספּאַקען זיין סחורה. זיך ניט אומקוקענדיג אויף די, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום, האָט ער פֿונאַנדערגעשפּרייט זיינע צייטשריפֿטען און בלעטערט אַרום זיך, אין דער צייט וואָס ער האָט פֿאַר אָבאַן'ן אויסגעזוכט, וואָס דער דאָזיגער האָט נאָך ניט געהאַט, און הויך אויף'ן קול האָט ער אָבגעגעבען זיינע אָריגינעלע אורטהיילען איבער דעם ווערטה פֿון יעדער איינציגער זאַך בעזונדער.

„וואָס איז דאָס אַזוינס?" האָט אַ פֿרעג געטהאָן אָבאַן און געלייגט די האַנד אויף אַ קליינעם העפֿט, וואָס האָט שטאַרק צוגעצויגען זיין אויפֿמערקזאַמקייט. — "Impeachment of the Queen, Cabinet, Parliament and People. Fifty years of brutal and bloody Monarchy". (אַן אָנקלאַגע געגען דער קעניגין, דעם מיניסטעריום, דעם פּאַרלאַמענט און דעם פֿאָלק. פֿופֿציג יאָהר פֿון אַ ברוטאַלער און בלוטיגער מאָנאַרכיע). אָבאַן האָט מיט ערשטוינונג געקוקט אויף די אויסשטאַטונג פֿון דעם דאָזיגען מאָדנעם ביכעלע: ס'איז געווען דורכאיים געזעצט מיט גרויסע, גראָבע אותיות, וועלכע זיינען נור טהיילווייז געווען קלאָהר, נאָר דאָך האָט מען זיי מחמת זייער גרויסקייט אַרויסגעזעהן זאָגאַר אין די אונדייטליכסטע ערטער; אַזוי ווי דאָס פּאַפּיר איז געווען דין און דער דרוק האָט זיך שטאַרק דורכגעזעהן פֿון דער אַנדער זייט, איז בלויז איין זייט געווען בעדרוקט און אַלע צוויי בלעטער צוזאַמענגעקלעפּט אינאיינעם; און אַזוי ווי דאָס גאַנצע — אַכט אַזעלכע צוזאַמענגעקלעפּטע בלעטער — איז געווען אונרעגעלמעסיג אַרומגעשניטען מיט אַ שע־על, האָט עס אָבאַן בעטראַכט

מיט פֿערוואונדערונג. ער האָט דורכגעלייענט עטליכע צײַלען; דאָס איז געווען אַ פֿייערדיגע אָנקלאַגע געגען דער־קעניגין, אָנגעשריבען אין אַ פֿייערדיגען סטיל, נאָר מיט מערקווירדיגע אייגענע גראַמאַטיקאַלישע כללים. — „רע־וואָלטירט, אַרבייטער, רעוואָלטירט! אַרונטער מיט די קעפּ!" — האָט ער געלעזען אויף ענגליש מיט געוואַלדיג גרויסע בוכשטאַבען אויף איינער פֿון די ווייטערדיגע זייטען.

„וואָס איז דאָס אַזוינס?!" האָט ער געפֿרעגט.

איבער דעם אַלטען'ס געזיכט האָט זיך אויסגעצויגען אַ שמייכעל. „דאָס איז מיין מתנה פֿאַר דער קעניגין צו איהר פֿופֿציג יעהריגער הער־שאַפֿט," האָט ער געזאָגט.

„אָבער פֿאַרוואָס עפּעס אין אַזאַ מין פּרימיטיווער, ווילדער פֿאָרם?"

דער אַלטער האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט זיין גראָען קאָפּ.

„לוק היר!" האָט ער זיך אָבגערופֿען און אַרונטער־גענומען די שפּאַקולען זיינע. „מיינע אַלטע אויגען זעהען שוין גאָרנישט. דערפֿאַר מוז איך זיך בעהעלפֿען און נעה־מען גרויסע אותיות, וועלכע איך קען אָ נ ט אַ פּ ע ן מיט די שפּיץ פֿינגער, איינס נאָך'ס אַנדערע. — דאָ איז ניטאָ קיין דרוק־פֿעהלער, בלויז די אינטערפּונקציאָן —"

„און איהר האָט דאָס אַליין געדרוקט?"

„געזעצט מיט די פֿינגער אָהן אויגען, — און אָהן אַ מאַנוסקריפּט, פֿון קאָפּ — געדרוקט אָהן אַ פּרעס, כסדר צו איין זייטעל בלויז, צונויפֿגענייט און אַרויסגעגעבען—"

„אָבער דאָס איז דאָך געווען אַ ריזענאַרבייט."

„ס'שאַדט גאָרנישט. אָבער עס איז גוט. דאָס מוז דער אַרבייטער לייענען!"

אָבאַן האָט מיט שטוינענדע בליקען געקוקט אויף דעם מאָדנעם דרוק און האָט מיט אַ מין בעוואונדערונג גע־

טראַכט מכח דער אונגעהייערער מיה, וואָס דער אַלטער האָט געמוזט האָבען ביז וואַנען ער האָט אָט די עטליכע בלעטער אָבגעדרוקט. צי איז אין דער צייט פֿון די מאַרינאָני-פּרעסען געווען נאָך אַזאַ מין דרוק־זאַך, אַזוי משונה'דיג אויסערליך און דערמאָנענדיג אָן די ערשטע צייטען פֿון דער גוטענבערג'שער בוכדרוקעריי? אָבאַן האָט געלייענט: „פֿופֿציג יאָהר פֿון אַלץ גרעסערע און גרעסערע רייכטהומס-אויסגעלאַסענהייטען און פֿערברעכען, בעגאַנגען פֿון די קעניגליכע, אַריסטאָקראַטישע און פֿערראַמונגס ווערטהע קלאַסען —" אַזוי האָבען זיך די בלעטער אָנגעפֿאַנגען און זיינען געגאַנגען ווייטער, אויסרעכענענדיג אָהן אַ סדר די אונגעהייערע קאָסטען פֿון די מלחמות און אַ גאַנצען מיש-מאַש פֿון נעמען, וואָס דער אַלטער האָט צוזאַמענגעקליבען דאָס רוב פֿון זיין פּערזענליכער עראינערונג, אום דערנאָך צו ענדיגען מיט אַ ביטערער קללה: „אָה, די פֿלוכען פֿון טויזענדער גע'הרג'עטע, פֿערהונגערטע מענשען מעגען פֿאַלען אויף דיין קאָפּ, וויקטאָריאַ גועלף, אויף דיין ברוטאַלער און בלוטיגער מאָנאַרכיע—". און מיט אַ וואַקסענדער ערשטוינונג האָט אָבאַן דורכגעלייענט אויך די לעצטע זייט, פֿון וועלכער עס האָט אַרויסגעפֿלאַקערט אַ הייסע, ליידענשאַפֿטליכע עמפּעהרונג.

אויך די ענגלענדער, וועלכע האָבען דעם אַלטען גע-קענט, זיינען איים נייגיריגקייט צוגעקומען נעהנטער. לאַ-כענדיג האָבען זיי ביי איהם אָבגעקויפֿט וויפֿיעל עקזעמפּלאַרען ער האָט נור געהאַט ביי זיך פֿון דער דאָזיגער שריפֿט.

דאַן האָט דער אַלטער צוריק איינגעפּאַקט זיינע זאַכען אין טאַש, האָט זי אַריבערגעוואָרפֿען איבער דער שולטער, אויסגעגלייכט זיינע היטלען — ער פֿלעגט כסדר טראָגען צוויי פֿילצענע היטלען איינס אויף דאָס אַנדערע; דאָס איז

נעוועז איינע פֿון זיינע מאָרנע געוואו נהייטען — אויף׳ן
גראָען קאָפּ, און בעגלייטעט פֿון אָבאַן׳ן האָט ער, לאַבענ־
דיג אויף׳ן קול, פֿערלאָזען דעם פלאַץ. זיי זיינען צוזאַמען
געגאַנגען צו מאָרגיט סטיישיאָן. דער אַלטער האָט געהאַל־
טען אין איין ריידען, האַלב פֿאַר זיך און אַזוי אונדייטליך,
אַז אָבאַן האָט אויך די אַנדערע העלפֿט נור שווער געקענט
פֿערשטעהן; אָבער ער האָט איהם געקענט און איהם
דערום געלאָזט רוהיג אויסגיסען זיין ביטער האַרץ.

זאָגאַ־דאַן, ווען זיי האָבען זיך מיט אַ פֿעסטען האַנד־
דרוק אָבגעזעגענט איינער מיט׳ן אַנדערן, האָט איהם אָבאַן
נאָכגעקוקט, ווי ער איז זיך געגאַנגען ווייטער, מאַכענדיג
מיט די הענד און ריידענדיג צו זיך אַליין. דאַן איז ער
פֿערשוואונדען אין דעם מענשען־שטראָם, און אָבאַן איז
אַריין אין מאָרגיט־סטיישיאָן.

* * *

אויף דער מיטעלער פלאַטפֿאָרמע פֿון דעם אונטער־
אירדישען ריעזיגען פלאַץ האָט ער זיך ווידער צוגעפּאַ־
טראָפֿען מיט היבשע עטליכע בעקאַנטע, וועלכע זיינען
געשטאַנען און האָבען זיך אונטערהאַלטען, וואַרטענדיג
יעדער איינער אויף זיין צוג. צווישען זיי זיינען געוועזן
עטליכע רעדנער פֿון דעם היינטיגען מיטינג. אָבאַן האָט
זיך אַ מיעדער אַנידערגעזעצט אויף איינע פֿון די בײַנק.
ציגע זיינען אַריין און אַרויסגעלאָפֿען; אויף די הילצערנע
טרעפּ האָבען זיך די מאַסען געשפּאַרט אַרויף און אַראָב.
דער גאַנצער זאַאַל איז געוועזן דורכגענומען מיט דעם ווייס־
גראָען רויך און דאַמפּף פֿון די מאַשינען. ער האָט זיך
געצויגען איבער די פלאַטפֿאָרמעס און איבער די, וואָס
זיינען דאָרט געשטאַנען, האָט זיך געקרייזעלט אַרום די
פֿיעלע פֿערשוואַרצטע זיילען, אַרום די באַלקענס און די

סלופעס, האָט זיך שמייכלענדיג אַזוי ווי אַ שלייער אויס־געלייגט הויך איבען אויף דער סטעליע, און האָט ענדליך דורך די לופט־עפנונגען זיך געזוכט אַ וועג אַרויס אויף דער גאַס, אין דאָס לעבען, אין דעם ליאַרם און אין דעם גערויש פון לאָנדאָן. —

„וועל, קאָמרייד,״ האָט אַ פרעג געטהאָן איינער, וואָס איז געזעסען לעבען אָבאַן׳ן, אַן ענגלישער שריפטשטעלער פון סאָציאַלע אַרטיקלען און ביכער, „וואָס דיינקט איהר עפעס איבער שיקאַגאָ?״

ער איז אָבאַן׳ן ניט געווען סימפּאַטיש, און אַז דער דאָזיגער האָט קיינמאָל ניט בעהאַלטען זיינע סימפּאַטהיען און אַנטיפּאַטהיען, איז דעם שרייבער גוט בעקאַנט געווען. פונדעסטוועגען פלעגט ער ביי יעדער געלעגענהייט צושטעהן צו איהם מיט זיינע פראַגען. אָבאַן האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אַזוי ווי אַלצדינג וועט ער אויך די שוידערליכע פּאַסי־רונגען פון שיקאַגאָ גאַנץ קאַלטבלוטיג בעאַרבייטען. ער האָט איהם אונהעפליך אַריינגעקוקט גלייך אין געזיכט אַריין, ניט ענטפערענדיג מיט קיין וואָרט אויף זיין פראַגע. דעם אַנדערן איז אָט דער פערגליווערטער און גלייכ־גילטיגער בליק געווען אונערטרעגליך.

„וועל,״ האָט ער זיך ווידער אַמאָל אָבגערופען, „דיינקט איהר ניט, אַז פאַר דער בורזשואַזיע איז קיין שום שענד־ליכקייט געגען דאָס פאָלק ניט צו שענדליך, ווען עס האַנ־דעלט זיך וועגען די אויפהאַלטונג פון איהרע געמיינע פּריווילעגיעס — ?״

"Certainly Sir", האָט אָבאַן געזאָגט, „וואָלט איהר, ווען איהר כאַפּט זיך אַרויף אויף׳ן ביינקעל, דען אַנגעווענ־דעט אַן אַנדער טאַקטיק?״ — און ער האָט אַ קוק גע־טהאָן אויף דעם מאַן מיט זיין סאַרקאַסטישען און בערע־

כענטען שמייכעל, צוליעב וועלכען ער איז געווען אַזוי פערהאַסט ביי די אַלע, ווענען ער האָט ניט ליעב געהאַט. און ניט אויסריידענדיג מעהר קיין וואָרט, איז ער אויפגעשטאַנען, האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ און איז לאַנגזאַם אַריין אין דעם אָנגעקומענעם צוג, וועלכער האָט איהם, נאָך אַ מינוט פון ליאַרם און טומעל, שנעל אַוועקגעטראָגען אין דער ריכטונג פון קינגס קראָס.



דריטער קאַפּיטעל.

# די ארבייטסלאָזע.

---

נו, האָט די וועלט־שטאָדט ביי דער טהעמזע, „דער ערד'ס גרעסטע באַראָדאָווקע," געהאַט איהר יאָהר־יעהרליך שויישפּיעל: דעם טרויעריגען אָנבליק פון יענע מחנות, וואָס נור אַן איבערמאָס פון עלענד און נויטה — דער שרעק פאַר'ן הונגער־טויט — איז אים שטאַנד געוועזען אַרויסצוטרייבען פון זייערע הייהלען. אין סאַמע האַרצען פון דער שטאָדט, אויף יענעם וועלט־בעריהמטען פּלאַץ, וועלכער דערמאָנט כסדר אָן די פערגאַנגענע טעג פון „כבוד און גדולה", זיינען זיך די דאָזיגע מחנות צונויפגעקומען, כדי דאָרט צו שטעלען די פראַגע: „וואָס טהוט מען פאָרט, אום נאָך איבערצולעבען דעם מאָרגענדיגען טאָג? ווי אַזוי האַלט מען אוים אָט דעם לאַנגען ווינטער אָהן אַרבייט און אָהן ברויט?"...

וואָרים אָט די אונגליקליכע, וועלכע האָבען שוין פון לאַנג אָן געוואוסט, אַז עס איז פאַר זיי קיין שום רעכט ניטאָ אויף דער ערד: ניט אויף אַ פוס די ברייט פון איהר באָדען און ניט אויף דאָס מינדעסטע פון איהרע אוצרות— אָט די אָרימע מענשען האָבען אַצונד אויך פערלאָרען דאָס לעצטע „רעכט" זייערס: צו קענען אַרבייטען שווער און ביטער פאַר אַנדערע, און זיי זיינען געשטאַנען פנים אל פנים אַנטקעגען יענעם שרעקליכען בילד, וואָס איז דער

טרייעסטער בעגלייטער פון דער אָרימקייט אין משך פון זייער גאַנצען לעבען, — אַנטקעגען דעם הונגער.

דאָס האָט די פערצווייפלונג אַרויסגעטריבען די דאָזיגע מענשען אונטער די אויגען פון דעם עפענטליכען לעבען.

דער פייכטער, אונפריינדליכער אָקטאָבער איז אַוועק. די טעג זיינען געוואָרען קירצער און די ווילדע שטונדען פון דעם נאַכטליכען לעבען לייגגער.

שוין אין די מאָרגען־שטונדען האָט זיך דער ברייטער, קאַלטער פלאַץ פון טראַפאַלגאַר סקווער אָנגעפילט מיט די געשטאַלטען פון עלענד און נויטה.

פון אַלע טהיילען שטאָדט זיינען זיי אַהערגעקומען: גליקליך איז געווען דער, וועמען די נויטה האָט נאָך ניט געצוואונגען אויפצוגעבען די אייגענע וואוינונג, דעם שמוציגען לאָך אין קעלער אָדער אויף'ן פינפטען שטאָק, אָדער דעם ווינקעל פון אַ צימער, ביי יענעם אויף לאָדזשי; גליקליך איז אויך נאָך געווען דער, וועלכער האָט מיט הילף פון אַ גוטען צופאַל געקענט צונויפמאַכען אַזויפיעל, כדי צו קענען איבערנעכטיגען ערגעץ־וואו אין אַ לאָדזשינג־הויז — אָבער אויף דאָס רוב פון די דאָזיגע קראַנקע, בלייכע און מידע פנים'ער איז בעשיינפערליך געווען אַרויסצוזעהן, אַז זיי האָבען די גאַנצע קאַלטע נאַכט „גערוהט" ערגעץ־וואו אויף אַ באַנק ביי דער „טהעמזעמביינקמענט" אָדער אין אַ טויער אָדער דורכגאַנג פון „קאָווענט גאַרדען".

די „אַנעמפלאָיד!" יאָ, זיי האָבען ווידער אַמאָל געלאָזט פון זיך הערען אין דעם דאָזיגען יאָהר פון גנאָד! שוין 35 יאָהר אַז זיי פלעגען אַזוי יאָהר פאַר יאָהר אָנפאַנג ווינטער אַרויסקומען פאַר'ן אַנגעזיכט פון דעם רייכטהום. און יעדעס יאָהר האָט זיך די צאָהל זייערע פערגרעסערט, יעדעס יאָהר

איז זייער אויפּטרעטען זיכערער און זייערע פֿאָדערונגען בעשטימטער געוואָרען! נאָך זיינען געשטאַנען פֿאַר די אויגען די פֿעברואַר־רייאָטס פֿון 1886, וועלכע זיינען ניט אָבגע־לאָפֿען אָהן בערויבונגען פֿון אייגענטהום. זיי האָבען ניט געהאַט קיין שום געמיינשאַפֿטליכעס מיט וואָס פֿאַר עס איז פּאַרטיי; זיי האָבען ניט געהאַט קיין אויסגעשפּראָכענע פֿיהרער אין פּאַרלאַמענט, וואָס זאָלען „פֿערטרעטען" זייערע רעכטע — דער הונגער איז געווען זייער פֿיהרער און זייער אָנטרייבער; קיין שום אָרגאַניזאַציע האָט זיי ניט צוזאַמענ־געשלאָסען, דאָך האָט דאָס עלענד און די נויטה זיי צונויפֿגעשמעלצט אינאיינעם. פֿון וואַנען נעהמען זיך די אונבעקאַנטע מיטקעמפּפֿער אין די טעג פֿון פּאָליטישע און סאָציאַלע אויפֿשטענדע? פֿון וואַנען קומען זיי דאָס אַרויס, ווי די ראַצען פֿון זייערע לעכער? — אַה, דאָס זיינען די רעקרוטען פֿון דער גרויסער אַרמעע פֿון שטיל־שווייגען, וועלכע מען האָט קיינמאָל ניט אַריינגערעכענט אין חשבון און וועלכע האָבען פֿונדעסטוועגען אַזוי אָפֿט געבראַכט די ענטשיידונג... דאָס זיינען די גליעדער פֿון יענער גרויסער מאַסע, וואָס רופֿט זיך פֿ אָ ל ק: די אויסגעשטויסענע, אָהן אַ נאָמען און אָהן אַ שום רעכט, יענע, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט געווען און אַצונד זיינען זיי פּלוצלינג דאָ, אַן אויפֿגעדעקטער סוד און אַ ווערזען־ווערנדיגער שאָטען, אַ לפנים'דיגער מת, וואָס האָט ערוואַכט צום לעבען, אַ קינד, אויף וועלכען מען האָט זיך קיינמאָל ניט אומגעקוקט און וואָס איז פּלוצלינג געוואָרען אַ מאַן — אָט דאָס איז דאָס פֿאָלק!

מען האָט זיך קיינמאָל מיט איהם ניט גערעכענט, מחמת עס האָט קיין רעכטע ניט געהאַט; אַצונד רעכענט עס זיך אַליין מיט און זיינע צאָהלען זיינען צושמעטערענד...

איהר ליגנער, וואָס איהר זייט אין זיין נאָמען גרוים געוואָרען, וואָס איהר האָט אונטער זיין דעק-מאַנטעל בעגאַנגען די פערברעכען פון אייער געוואַלט, — ווי זייט איהר דאָס מיט אַמאָל געוואָרען צו נישט! איהר האָט עס בעשווינדעלט, פערראַטהען און פערקויפט — אַ וואָרט, אַ שאָטען, אַ גאָרנישט איז עס פאַר אייך געווען, מיט וואָס איהר האָט זיך געיאָגט נאָך לוסט און וואוילטאָג — און אַצונד טרעט עס פלוצלינג אַרויס פאַר אייך! לעבעדיג און לייבהאַפטיג טרעט עס אַרויס פאַר אייך!...

גלייכגילטיג, דום און גרויזאַם, ווי אימער, האָט זיך די בורזשואַזיע און איהר רעגירונג אויך אין דעם דאָזיגען יאָהר געשטעלט אַנטקעגען די אַרבייטסלאָזע. אַז זייער טעגליכער אָנבליק האָט אָנגעהויבען ווערן אונאַנגענעהם, האָט מען געררופען די פּאָליציי און געהייסען, מען זאָל זיי פערטרייבען פון סקווער. זיינען זיי אַוועק אין הייד-פּאַרק, האָט מען זיי צוריקגעטריבען אויף'ן סקוועער, כדי זיי פון דאָס ניי ברוטאַל צו פעריאָגען פון דאָרט.

מען האָט זיי גערייצט, כדי זיי צו קענען אַרעסטירען; און אַז זיי זיינען פאַר'ן ריכטער געשטאַנען, האָט דער דאָזיגער ערקלעהרט זייערע מאַרטשען פאַר „טהעאַטראַלישע" שטיק — און קיין האַנד האָט זיך ניט אויפגעהויבען אויסצופּראַסקען אָט דעם אינגעל די צורה. זיי האָבען זיך געווענדעט צום שטאַאַט און מיט הכנעה געבעטען אַרבייט, און דער שטאַאַט האָט זיי געגעבען דעם ענטפער, אַז ער איז ניט אים שטאַנד זיי צו העלפען — אָבער זייער בליק האָט, פערשטעהט זיך, ניט געגרייכט וויית גענוג צו זעהן, אַז גראָד אָט דער שטאַאַט גופא איז שולדיג אין זייער אונגליק; בלויז מיעדער, הונגעריגער און פערביטערטער איידער פריהער האָבען זיי זיך אומגעקעהרט פון זייערע

אומזיסטע גענג צו בעטען... אַרבייט ביי די רעגירונגס־בעאַמטע; און בעגינען צו טאָג זיינען שוין געשטאַנען גאַנצע מחנות פון זיי, אויסגעהונגערט און מורא'דיג אויפ־גערעגט, ביי די דאָקס, וואו אַ היבשע צאָהל געזונדע הענד האָבען געפונען בעשעפטיגונג ביים אויסלאָדען און אָנלאָ־דען די שיפען. ווען עס האָט זיך איינגעגעבען, נאָך אַ שטונדען־לאַנגע וואַרטעניש און נאָך אַ מורא'דיגע שפּאַ־רעניש, אָנגענומען צו ווערן, דער איז געווען אַ געהאָלפענער פאַר איין טאָג. אָבער פערהעלטניסמעסיג — ווי ווייניג זיינען דאָס געווען! דאָס רוב פון זיי האָבען זיך מיט פערצווייפלונג אין האַרצען און מיט אַ פלוך אויף די ליפּען אומגעקעהרט צוריק צו זייערע ליידענס־גענאָסען, כדי צו הערען, וואָס יענע האָבען צו זאָגען — זיי האָבען דאָך „גאָרנישט געהאַט וואָס צו טהאָן..."

שוין זייט וואָכען אַז זיי האָבען געהאַט זייערע פער־זאַמלונגען; און זייט וואָכען אַז די לאָנדאָנער טעגליכע צייטונגען, וועלכע זיינען געווען צופריעדען דערמיט וואָס זיי האָבען ניי מאַטעריאַל אָנצופילען זייערע אונגעהייערע שפּאַלטען, פלעגען ברייגגען לאַנגע אַרטיקלען מכח דער פראַגע פון די „אַנעמפּלאָיד": אַסך קלוגע לעהרען — און קיין שפּור פון פערשטענדניס פאַר די אמת'ע אורזאַכען פון דער דאָזיגער נויטה; אַסך שעהנע ווערטער — און קיין שום וועג פון רעטונג פאַר די אונגליקליכע. יעדע פון זיי האָט געהאַט אַן אַנדער רעצעפּט, אַן אַנדער מיטעל צו דער צרה און האָט עס פאָרגעלייגט מיט דעם לעכערליכען טאָן פון אונפעהלבאַרקייט — נאָר אין דעם זיינען זיי אַלע געווען אייניג, אַז עס איז אַ שמאַך און שאַנדע פאַר „אַן אָנשטענדיגער געזעלשאַפט", אַז די דאָזיגע אָרעמע שלעפּער זאָלען זיך נאָך דערוועגען אַרויסצוקומען מיט זייער עלענד

אין דער עפּענטליכקייט. זיי מעגען קראַפּירען פון הונגער ביי טאָג און דערפראָרען ווערן פון קעלט ביינאַכט, ליגענ־דיג שטילערהייט דאָרט אין זייערע ווינקלען און לעכער, וואו מען זעהט ניט און מען הערט גאָרנישט דערפון, אָבער אַזוי צו פערלעצען די עסטהעטישע, איידעלע געפיהלען פון דער גוטער געזעלשאַפט דורך דעם נאָהנטען אָנבליק פון אַט דעם גאַנצען יאָמער און שמוץ — וואָס פאַר אַ חוצפה דאָס איז! —

ס'איז געווען אַ זונטאָג — דער פאָרלעצטער זונטאָג פון יענעם טרויעריגען מאָנאַט — ווען טרופּ האָט ביי זיך אָבגעמאַכט אויסצונוצען זיין פרייען נאָכמיטאָג און זיך אַביסעל בעסער בעקענען מיט דעם וואַקסען און מיט דער בעדייטונג פון די דאָזיגע פערזאַמלונגען פון ארבייטסלאָזע. אַרום מיטאָג־צייט איז ער געווען אין קלאַרקענוועל־גרין, אין דעם אַלט־בעקאַנטען האָל, וואו עס פלעגען זיך פער־זאַמלען אַזוי פיעל פאַרטייען. מיט פערדרוס האָט ער אויסגעהערט אַ טהייל פון די רעדען, וועלכע זיינען דאָרט געהאַלטען געוואָרען און איז דערנאָך אַוועק מיט אַ זעהר גרויסער מחנה אַרבייטסלאָזע, וועלכע האָט מאַרשירט מיט אַ רויטער פאָהן דורך'ן סטרענד צו טראַפאַלגאַר סקווער. ער האָט דערווייל קיין שום בעקאַנטען ניט געטראָפען, נאָר איינער פון די מאַרשירענדע, וועלכער איז געגאַנגען לעבען איהם, האָט פערבונדען מיט איהם אַ געשפּרעך. זעהענדיג אַז טרופּ רויכערט, האָט יענער געבעטען אַביסעל טאַבאַק, „כדי ניט צו פיהלען אַזוי שטאַרק דעם הונגער"; און ניט קוקענדיג דערויף וואָס טרופּ'ן איז געווען גאַנץ שווער זיך אויסצודריקען אין ענגליש און אפילו פערשטעהן האָט ער אויך קוים פערשטאַנען אַ העלפט און די אַנדערע העלפט האָט ער געמוזט טרעפען פון דעם, וואָס מען האָט איהם

דערצעהלט, — דאָך איז זייער געשפּרעך געוואָרען גאַנץ לעבעדיג, נאָכדעם ווי ער האָט פון זיינע לעצטע עטליכע פּענים דעם אויסגעהונגערטען מאַן געקויפט עטליכע סענד־וויטשעס אין איינע פון „לאָקהאַרט'ס קאָפע־שאָפּס". ער האָט דאָך נאָך געהאַט אַרבייט, — אויף ווי לאַנג, דאָס האָט ער אַליין ניט געוואוסט. ס'איז געווען אַ לאַנגע, אַלטעגליכע געשיכטע פון ליידען, וואָס יענער האָט איהם דערצעהלט: קלעגליך בעצאָהלטע אַרבייט דעם גאַנצען זומער נאָכאַנאַנד; פּלוצלינג האָט דאָס אויך אויפגעהערט; די גאַנצע ביסעל בעל הבית'ישקייט שטיק פאַר שטיק אַריינגעטראָגען אין פאון־שאָפּ; דערנאָך האָט פּשוט אָנגעהויבען פעהלען דאָס שטיקעלע ברויט; זיין קליין קינד געשטאָרבען פון מאַנגעל אין נאַהרונג; די פרוי אין וואָרק־הויז — און ער אַליין: „איך ווער זיך ליעבערשט אויפהיינגען, איידער אויך געהן אַהין," האָט ער געענדיגט.

טרופּ האָט איהם בעטראַכט — ס'איז געווען אַ בעיאָהרענטער מאַן מיט אַן אינטעליגענטען אויסזעהן — דאַן האָט ער איהם געפרעגט:

„וויפיעל אַרבייטסלאָזע, מיינט איהר, זיינען אַצונד פאַרהאַן אין לאָנדאָן?"

„זעהר פיעל!" האָט דער אַנדערער געענטפערט. „זעהר פיעל! — אודאי מעהר ווי הונדערט טויזענד, און אַז איהר זאָלט נאָך צורעכענען די פרויען און קינדער, אַסך מעהר נאָך! אַ האַלבער מיליאָן! די, וואָס קומען זיך צוזאַמען אויף טראַפאַלגאַר סקוועער, — דאָס איז בלויז אַ קליינער טהייל, און פון די בעשטעהט נאָך דערצו אַ פינפטעל פון פראָפעסיאָנעלע בעטלער און טרעמפּס, קעשענע־גנבים און פוסט־און־פּאַסניקעס, וואָס האָבען גאָר נישט צו טהאָן מיט די „אַנעמפּלאָיד", וועלכע ווילען בלויז

האָבען עהרליכע אַרבייט. אָבער זיי גיבען אונז קיין אַרבייט ניט און לאָזען אונז הונגערן. מיר זיינען נעכטען ווידער אַמאָל געגאַנגען אין די „באָאַרד אָף וואָרקס" —"

„וואָס איז דאָס אַזוינס?" האָט איהם אונטערבראָכען טרופ, וועלכער האָט ווינציג וואָס געוואוסט פון די פערשיעדענע איינריכטונגען פון דער שטאָדט.

„ס'איז די אָבטהיילונג, וועלכע שטעלט צו די גרויסע שטאָדט-געביידעס — איהר אָפּיס איז אַריבער דעם סקווער — און דאָרט איז געווען איינער פון די רעדנער, האָט ער ערקלעהרט, אַז זיי האָבען אין אויג די פערשיעדענע סאָרטען אַרבייט ביי דער טהעמזע, פון וועלכע מען האָט שוין אַזוי פיעל גערעדט, און ביי וועלכע זעהר פיעלע פון אונז וואָלטען געקענט בעשעפטיגט ווערן, און אַן אַנדערער האָט גערעדט מכח מאַכען אָבצוגס-קאַנאַלען און גרינדען דערפער פאַר אָרעמע לייט ניט ווייט פון לאָנדאָן —, אָבער זיי ווילען ניט, זיי ווילען ניט —"

טרופ האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו איהם.

„און דערביי ווערן אין לאָנדאָן יאָהר פאַר יאָהר צוזאַמענגעמאַכט דריטהאַלבען מיליאָן פונט סטערלינג פאַר אָרעמע לייט; צוויי מיליאָן אַליין פון פּריוואַטע בייטרעגע. וואו קומט פאָרט אַהין דאָס געלד? — איך וואָלט עס געוואָלט וויסען!"—

„יאָ," האָט זיך טרופ אָבגערופען, „דאָס זיינען אייערע דיענער, די דיענער פון פאָלק און די פערוואַלטער פון זיינע אָנגעלעגענהייטען —"

„און אין דער פאָליציי זיינען מיר אויך געווען און האָבען געקראָגען אַן ענטפער, אַז יעדער איינער, ווען מען וועט טרעפען אין גאַס, אָהן בעשעפטיגונג און אָהן אַ פלאַץ, וואו איבערצונעכטיגען, און וועלכער וועט ניט ווע-

לען געהען אין וואָרקהויז, וועט בעשטראָפט ווערן מיט געפענגנים, מיט האַרד־לייבאָר—"

„וואָס זייט איהר?"

„אַך, איך האָב שוין פערשיעדענעס געטהאָן, ווען איך בין הונגעריג געווען און האָב ניט געפונען קיין בעשעפ־טיגונג ביי מיין אַרבייט. איצט בין איך ביז מיט צוויי מאָנאַטען צוריק געווען אין אַ קאָנסערווען־פאַבריק, כ'האָב געמאַכט בלעכענע שאַכטלאַך — יעדען טאָג צוועלף שעה, קיינמאָל ניט ווייניגער, אָפטמאָל אָבער פערצעהן—"

„און וויפיעל?"

„וועל, אַז עס איז געגאַנגען גוט, 8 שילינג, דאָס רוב אָבער 7 שילינג און אָפט בלויז 6 שילינג די וואָך."

טרופ האָט זייט אַ שטיקעל צייט געלעבט אין די איסט ענד. ער האָט געוואוסט וואָס פאַר שכירות די ענג־לישע אַרבייטער קריגען. ער האָט געקענט פאַמיליען פון אַכט פערזאָן, וועלכע האָבען צוזאַמען פערדיענט ניט מעהר ווי 12 שילינג אַ וואָך, און דערפון האָבען זיי געמוזט אַוועקצאָהלען פיער שילינג פאַר זייער לאָך, וואו זיי האָ־בען געוואוינט... ער האָט געוואוסט, אַז צווישען די פרויען, וואָס אַרבייטען ביי די קעסטלאַך פון שוועבעלאַך, ביי די זעק און ביי הונדערט אַנדערע אזעלכע בעשעפטיגונגען, הערשט תמיד די ביטערע הונגערס־נויטה.

די הונגערס־נויטה אין דער רייכסטער שטאָדט פון דער ערד! ער האָט צונויפגעדריקט די פויסטען.

ער אַליין האָט פערדיענט מעהר. ער איז געווען אַ זעהר גוטער און פעהיגער מעכאַניקער; זיין אַרבייט איז ניט געווען קיין מאַשינאַלנע און זי האָט געפאָדערט, מען זאָל צולייגען קאָפּ צו איהר. — ער איז אויפגעבראַכט געוואָרען אין דער דאָזיגער אונגעהייערער נויטה, וואס ער

האָט בעגעגענט אין יעדען לאַנד, אין יעדער שטאָדט. אָבער דאָס, וואָס ער האָט זיך אָנגעזעהן אין לאָנדאָן, דעם וואַהנזיניגען לוקסוס אויף איין זייט און דעם מורא'דיגען, האָפנוננסלאָזען עלענד אויף דער אַנדער זייט, — דאָס האָט איבערגעשטיגען אַלצדינג.

ער האָט אַרויסגענומען פון קעשענע אַ צוקנייטשטען צעטעל, אָן וועלכען ער האָט זיך איצט דערמאָנט, און האָט איהם דורכגעלעזען בעת ער איז געגאַנגען ווייטער. ס'איז געווען דער „דזשובילי מאַניפעסט" פון דער „סאָשיאַל דעמאָקראַטיק פעדערײשיאָן".

ער איז דורכגעלאָפען די פאָלגענדע שורות:

פיער מיליאָן מענשען אין גרויס-בריטאַניען זיינען אָבהייננגיג פון צדקה... די אַרבייטער ניט אין שטאַנד צו קריגען מעהר ווי אַ פערט-חלק פון דעם, וואָס זיי פראָ־דוצירען... 30 פראָצענט פון די קינדער פון די באָארד סקוהלס האַלב-פערהונגערט... 54 פערזאָן אין איין יאָהר געשטאָרבען פון הונגער אין לאָנדאָן... 80 טויזענד פרויען— 10 פון הונדערט — פראָסטיטוטקעס...

בילדער פון די „פופציג יאָהר פון פראָגרעס"!...

„ס'איז אייער אייגענע שולד," האָט ער זיך אָבגערופען צו זיין בעגלייטער, בעת זיי זיינען דורכגעגאַנגען פליט סטריט, די גאַס פון די גרויסע צייטונגען, וועמעס נעמען עס האָבען אַרונטערגעשריען פון אַלע ווענד, „ס'איז אייער אייגענע שולד" — און דער געוויש פון דעם מענשען-צוג, וואָס איז אַלץ גרעסער און גרעסער געוואָרען און האָט זיך ערנסט און סטראַשענדיג אַרונטערגעלאָזט צום סטרענד, האָט עפעס אַזוי ווי געוואָלט צוגעבען געוויכט צו זיינע ווערטער — „ס'איז אייער אייגענע שולד, ווען די ערד, וועלכע געהערט צו אייך, איז ניט אייערע. אייער אייגענע

לייכטזיניגקייט און פייגהייט — דאָס זיינען אייערע ערגסטע שונאים. ניט דאָס הייפעלע פון געמיינע געלד־זעק און פוסט־און־פאַסניקעס," האָט ער געזאָגט מיט אַ טאָן פון פעראַכטונג.

„אַה, איהר זייט אַ סאָציאַליסט?" האָט זיך דער אַנדערער אָבגערופען מיט אַ שמייכעל.

טרופ האָט געצויגען מיט די אַקסלען.

„אָט קוקט אָן," האָט ער געזאָגט הויך אויף'ן קול אין זיין שלעכטען און פעהלערהאַפטען ענגליש, „קוקט אָן די דאָזיגע קראָמען, וועלכע איהר האָט אָנגעפילט מיט ברויט, און ביי וועלכע איהר געהט פערביי הונגעריגע; די דאָזיגע מאַגאַזינען, וואָס איהר האָט ביז צום ברעכען אָנגעפילט מיט קליידער, צו ווענען געהערען זיי, אויב ניט צו אייך און צו אייערע פריערענדע קינדער?"

ס'איז ניט געווען קיין איינער פון די מאַרשירענדע, וועלכע האָבען געהערט און פערשטאַנען די דאָזיגע איינפאַכע ווערטער, וואָס וואָלט ניט געגעבען זיין צושטימונג דערצו, נאָר שווייגענדיג, פערמאַטערט און אָהן אַ שום ווילען האָבען זיי פערבייגעטראָגען זייער נאָגענדען הונגער פערביי דעם מורא'דיגען איבערפלוס, וועלכער איז זיי געלעגען פאַר די אויגען. קיין איינע פון די דאָזיגע הענד, וועלכע האָבען כסדר געאַרבייט בלויז פאַר אַנדערע, כסדר נאָר אָנגעפילט די קעשענעס פון אַנדערע, כדי אַליין ליידיג, שטענדיג ליידיג צו בלייבען, — קיין איינציגע פון אָט די הענד האָט זיך איצט ניט אויסגעשטרעקט, צוריקצונעהמען אַ קליינעם, אַ גאַנץ קליינטשינקען טהייל פון דעם, וואָס מען האָט ביי זיי צוגענומען — —

שווייגענדיג און אונזיכער זיינען זיי געגאַנגען איבער די לאַנגע גאַסען פון'ם רייכטהום, זיי, ביי ווענען מען האָט

אַלצדינג אָבגענומען און גאָרנישט איבערגעלאָזט: קיין איין פוס ערד ניט, קיין ברעקעל פון יענע פיעל-געלויבטע מענשען-רעכטע, אויך קיין איינציגעם פון די נויטיגסטע מיטלען צום לעבען, נאָר אַ מורא'דיגע אָנקלאַגע געגען אַלע אינסטיטוציאָנען פון אַן ערדישער גערעכטיגקייט, אַ פעסט-געשטעלטער, קלאָהרער בעוויז געגען די עקזיסטענץ פון אַ געטליכער גערעכטיגקייט, — דאָס איז זיי געבליבען. און זיי, זיי ווערן בעצייכענט אַלס אַ שמאַך און שאַנד פון דער צייט, זיי, וועלכע זיינען בלויז די אָפּפער פון דער שמאַך און שאַנד פון זייער צייט. אָט אַזוי האָבען זיך ביים סוף פון נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט איבעראַל אויסגעמישט די בעגריפען, און די שולדיגע האָבען געמיינט, אַז זיי קענען זיך אויסדרעהען פון זייער שולד דערמיט, וואָס זיי זוכען אויף אַ סאָפיסטישען אופן צו פערבייטען די אורזאַכע און די ווירקונג פון די עקזיסטירענדע פערהעלטניסען. — דאָס זיינען געווען טרופ'ס געדאַנקען, בעת ער איז שווייגענדיג אַרונטער די אונגעהייער לאַנגע גאַס אינאיינעם מיט דעם שווייגענדען מענשען-צוג. — די מחנה איז געוואָרען אַלץ גרעסער און גרעסער, וואָס נעהנטער זי איז צוגעקומען צו טראַפאַלגאַר סקוועער. טרופ און דער אַרבייטער, מיט וועלכען ער האָט גערעדט, זיינען נאָך אַלץ געגאַנגען איינער לעבען אַנדערן. אָבער זיי האָבען מעהר ניט גערעדט. יעדער פון זיי איז געווען פערנומען מיט זיינע געדאַנקען. צווישען דעם עולם האָט מען אויפגעכאַפּט טרופ'ס ווערטער, און ער האָט געהערט, ווי עס האָט זיך ענטוויקעלט אַ דיסקוסיאָן איבער דעם.

„אָט די פערדאַמטע דייטשען," האָט זיך אָבגערופען אַ יונגער מאַן, „זיינען שולדיג אין אַלצדינג. זיי דריקען אַרונטער אונזערע אַרבייטס-פּרייזען." און ער האָט זיך

בעת מעשה אומגעקוקט מיט אַ סטראַשענדען בליק אויף טרופ'ן.

טרופ האָט גלייך געוואוסט, וואָס יענער האָט געמיינט מיט זיינע ווערטער. צו אָפט האָט ער געהערט ריידען מכח די „בלאָדי דזשערמענס", אַז ער זאָל ניט פערשטעהן די דאָזיגע אַלטע פוסטע טענה, וועלכע די עקספּלואַטאַטאָרם נוצען אויס אַזוי גלענצענד, כדי צו פערבלענדען די אויגען פון זייערע אַרבייטער און אָבקעהרען זייער אויפמערקזאַמקייט פון די ווירקליכע אורזאַכען פון זייער עלענד און נויטה.

אָבער זיין פעסטע געשטאַלט, זיין מרה־שחורה'דיג געזיכט און זיין גאַנצע האַלטונג האָבען ביים יונגען מאַן אָבגענומען יעטווועדען חשק זיך אַריינצולאָזען מיט איהם אין אַ שטרייט; און טרופ האָט איהם און די איבעריגע געלאָזט ביי זייער גלויבען איבער די נידערטרעכטיגקייט פון די דייטשע אַרבייטער, וועלכע „קומען קיין ענגלאַנד, בלויז כדי אַוועקצו'גנב'ענען ביי די ענגלישע זייער שטיקעל ברויט".

נאָר עס האָט פונדעסטוועגען ניט פערמינדערט זיין שמערץ און זיין ביטערקייט, ווען ער האָט זיך בערעכענט, ווער ס'איז ווירקליך געווען דער, וואָס איז געקומען פון דייטשלאַנד קיין ענגלאַנד. ער האָט געקענט יענע מחנות, וועלכע האָבען פערלאָזען זייער היים ניט נור מיט דער האָפנונג אויף אַ בעסערען פערדיענסט, נאָר אויך אויף אַ פרייערן און מענשליכערן לעבען: וואָרים ווי האָט דאָס גאָר געקענט זיין מעגליך פאַר זיי צו לעבען אונטער דעם שטענדיגען דרוק פון אַ פערריקטען געזעץ — דאָס שאַנד־געזעץ, ווי דאָס פאָלק האָט עס גערופען —, וואָס האָט זיך פערמאָסטען צו ערמאָרדען דעם געדאַנק, צו דערשטי־קען דאָס וואָרט, נאָכצושפּירען יעדען שריט און טריט?...

אַז דער צוג איז אָנגעקומען אויף׳ן סקווער, איז טרופּ נשתומם געוואָרען צו זעהן, וואָס פאַר אַ געוואַלדיגע מאַסע ס׳איז שוין געווען פערזאַמעלט דאָרט. דער גרויסער, ברייטער פּלאַץ איז כמעט געווען אָנגעפילט מיט מענשען, וועלכע זיינען אַרומגעגאַנגען אַהין און אַהער, און אין אַלע אַרומיגע גאַסען איז דער פערקעהר פון וועגען און מענשען כמעט געווען אַזוי גרויס ווי אין אַ וואָכעדיגען טאָג.

דער אָנקומענדער מענשען־צוג איז אויפגענומען געוואָרען מיט שטירמישע קולות. טרופּ איז אַרויס פון די רייהען און איז געבליבען שטעהן לעבען מאָרלי׳ס האָטעל. ער האָט געזעהן, ווי דער עולם לאָזט זיך צו צום סקווער, ווי דער מאַן, וועלכער האָט געטראָגען די רויטע פאָהן, מיט עטליכע אַנדערע געהען אַרויף אויף דעם פוס פון דעם נעלסאָן־מאָנומענט, און ער האָט געזעהן, ווי עס האָט זיך דאָרט פערזאַמעלט אַ מאַסע מענשען, וועלכע האָבען זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט צו די ווערטער פון אַ רעדנער.

ער איז געשטאַנען הויך אויף דעם וועג, וואָס ציהט זיך אַרויף צו סיינט מאַרטין׳ס טשוירטש. אויף אַזאַ׳ן אופן האָט ער געקענט זעהן דעם פוס פון׳ם מאָנומענט, וועלכער איז געווען געדיכט בעזעצט. ער האָט געזעהן די בעוועגונגען פון די רעדנער, ווי זיי האָבען געפאָכעט מיט די הענד אין דער לופטען, דאָס פלאַטערן פון דער רויטער פאָהן און די שוואַרצע הימלען פון די פּאָליסלייט, וועלכע זיינען געווען אויסגעשטעלט גאַנץ נאָהענט לעבען די רעדנער.

פון צייט צו צייט האָט איהם אַ פערבייפאָהרענדער וואָגען אָדער אַ געדיכט־בעלאָדענער אָמניבוס פערשטעלט דעם מאָנומענט און דאָס בילד איז אויף אַ וויילע פערשוואונדען פון זיינע אויגען.

פלוצלינג האָט ער דערזעהן, ווי עס איז געוואָרען אַ געוואַלדיגע בעוועגונג צווישען דער מאַסע, וועלכע האָט פערנומען דעם סקוועד. אַ געשריי פון שרעק און פון אויפגעבראַכטקייט האָט זיך אַרויסגעריסען פון טויזענדער העלזער, און אַזוי ווי אַ מורא'דיג גרויסע כוואַליע האָט דער עולם אַ שטראָם געטהאָן צוריק און זיך פונאַנדערגעגאָסען איבער די טרעפ ביי דער צפון זייט פון סקוועד און איבער די גאַסען אַראָב... די פאָליציי האָט גאָר פלוצלינג און אָהן אַ שום פאַרוואָס געמאַכט אַן אָנגריף אויף די פער־זאַמעלטע, וועלכע האָבען זיך רוהיג צוגעהערט צו די רעדנער, און אָהן איינזעהעניש האָט זי זיי אַרויסגעטריבען פון זייערע רייהען און זיי פונאַנדערגעיאָגט אין אַלע זייטען.

טרופ האָט געפיהלט, ווי אַ מורא'דיגער צאָרן רייסט זיך אַרויס פון זיין האַרצען. אָט די איבערלייגטע און אַבזיכטליכע רוהיגקייט האָט אין איהם צוקאָכט דאָס בלוט. ער האָט זיך דורכגעשפאַרט די גאַס און איז איצט גע־שטאַנען אויף דעם שטיינערנעם גדר, וואָס האָט אַרומגע־נומען דעם פלאַץ; אונטער איהם איז געלעגען דער סקוועד, שוין אַ האַלב ליידיגער. מיט קולאַקעס און פוס־טריט האָבען די פאָליס־לייט געיאָגט די אונבעוואָפענטע שוצלאָזע מאַסע. ווער עס האָט נור געמאַכט די מינדעסטע מיענע זיך צו שטעלען אַנטקעגען, איז געשלאָגען און אַרעסטירט געוואָרען.

אַ יונגער מאַן האָט זיך אַרויסגעריסען פון זייערע הענד. אין איין אָטהעם איז ער געלאָפען און האָט געזוכט אַן אויסגאַנג פון'ם סקוועד. אָבער די פאָליציסטען, וועלכע זיינען געשטאַנען אין אַלע זייטען, האָבען איהם אַנידער־געשליידערט אויף דער ערד, אין דער צייט וואָס דער

פונאַנדערגעטריבענער עולם האָט פון דער ווייטען בעגלייט דעם דאָזיגען שענדליכען און ברוטאַלען אַקט מיט געשרייען פון פעראַכטונג און פון צאָרן.

אַז טרופ האָט דאָס דערזעהן, איז ער מיט אַמאָל אַרונטערגעשפרונגען פון גדר, וועלכער איז דאָ ביי דעם פלאַץ גאַנץ הויך. ער איז צוגעלאָפען צו דעם פוס פון'ם מאָנומענט, אויף וועלכען עס זיינען נאָך אַלץ געשטאַנען עטליכע רעדנער.

דער פאָהנען־טרעגער האָט זיך אָנגעשפאַרט אָן מאָ־נומענט און געהאַלטען די פאָהן פעסט מיט ביידע הענד. ער איז געשטאַנען גאַנץ אַליין. נאָר ס'האָט אויסגעזעהן, אַז ער איז געווען ענטשלאָסען ניט אָבצוטרעטען, סיידען מען וועט איהם מיט געוואַלד אַוועקרייסען פון דאָרט.

איצט זיינען די פאָליסלייט לאַנגזאַם צוריקגעקומען צו דעם פוס פון'ם מאָנומענט, וואו זיי האָבען זיך פון דאָס ניי אויסגעשטעלט; און נאָך זיי האָט זיך פון אַלע זייטען צוריק אַ לאָז געטהאָן די מאַסע. אין עטליכע מינוטען איז דער ברייטער סקווער ווידער אַמאָל געווען בעדעקט מיט אַ שוואַרצען שטראָם פון מענשען, וועלכע זיינען וואָס ווייטער אַלץ אויפגעבראַכטער און אויפגערעגטער געוואָרען און וועלכע האָבען געשריען מיט קולות, די רעדען זאָלען פאָרטגעזעצט ווערן.

ווידער אַמאָל איז דער פיעדעסטאַל פון דעם מאָנומענט פול געוואָרען מיט מענשען: מען האָט זיך אויפגעהויבען און אַרויפגעצויגען איינע די אַנדערע. לעבען דער פאָהן איז געשטאַנען אַ יונגער מאַן אַן ערך דרייסיג יאָהר אַלט. ער איז געווען איינער פון די בעסטע רעדנער און זעהר פאָפולער צווישען די אַרבייטסלאָזע. ער איז געווען בלאַס ווי דער טויט פאַר אויפרעגונג און האָט אַרונטערגעקוקט

מיט אַן אויסדרוק פֿון טיעפֿען האַס אויף די געשטאַלטען פֿון די פּאָליסלייט, וועלכע זיינען געשטאַנען אונטער איהם.

איינער פֿון די פּאָליציסטען האָט אַרויפֿגעשריען צו די רעדנער, אַז ביי דעם ערשטען אויפֿרייצענדען וואָרט, וואָס וועט נור אַרויסגערעדט ווערן, וועט ער גלייך אויף'ן שטעל לאָזען אַרעסטירען יעדען איינעם פֿון זיי.

מיט אַן אונבעשרייבליכען אויסדרוק פֿון פֿעראַכטונג האָט דער יונגער מאַן אַראָבגעקוקט צו איהם.

טרופּ איז געשטאַנען געדיכט ביי דער רייהע פֿון די פּאָליסלייט. אַזוי געדיכט, אַז ער איז פֿון דער שפּאַרענדער מאַסע כמעט געצוואונגען געוואָרען זיך אָנצושטויסען אָן זיי. נאָר ניט קוקענדיג דערויף האָט ער אויפֿגעהויבען זיין אָרם אין דער הויך און אַ געשריי געטהאָן צו די, וואָס זיינען געשטאַנען אויבען: "Go on!". דאָס איז געווען ווי אַ סיגנאַל פֿאַר די פֿערזאַמעלטע. באַלד האָט אויסגעבראָכען אַ שטורם פֿון אַפּלאָדיסמענטען און פֿון אַלע זייטען האָט מען ווידערהאָלט דעם זעלבען אויסרוף וואָס טרופּ.

תחילת האָט עס אויסגעוויזען, עפּעס אַזוי ווי די פּאָליציי וואָלט ביי דעם דאָזיגען אויסברוך פֿון אַלגעמיינער בעגייסטערונג געוואָלט מאַכען אַ נייעם אָנגריף אויף דער מאַסע. אָבער זי האָט עס ניט געטהאָן און דער רעדנער האָט אָנגעפֿאַנגען. ער האָט גערעדט מכח דאָס רעכט פֿון רעדע-פֿרייהייט אין ענגלאַנד, ווי אַזוי מען האָט זיך געסטאַרעט עס צו דערשטיקען, נאָר עס איז זיי ביז איצט ניט געלונגען. ער זעהט פֿאַר זיך אַ מאַסע, וועלכע טראַפֿאַלגאַר סקווער האָט נאָך היינטיגס יאָהר ניט געזעהן. — אָט דאָ, פֿאַר די אויגען פֿון דער גאַנצער וועלט האָבען זיי זיך אַוועקגעשטעלט מיט זייער פֿאָדערונג: „ברויט אָדער אַרבייט". און דאָ, פּנים אל פּנים אַנטקעגען די דאָזיגע

פערשוואונדערישע רייכטהימער, וועלכע זיי האָבען אַליין געשאַפען, וועלען זיי זיך פערזאַמלען אַזוי לאַנג, ביז וואַנען אָט די פאָדערונג וועט ערפילט ווערן. — זיי האָבען קיין שום פענסטער ניט געבראָכען און קיין שטיקעל ברויט ניט גענומען, כדי צו שטילען זייער הונגער — אַ ליגנער איז דער, וואָס זאָגט, אַז זיי האָבען עס געטהאָן. זיי וואָלט עס געווען זעהר אַנגענעהם, ווען מיר טהוען עס — דאַן וואָלט די פּאָליציי געהאַט אַ גוטען תירוץ דערפאַר, וואָס זי האָט געשטערט אונזערע פריעדליכע פערזאַמלונגען און זיך געסטאַרעט אויף דעם ברוטאַלסטען אופן אונז אַרויסצו־ברייננגען פון די כלים. —

לעבען טרופ׳ן איז געשטאַנען אַ רעפּאָרטער פון אַ ציימונג, וועלכער האָט זיך געמוטשעט שטעהענדיגערהייט צו מאַכען סטענאָגראַפישע נאָטיצען פון דער רעדע. ער האָט געפיהלט, אַז ער וואָלט געקענט ביי אָט דעם גלייכ־גילטיגען מאַן אַרויסרייסען דאָס פּאַפּיר פון דער האַנד. אָבגעעקעלט דערפון, האָט ער זיך געסטאַרעט דורכשפּאַרען דורך דער געוואַלדיגער מענשען־מאַסע, וועלכע האָט איהם אַרומגערינגעלט. ער האָט אָבער קוים געקענט קומען טריט ביי טריט פאָרווערטס. די צוהערער זיינען שוין ניט בע־שטאַנען בלויז פון אַרבייטסלאָזע: אַסך פערדעכטיגע חברה־לייט, וועלכע קלייבען זיך ביי יעדע געלעגענהייט צונויף אין מאַסען, פיעל נייגיעריגע, וועלכע האָבען געוואָלט זעהן וואָס עס וועט דאָ פאָרקומען, אַזוי ווי אַ היבשע צאָהל פון מענשען, וועלכע האָבען זיך טאַקי באמת אינ־טערעסירט מיט דער בעוועגונג, — אָט די אַלע האָבען זיך אויסגעמישט צווישען די מאַניפעסטאַנטען. פרויען מיט זייערע קינדער אויף די אָרעמס, מיעד און הונגעריג, זיינען געשטאַנען גאַנץ נאָהענט לעבען עטליכע פערפוצטע דאַמען

פון'ם וועסט ענד, וועלכע האָבען זיך אויך געפונען אויף'ן סקווער, נאָכדעם ווי מען האָט זיי פערזיכערט, אַז עס איז „נאָך ניט געפעהרליך"; און צווישען דעם גרויסען עולם האָט טרופ געזעהן אַ געזיכט, וואָס האָט איהם מורא'דיג אויפגעבראַכט: דאָס פּרעכע, שפּאָטיש־שמייכלענדע געזיכט פון אַ דזשענטעלמאַן מיט אַ הויכען הוט, וועלכער איז געשטאַנען ניט ווייט פון'ם מאָנומענט, און וועלכער האָט איצט איבערגעשלאָגען דעם רעדנער מיט דעם אויסרוף „גאָנסענס!" — אָט אַפּנים אַ הויכער בעאַמטער, וואָס האָט זיך פערלאָזט אויף די געדולד פון'ם פאָלק, אַזוי ווי אויף די בולאַוועס און די רעוואָלווערען פון זיינע פּאָליסלייט, און דערפאַר האָט ער געסמייעט צו זיין אַזוי פּרעך. באַלד האָט זיך אויפגעהויבען אַ בייזע מורמלעריי, נאָר דער חברה מאַן האָט זיך ווינציג וואָס אומגעקוקט דערויף; רוהיג, מיט זיין אונפערשעהמטען שמייכעל האָט ער געקוקט אויף דעם ים פון מענשען, וועלכע האָבען איהם אַרומגערינגעלט.

„וואַרט אַקאָרשט, דו וואוילער יונג," האָט זיך טרופ געטראַכט, „דו וועסט נאָך אַמאָל האָבען אַזאַ פּסק דערפאַר, אַז עס וועט דיר פערגעהן דער שמייכעל דיינער —"; אָבער טאַקי אין דערזעלבער רגע האָט ער זיך געמוזט צו־לאַכען מיט אַלעמען צוגלייך. דער לאַנגער בחור האָט געקראָגען פון הינטען אַזאַ שטאַרקען זעץ מיט'ן פויסט, אַז דער צילינדער איז איהם אַריבער די אויגען און די אויערן. דער עולם האָט זיך אַביסעל פונאַנדערגערוקט, און אַרום דעם חברה־מאַן, וועלכער האָט שוין פערגעסען צו שמייכלען, איז געוואָרען ליידיגלאַך. די פּאָליציי האָט זיך צוגערוקט, כאָטש זי האָט ניט אָנגעהויבען זעהן וואָס דאָ האָט זיך געטהאָן. טרופ איז מיטגעשלעפט געוואָרען מיט'ן שטראָם;

ער איז אַלזאָ איצט געשטאַנען ביי דער מזרח־זייט פֿון׳ם סקוועער.

דערוויל זיינען אויך די אַנדערע דריי זייטען פֿון׳ם פיעדעסטאַל פֿול געוואָרען מיט מענשען און אויך פֿון זיי האָט מען אַראָבגערעדט צו די פֿערזאַמעלטע. ניט אַלעס, וואָס איז דאָרט גערעדט געוואָרען, האָט געהאַט אַ צוזאַמענהאַנג מיט דעם צוועק פֿון דער פֿערזאַמלונג, און פֿון דער שטימע פֿון אַ טהייל רעדנער האָט זיך מעהר אַרויסגעהערט די זעלבסט־צופֿריעדענהייט און די קינדערשע פֿרייד מיט די אייגענע ווערטער, איידער די אויפֿגעבראַכטקייט איבער די צושטענדע, וועלכע זיי האָבען געזאָלט בראַנדמאַרקען, און דאָס סטאַרען זיך צו דערוועקען דאָס דאָזיגע רעוואָלטירענדע געפֿיהל ביי זייערע צוהערער אין די הערצער.

טרופּ האָט מיט אַ בייזען שמייכעל געקוקט אויף איינעם פֿון די דאָזיגע פּראַקטישע פֿאָלקס־רעדנער, וועלכער האָט שטאַרק געמאַכט מיט די הענד און מיט לאַנגווייליגע פֿראַזען האָט ער צו די הונגערענדע לאָנדאָנער גערעדט מכח זייערע הונגערענדע ברידער אין אינדיען. ער האָט זיי אויסגערעכענט די שענדליכקייטען, וועלכע די ענגלישע רעגירונג בעגעהט אין יענעם אונגליקליכען לאַנד, אָנשטאָט זיי אויפֿמערקזאַם צו מאַכען אויף די פּונקט אַזעלכע גרויסע געמיינהייטען פֿון דערזעלבער רעגירונג, פֿון וועלכע זיי אַליין האָבען צו ליידען, — אויף דעם שוידערליכען צושטאַנד, וועלכער פֿערדאַמט זיי צו אַ לאַנגזאַמען טויט.

אַ שטאַרקער געלעכטער און שפּאָטישע געשרייען האָבען איהם אָבער גלייך אַוועקגעריסען פֿון דעם דאָזיגען פלוידער־זאַק און צוגעצויגען זיין אויפֿמערקזאַמקייט צו

איינעם פֿון יענע פֿאַנאַטיקער, וועלכע געפֿינען זיך אויף אַלע פֿערזאַמלונגען פֿון דעם סאָרט, וואו זיי גלויבען צו ערפֿילען זייער מיסיאָן, זיך סטאַרענדיג אומצוקעהרען דאָס פֿאָלק אין די אָרעמס און אין דעם שויס פֿון דער אַליין־גליקליך־מאַכענדער קירכע: צו שטאַרקען די אָרעמע אין זייער דולדען און לײדען און די רייכע אין זייערע תענוגים. טרופּ האָט מיט נייגיעריגע בליקען געקוקט אויף דעם שוואַרץ־געקלײדעטען מאַן. דאָס גלאַט־געגאָלטע, איינגע־פֿאַלענע געזיכט, דער שרעקעדיגער בליק פֿון די אויגען און דער זיסליכער טאָן פֿון זיין שטימע וואָלטען איהם געווען דערווידער, זאָגאַר ווען דער מאַן וואָלט ניט געשטאַנען אין דיענסט פֿון דער רעליגיאָן, וועלכע ער האָט געהאַסט, ווייל ער האָט אין איהר געזעהן דאָס הויפּט־מיטעל צו דער פֿערדומונג און דער גייסטיגער אונטערדריקונג פֿון'ם פֿאָלק.

אָבער נור מיט אַ שפּאָטישען געלעכטער זיינען אויפֿ־גענומען געוואָרען דעם מיסיאָנער'ס ווערטער. ער איז איבערגעשריען געוואָרען פֿון אַלע זייטען. עס האָבען זיך דערהערט קולות, ער זאָל אַרונטערגעהן. דאַן האָבען אָנגעהויבען פֿליהען אויף איהם שאָלאַכץ פֿון אַפּעלסינען און ניסלאַך. ער האָט זיך ניט אומגעקוקט דערויף, און ווי אַ קאַטערינקע האָט ער זיך רוהיג און מאָנאָטאָן ווייטער אָבגעזופּט זיינע אויסגעלערענטע פֿראַזען, צו וועלכע קיינער האָט זיך ניט צוגעהערט. מען האָט איהם אַוועקגעשטופּט פֿון דעם פּלאַץ, וואו ער איז געשטאַנען. נאָר קוים איז ער ווידער געשטאַנען אויף די פֿיס, האָט ער ווייטער פֿאָרט־געזעצט זיין רעדע. די העזיות פֿון דעם דאָזיגען נייעם קריסטוס זיינען געווען לעבערליך און יאָמערליך אין דער־זעלבער צייט. מיט אַמאָל איז אויף דעם רעדנער געפֿלויגען אַן איי, וואָס מען האָט אויף אַ וואונדערבאַרען אופֿן געציעלט

געגען איהם — אַ פערפוילטע, קלעפּיגע מאַסע האָט איהם פערמאַכט דאָס מויל. דאָס איז שוין געווען צופיעל, זאָגאַר פאַר אָט דעם מאַרטירער. ער האָט עס שוין מעהר ניט געקענט אויסהאַלטען. איינגעשמירט פון קאָפּ ביז די פיס, שפייענדיג און איינגעבויגען אין דרייען, האָט ער זיך דורכ־געשפּאַרט צווישען דעם עולם, בעגלייט פון דעם רויהען געלעכטער פון דער אויפגערעגטער און שרייענדער מאַסע.

טרופּ האָט געצויגען מיט די אַקסלען. ער האָט גע־וואונשען, אַז מען זאָל יעדען פאָלקס־פערפיהרער און וואַהר־הייטס־פעלשער אויף אַזאַ מין אופן פערמאַכען דאָס מויל.

ער האָט זיך אָבגעקעהרט און איז פערבייגעגאַנגען פערביי די פאָנטאַנען, וואָס די שמוציגע וואַסער־בעקענס זייערע זיינען פול געווען מיט אַלערליי אָבפאַלען, צוריק צו דער צפון־זייט פון׳ם סקווער. אויך דאָרט אויף׳ן געלענדער, זיך אָנהאַלטענדיג אָן די הויכע סלופּעס פון די לאַמטערנעס, זיינען געשטאַנען רעדנער און האָבען אַרונטערגעשריען צו דעם עולם אין סקווער זייערע אויפגערעגטע, אָבגעהאַקטע און אויפרעגענדע פראַזען.

איינער פון זיי איז טרופּ׳ן פאָרגעקומען בעקאַנט. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער האָט איהם געזעהן ביי די פערזאַמלונגען פון דער „סאָשיאַל דעמאָקראַטיק פעדעריי־שיאָן”. ס׳איז געווען אַ פּאַרטיי־סאָציאַליסט. טרופּ האָט זיך צוגעהערט צו זיין רעדע. ער האָט ווידער ניט אַלעס פער־שטאַנען, נאָר פון איינצעלנע ווערטער האָט ער געקענט אַרויסנעהמען, אַז יענער האָט דאָס גערעדט איבער די מורא׳דיגע ענטוויקלונג פון דער גרויס־קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע, וועגען די הונגער־רעוואָלטען, וועלכע ווערן וואָס ווייטער אַלץ גרעסער און אונפערמיידליכער און מכח דעם, אַז די מיטלען, וואָס ווערן אָנגעווענדעט זיי צו

אונטערדריקען, זיינען אַרויסגעוואָרפען. דער רעדנער האָט אויך אַטאַקירט יענעם אַלטען, איינגעוואָרצעלטען פּאָראורטהייל, אַז נור דער מאַנגעל אין לעבענס־מיטלען פיהרט אונבעדינגט דערצו, אַז געוויסע טהיילען פון דער געזעלשאַפט זאָלען זיך געפינען אין עלענד און נויטה. דאַן איז ער אַריבער צו די בעקאַנטע סאָציאַליסטישע טהעאָריען מכח דער פערטהיילונג פון אַלע פּראָדוקטען, וועלכע געפינען זיך אין איבערפלוס — דאָס אַלעס אין ווערטער, וועלכע מען האָט שוין אַזויפיעל מאָל ווידערהאָלט און וועלכע זיינען געוואָרען אַ פּראַזע.

די ווירקונג פון דער רעדע איז געווען אַ שוואַכע. גאַנץ ווייניג פון די פערזאַמעלטע האָבען זיך צוגעהערט צו יעדען וואָרט און זיי האָבען איבערהויפּט ניט געקענט אַלעס הערען. דאָס רוב האָבען זיי זיך געלאָזט הינרייסען פון דער אונאויפהערליכער בעוועגונג, וועלכע האָט זיי אַרומגעטריבען פון איין אָרט אויף'ן אַנדערן. אומזיסט האָט די שטימע פון די רעדנער געזוכט צו בעהערשען זייער אונרוהיגקייט און זייער געוואַלדיגע בעוועגליכקייט.

אַרום די ביינק ביי דער צפון־זייט פון סקווער האָבען זיך צונויפגעקליבען אַ היבש ביסעל ליאַרמענדע קינדער: יענע גאַסען־יונגען, וועלכע ליגען שטענדיג הונדערטערווייז אין די הויפּט-גאַסען פון לאָנדאָן — אַרויסגעטריבען פון די עלטערן, אויב זיי זיינען ניט קיין יתומים, און אַרומגעיאָגט פון די פּאָליסלייט. יענע קינדער, וועלכע האָבען קיינמאָל קיין יוגענד ניט; וועלכע האָבען אין זייער לעבען קיין אַנדער נאַטור ניט געזעהן, נאָר די בעשטויבטע נאַטור פון הייד פּאַרק; וועלכע האָבען אין זייער לעבען קיינמאָל ניט אָבגעגעסען צו זאַט און קיינמאָל קיין ניט־צוריסענעם און ריינעם בגד אויף'ן לייב ניט געהאַט; וועלכע

זיינען קיינמאָל ניט פערדאָרבען געוואָרען, מחמת זיי זיינען קיינמאָל ניט געווען אונפערדאָרבען.

לאַבענדיג און שרייענדיג זיינען זיי געשטאַנען און אַרומגעשפרונגען אויף די שמוציגע און אָבגעטראָטענע ביינק. איינער פון זיי האָט זיך אַוועקגעשטעלט אויף אַ ברעג באַנק, אַזוי ווי אַ רעדנער אויף אַ פלאַטפאָרמע: מיט קאָמישע מיענעס האָט ער נאָכגעמאַכט די בעוועגונגען פון די רעדנער און אַרייגגעשריען אַלערליי פוסטע און זינלאָזע ווערטער אין דעם טומעל אַריין. זיין שמוציג, פאַר דער צייט אַלט-געוואָרען געזיכט האָט געשטראַהלט פאַר פער־גניגען. דאַן האָבען איהם די פרעהליכע קאַמעראַדען זיינע אַרונטערגעוואָרפען פון באַנק.

טרופ האָט ווידער אַ שמייכעל געטהאָן, אָבער דאָס מאָל מיט ביטערקייט. אָט די קליינע סצענקע איז עפּעס געווען אַזוי ווי די ביטערסטע סאַטירע אויף דעם ביטערסטען ערנסט. ער האָט געקוקט אויף די שמוציגע, געזונקענע געזיכטער פון די, וואָס זיינען געשטאַנען אַרום איהם. וואו זיין בליק איז נור געפאַלען: עלענד, הונגער און אונטער־גאַנג. און דאָס זיינען געווען זיינע ברידער; ער האָט זיך געפיהלט נאָהענט, פערוואַנדט מיט זיי אַלעמען; פעסט פערבונדען מיט זיי דורך אַ גלייכען שיקזאַל.

איבער טראַפאַלגאַר סקווער איז געהאַנגען אַ מאָנאָ־טאָן־גראָער, דריקענדער הימעל, אָהן אַ שטראַהל פון זונן. ס'האָט אויסגעוויזען עפּעס אַזוי ווי אָט די קאַלטע כיפּה וואָלט זיך אויפגעהויבען העכער ווי געוועהנליך.

ווידער אַמאָל האָט עס זיך ביים פוס פון דעם נעל־סאָן־מאָנומענט אָנגעהויבען ריהרען. מען האָט געזעהן, ווי ער ליידיגט זיך אָב. מען האָט געזעהן, ווי די רויטע פאָהן, פלאַטערענדיג איבער דעם ים פון קעפּ, לאָזט זיך אַרונטער

אין דער ריכטונג פֿון וועסטמינסטער. און אָהן אַ שום וואָרט, אָהן דעם אַז מען זאָל זיך האָבען פֿריהער צונויפֿגערעדט וועגען דעם, זיינען איהר די טויזענדער מענשען נאָכגעגאַנגען. די איינצעלנע גליעדער האָבען זיך צונויפֿגעשלאָסען און אויסגעשטעלט אין אַן אונגעהייער לאַנגער שלאַנג. אַזוי זיינען זיי אַרונטער מיט ווהייטהאָל, פֿערביי אַזויפֿיעל רעגירונגס־הייזער, פֿערביי די עראינערונגען פֿון דער געשיכטע, וועמעס בלוטיגע שפּורען זיינען שוין לאַנג געוועזען אָבגעוואַשען פֿון די שטיינער פֿון דער דאָזיגער בעריהמטער גאַס, פֿערביי די ביידע וואַכען די „האָרס גאַרדס", וועלכע האָבען געהיט די אַריינגענג פֿון יענער נידעריגער געביידע, אָנגעטהאָן אין זייערע אויפֿגעבלאָזענע יוניפֿאָרמען און רייטענדיג אויף זייערע אָבגעפּאַשעטע פֿערד... און אַרויף דורך די מאַסע פֿון צושויער, וועלכע האָט נאָכגעשטראָמט דעם מערקווירדיגען מענשען־צוג, אַזוי גיך ווי ער איז נור פֿערבייגעגאַנגען...

אין מיטען אין די רייהען איז געגאַנגען טרופּ. אַביסעל שנעלער ווי געוועהנליך האָט געקלאַפּט זיין פּולס, בעת ער האָט זיך געפֿיהלט מיטגעצויגען פֿון דער בעוועגונג פֿון דעם דאָזיגען טאָג.

די שפּיצען פֿון „פּאַרליאַמענט האוז" האָבען זיך וואָס ווייטער אַלץ קלאָהרער און דייטליכער אויפֿגעהויבען פֿון דעם דינעם נעבעל. מיט אַמאָל האָט זיך די „וועסטמינסטער אַבעי" בעוויזען פֿאַר דער אונגעהייער גרויסער מאַסע, וועלכע האָט געהאַלטען אין איין צושטראָמען צו איהרע טהירען. טרופּ האָט זיך געסטאַרעט אַריבערקוקען אַריבער די שוואַרצע היטלען, וועלכע האָבען איהם אַרומגערינגעלט און וואַרפֿען אַ בליק אויף'ן שפּיץ פֿון'ם צוג. ווען עס זאָל כאָטש קומען צו אַ צוזאַמענשטויס! — איז געוועזען זיין גליהענדער וואונש.

אָבער ער האָט געזעהן, ווי די רויטע פּאָהן איז רוהיג פּערביי דעם הויפּט־אַריינגאַנג און האָט זיך פּערקירעוועט אָן אַ זייט; דער צוג איז איהר נאָכגעגאַנגען אין פּעסטער געשלאָסענער אָרדנונג.

פּערשיעדענע קולות האָבען זיך געהערט אַרום איהם. ער האָט ניט געוואוסט, וואָס דאָס אַלעס מיינט. און פּלוצלינג האָט ער זיך געפּונען — דער צוג האָט געמוזט אַריינגעהן דורך דעם אַריינגאַנג פּון מזרח־זייט — אין דעם גרויסען שטיל־שווייגען פּון די ערליכע זאַאַלען, וועלכע גאַנצע יאָהרהונדערטע האָבען אָנגעפּילט מיט זייער דופּט און מיט זייער שטאָלץ...

ער איז געשטאַנען אין'ם „פּאָעט'ס קאָרנער" פּון דער „וועסטמינסטער אַבעי", צונויפּגעדריקט צווישען דעם עולם, וועלכער האָט ניט געקענט געפּינען קיין פּלאַץ אויף די איינגע, געדיכט בעזעצטע ביינק. ער האָט געזעהן די ביוסטען און געלעזען די נעמען, וועלכע ער האָט ניט געקענט. וואָס זיינען זיי געווען? און וואָס זיינען זיי פּאַר איהם געווען? — בלויז איין ענגלישען דיכטער האָט ער געקענט. און זיין נאָמען האָט ער ניט געפּונען... פּערסי ביססהע שעלי. דער האָט געליעבט די פּרייהייט. מחמת דעם האָט ער איהם ליעב געהאַט און האָט איהם געלייענט אויך דאָרט, וואו ער האָט איהם ניט פּערשטאַנען. ער האָט ניט געוואוסט, אַז די ענגלישע איינגהאַרציגקייט האָט שעלי'ן, אַזוי ווי ביירא ן'ן, אויסגעצייכענט דערמיט, וואָס זיי האָבען איהם ביז איצט בשום אופן ניט געוואָלט אָנטהאָן קיין כבוד און איהם געבען אַ פּלאַץ אין דעם דאָזיגען האַלב־העלען ווינקעל, צווישען אַזויפּיעל עכטע זשעניען און אַזויפּיעל פּאַלשע בעריהמט־הייטען.

אין דער אַבעי האָט מען איצט אָבגעהאַלטען אַ גאָטעס-

דיענסט. פֿון מיטען זאַאַל, אַזוי ווי פֿון אַ זעהר ווייטער
שטרעקע, האָט זיך געלאָזט הערען די דונקעלע, מאָנאָטאָנע,
האַלב-זינגענדע שטימע פֿון דעם גייסטליכען, וועלכער האָט
איצט, נאָך דעם קורצען איבערשלאָג וואָס די אומגעריכטע
געסט האָבען פֿעראורזאַכט, פֿאָרטגעזעצט זיין גאָטעס-דיענסט
און האָט זיך געסטאַרעט צו בערוהיגען זיינע דערשראָקענע
צוהערער... טרופּ האָט קיין איין וואָרט ניט פֿערשטאַנען.
די מאַסע אַרום איהם האָט אַרויסגעגעבען פֿון זיך אַ שטאַר-
קען גערוך פֿון שוויים און שטויב. זי איז געוואָרען אויפֿגע-
רעגטער, נאָכדעם ווי דאָס גרויסע געפֿיהל, וואָס האָט זיי
בעהערשט גלייך ווי זיי זיינען אַריינגעקומען, איז פֿער-
שוואונדען. אַ טהייל האָבען גאָרניט אַרונטערגענומען זייערע
הימלען; עטליכע אַנדערע האָבען זיי צוריק אָנגעטהאָן. אַסך
זיינען אַרויף אויף די בייגק און האָבען אַריבערגעקוקט איבער
די אַנדערע. בלויז געצעהלטע עטליכע ווערטער האָבען זיך
גאַנץ שטיל געלאָזט הערען אין דער גרויסאַרטיגער ערהאַ-
בענהייט פֿון דעם דאָזיגען שטיל-שוויינען. טרופּ האָט זיך
אַנידערגעזעצט. געגען זיין ווילען איז ער בעהערשט געוואָרען
פֿון אַ מערקווירדיגען, אונערקלעהרליכען געפֿיהל, וואָס ער
האָט שוין זייט אַ לאַנגער, אונענדליך לאַנגער צייט ניט
געהאַט... וואָס איינגער עס איז דער פּלאַץ, וואו מיר געפֿינען
זיך, אַלץ מעהר פֿיהלען מיר איהם, ווען די פֿליגעל פֿון
אונזערע געדאַנקען שלאָגען זיך אָן און צוקאַליעטשען זיך אָן
זיינע וואַנד; וואָס ברייטער און געראַמער ער איז, אַלץ מעהר
פֿערגעסען מיר איהם און זיינע גרענעצען. טרופּ האָט אַרונ-
טערגעקוקט צו דער ערד און האָט אויף אַ גאַנצע האַלבע
שעה צייט פֿערגעסען, וואו ער איז געווען. — —

זיין גאַנץ לעבען איז איהם מיט אַמאָל אַרויפֿגעשוואומען
אין די געדאַנקען. אָבער די אומאַרמונג פֿון דער דאָזיגער

עראינערונג איז ניט געווען פֿאַר איהם זאַנפֿט און טרייס־טענדיג, ווי די אומאַרמונג פֿון אַ מוטער, צו וועלכער דער זוהן קומט צוריק, נאָר געוואַלטיג, מורא'דיג, צומאָהלענדיג, אַזוי ווי דער טויטליכער קוש פֿון אַ וואַמפּיר!

— — — — — — — — — — —

זיין גאַנץ לעבען. ער איז איצט געווען אַ מאַן פֿון 35 יאָהר, אין רעכטען מיטען פֿון זיין לעבען, אין פֿולער קראַפֿט פֿון זיין קערפּער.

ער זעהט פֿאַר זיך פֿון דאָס ניי זיין קינדהייט, די דורכגעהונגערטע, צושלאָגענע יאָהרען פֿון זיין קינדהייט, וועלכע ער האָט אָבגעלעבט אַלס זוהן פֿון אַן אָרעמען אַר־בייטער אין אַ שמוציג דערפֿעל אין זאַקסען; דער פֿאָטער אַ האַלבער אידיאָט; די מוטער אַן אויפֿגערעגטע, אייביג אונצופֿריעדענע פֿרוי, פֿון וועמען ער האָט גע'ירש'ענט די אייזערנע ענערגיע און די אונבעגרענצטע ליידענשאַפֿט. ער האָט זיך געהאַלטען אין איין אַרומרייסען מיט דער מוטער, ביז וואַנען ער האָט איהר — וואָרים דעם פֿאָטער זיינעם האָט ער קיינמאָל ניט גענומען אין בעטראַכט — אין אַ שעהנעם טאָג איבערגעלאָזט און איז אַנטלאָפֿען פֿון שטוב, נאָך אַ מורא'דיגער סצענע, וואָס האָט זיך געמאַכט צווישען מוטער און זוהן.

ער זעהט זיך ווידער אַלס פּופּצעהן יעהריגען, פֿער־וואָהרלאָזטען אינגעל, אָהן אַ פּעניג געלד, וואַנדערענדיג צוויי טעג נאָכאַנאַנד פֿון איין דערפֿעל צום אַנדערן; ער פֿיהלט איצט ווידער דעם שרעקליכען הונגער, וועלכער האָט איהם ענדליך נאָך צוויי טעג צייט געגעבען דעם מוטה אויסצובעטלען אַ שטיקעל ברויט ביי אַ בויער; און די מורא'דיגע פֿערצווייפֿלונג, וועלכע האָט איהם ענדליך גע־טריבען דערצו אין נעכסטען דאָרף זיך נאָכצופֿרעגען אויף

אַרבייט. ס'איז געווען אויף'ן דריטען טאָג אין דער פריה, אַ נאַס־קאַלטער פריה־מאָרגען אין הערבסט, (ווי ער געדיינקט דאָס אָט דעם פריה-מאָרגען!). ציטערענדיג פון קעלט און אָהן כוחות האָט ער זיך אויפגעהויבען פון דער ערד. ס'איז געווען ניט ווייט פון בעמניץ. ער איז אַריין אין אַ שמיעדעריי. דער מייסטער לאַכט און בעטאַפט די מוסקעלען פון זיינע אָרעמס. ער קען דאָ בלייבען, ער מעג זיך זעצען מיט אַלעמען צום אָנבייסען, אַ געדיכטע, געשמאַקלאָזע זופּ, וואָס די געזעלען עסען מיט אונצופריעדענהייט און וועלכע ער שלינגט אַרונטער מיט גרויס אַפעטיט. די אַנדערע מאַכען חוזק פון זיין הונגער; אָבער קיינמאָל האָט איהם ניט אַזוי ווינציג געאַרט וואָס מען לאַכט פון איהם. — דאַן אַרבייט ער און לערנט מיט אַ ווילדער התמדה, מיט אַ ברענענדער לוסט און מיט אַ שטאַרקער ליעבשאַפט צו אַלצדינג. עס פערגעהען טעג, וואָכען, מאָנאַטען... קיינער קוקט זיך אויף איהם ניט אום. לענגער פון אַלעם זעהען איהם אוים די אָבענד־שטונדען, נאָכדעם ווי עס ענדיגט זיך די אַרבייט. ער ווייסט איינפאַך ניט וואָס צו טהאָן מיט זיך. איינמאָל דערטאַפט ער אַ בוך און ער שטודירט עס דורך זאַץ פאַר זאַץ. ס'איז צופעליגערווייזע לאַסאַל'ס „אַרבייטער־פראָגראַם". ער האָט עס געפונען אין אַ ווינקעל ביי זיך אויף'ן בוידים. אימיצער האָט עס דאָרט געמוזט פערגעסען. ער פערשטעהט ניט קיין איין וואָרט וואָס ער לייענט. נאָר אַז דער מייסטער טרעפט איהם אַמאָל אָנגעבויגען איבער די שמוציגע בלעטער, רייסט ער זיי ביי איהם אַרויס פון דער האַנד און דערלאַנגט איהם מיט זיי עטליכע קלעפּ איבער די אויערן. „פערפלוכטע סאָציאַל-דעמאָקראַטען!" צושרייט ער זיך אויף'ן קול, „זיי ווילען, הייסט עס, דאָס קינד אויך איבערפיהרען!" — דער יונג פערשטעהט דאָס ווייטער ניט.

ער ווייסט ניט וואָס פאַר אַ בייז ער האָט דאָ געטהאָן, אָבער צום ערשטען מאָל האָט ער דערהערט דאָס וואָרט „סאָציאַל־דעמאָקראַטיע". ס'איז שוין צוואַנציג יאָהר זייט דעם...

אַזוי שליסט ער זיין ערשטע פריינדשאַפט. וואָרים פון יענער שטונדע אָן האָט זיך איינער פון די אַרבייטער גענומען אינטערעסירען אין איהם. דאָס איז געווען אַ פייערדיגער אָנהייגגער פון דעם אויפבליהענדען אַלגעמיינעם דייטשען אַרבייטער־פעראיין, וועלכער איז דעמאָלט געשטאַנען אין אַ ביטערן קאַמפף מיט דער אייזענאַכער ריכטונג פון דער אַרבייטער־פּאַרטיי. אָט דער אַרבייטער האָט מרופ'ן פערזאָרגט מיט לייכטען שטאָף צום לעזען. אָנשטאָט די שווערע, וויסענשאַפטליכע שריפט פון יענעם גייסטרייכען פאָרקעמפפער פון'ם דייטשען סאָציאַליזם, האָט ער איהם פון צייט צו צייט געגעבען אַ צייטונג, געדרוקט אויף דינע פאַפיר, וועלכע האָט דורך דער צוגליעדערונג פון די טעגליכע געשעהענישען אַסך בעסער אילוסטרירט די סאָציאַלע איבלען פון דער געגענוואַרט איידער די לייכטסטע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע אָבהאַנדלונג וואָלט עס אים שטאַנד געווען צו טהאָן. דאָ האָט ער געלייענט די פערשיעדענע שילדערונגען פון די מורא'דיגע געגענזעצע אין דער געזעלשאַפט: די בעשרייבונגען מכח די פרעכע פערשווענדערייען, די ברוטאַלע אום'ברחמנות'דיגקייט, די אונפערשעהמטע גדלות אויף איין זייט, די ליידענשאַפטליכע שילדערונגען וועגען דער פערצווייפעלטער אָרימקייט, מכח דער פערקויפטער אַרבייט און דער צוטראָטענער שוואַכקייט אויף דער צווייטער זייט; און זיין יונג האַרץ האָט שיער ניט געפּלאַצט פאַר שמערץ און אויפגעבראַכטקייט. דער האַס און די ליעבע האָבען עס געשפּאָלטען אויף

אייביג: דער האַס צו יענע, די ליעבע צו די, וועלכע האָ־בען געליטען פונקט ווי ער. די מענשען האָבען זיך ביי איהם אין די אויגען באַלד פונאַנדערגעטהיילט אין בורזשואַס און אַרבייטער, און באַלד האָט ער אין יענע געזעהן בלויז אויסגערעכנטע זשוליקעס און נידעריגע עקספלואַטאַטאָרס, און אין דיזע — הוילע אָפּפער, אַלץ איידעלער, וואָס אונגליקליכער זיי זיינען געווען...

די יאָהרען געהען פערביי. צו נײנצען יאָהר, ווען ער פערלאָזט די אומעטיגע, אונפריינדליכע שטאָדט, האָט ער דורך זיין התמדה און זיין דורשט צו וויסען עס געבראַכט אַזוי וויט, אַז ער קען גאַנץ פליסיג לעזען און אויך ריכ־טיג שרייבען. ער איז אַן אויסגעלערנטער אַרבייטער און זיין לעהר־צייגנים איז אויסגעצייכענט.

עס ציהט איהם אין די וויטע וועלט. דער גרויסער קריעג האָט זיך געענדיגט. אין דער צייט וואָס דער פלאַ־מען־בראַנד פון'ם אויפשטאַנד צינדט אָן די הימלען, ביז וואַנען ער ווערט פערלאָשען אין שטראָמען פון בלוט, וואַנדערט טרופ קיין נירענבערג און מינכען, וואו ער געפינט אַ געלעגענהייט אין אַ גרויסער פאַבריק זיך צו פערפאָל־קאָמען אין זיין אַרבייט.

נאָך אַלס אַ בעגייסטערטער אָנהייגער פון דער „פאָרגעשריטענסטער" פאַרטיי, דערוועקט זיך שוין דאָ ביי איהם אין האַרצען דאָס אינסטינקטיווע געפיהל פון עקעל געגען איהרע אויטאָריטערע פרינציפען, וועלכע ערלויבען ניט אויף דעם מינדעסטען אופן אָבצוטרעטען פון דער סאַנקציאָנירטער פאָרם...

עס ציהט איהם אַרויס, אין אויסלאַנד. ער וואַנדערט זיך נאָך דער שווייץ. זיך אַזוי שלעפענדיג קומט ער קיין ציריך, דערנאָך קיין זשענעוואַ. און דאָ הערט ער צום

ערשטען מאָל דאָס וואָרט „אַנאַרכיזם". קיינמאָל האָט ער עס ביז אַהער אין דייטשלאַנד ניט געהערט.

עס ווערט נאָך אין ערגעץ ניט אויסגערעדט. בלויז דאָ און דאָרט הערט מען עס אַרויסשעפּטשען אין דער שטיל. נאָך ווייסט קיינער ניט, וואָס מען מיינט דערמיט. נאָך וואַגט קיינער ניט צו געבען אַן ערקלעהרונג דעריבער. נאָך האָט קיינער קיין אַהנונג ניט מכח זיין בעדייטונג פאַר די צוקונפט...

— — — — — — — — — — — —

צו 22 יאָהר ווערט ער אַ רעוואָלוציאָנער!

ביז דאַן איז ער געווען אַ רעפאָרמער.

צום ערשטען מאָל איז ער געקומען אין די קרייזען פון מענשען פון אַלע נאַציאָנען, ועמען אַ מערקווירדיגעס שיקזאַל האָט אַהער צוזאַמענגעטריבען: עמיגראַנטען, קאָנ־ספּיראַטאָרס, אונטערגראָבער — מענער, פרויען, יונגע לייט פון דער אייראָפּעאישער רעוואָלוציאָן, די איינע נאָך בלוטענדיג פון די פרישע וואונדען, די אַנדערע מיט פער־טריקענטע, פערצויגענע וואונדען, אַלע פול מיט יענער פיבערדיגער אונגעדולד, מיט יענער ציטערענדער ליידענ־שאַפט, מיט יענער שמערצליכער בייגקעניש „עפּעס צו טהאָן", אָבער פערלירענדיג דאָ וואָס ווייטער אַלץ מעהר די פערבינדונג מיט זייער היים.

זיי פלעגען איהם דערצעהלען: די יונגע מכח זייערע האָפנונגען, די אַלטע מכח זייערע ענטטוישונגען און — זייערע האָפנונגען! צייטענווייז פערשווינדט איינער פון זיי: ער האָט אַ „שליחות" צו ערפילען. אַן אַנדערער קומט. זייערע נעמען ווערן זעלטען דערמאָנט, מען פערגעסט זיי גיך.

ס'איז אַ מערקווירדיגע צייט פאַר טרופּ'ן.

אין 1864-טען יאָהר האָט מאַרקס אין לאָנדאָן געגרינדעט די „אינטערנאַציאָנאַלע". האַנד אין האַנד מיט איהרע גרויסע ערפאָלגען האָבען זיך אויך וואָס ווייטער אַלץ מעהר צושפּליטערט די אידעען פון איהרע מיטגליע-דער, וועלכע האָבען דאָ פערטהיידיגט דאָס פּריוואַט-אייגענטהום, דאָרט עס אָבגעלייקענט; דאָ פערטראָטען דעם קאָלעקטיוויזם, דאָרט זיך וואָס ווייטער אַלץ מעהר אַריינגעלאָזט אין די פערנעבעלטע וועלטען פון דעם קאָ-מוניזם. אויף די קאָנגרעסען האָבען זיך אַרויסגעוויזען די ריסען.

מיט אַמאָל שפּאַרט זיך אַן אייזערנע פויסט אַריין אין די שפּאַלטען און רייסט זיי נאָך טיעפער און שאַרפער פונאַנדער. באַקונין, דער רוסישער אָפיציר, העגעל'ס תלמיד, דער אָנפיהרער פון'ם דרעזדענער אויפשטאַנד, אויף דריי טאָג „קעניג פון זאַקסען", דער סיבירישער פער-שיקטער, דער אונערמיעדליכער קאָנספּיראַטאָר, אייביגער רעוואָלוציאָנער, דער פּראָפעט און דער טרוימער האָט זיך געשטעלט אַנטקעגען דעם אייזערנעם טיראַן, דעם גענינאַלען געלעהרטען, דעם בעריהמטען שאַפער פון דער קאָמוניס-טישער ביבעל. דער קאַמפף פון צוויי לייבען, וועלכע פערצוקען זיך איינער דעם צווייטען!

אין 1868-טען יאָהר ענטשטעהט די „אַליאַנץ פון דער סאָציאַליסטישער דעמאָקראַטיע". און אַ יאָהר, איידער אָטטאָ טרופ איז אָנגעקומען אין דער שווייץ, די „יורא קאָנפעדע-ראַציאָן", די „וויעג פון דער אַנאַרכיע". כמעט דריי יאָהר בלייבט ער אין דער שווייץ; ער לערנט פראַנצויזיש.

אַז ער קומט נאָך אַמאָל קיין בערן, איידער ער פער-לאָזט דאָס לאַנד אויף יאָהרען-לאַנג, פאַלט דאָרט דער פאָר-האַנג לאַנגזאַם אַרונטער איבער דעם לעצטען אַקט פון יענעם

מורא׳דיגען לעבען... דער טויט האָט געעפּענט זיינע טויערן פאַר מיכאַאיל באַקונין. נאָך אימער מאַכט דער שטאַרבענ־דער ריעז מאוים׳דיגע אָנשטריינגונגען פון פערצווייפלונג צונויפצוקלייבען אַרום זיך נייע מחנות, נאָכדעם ווי כמעט אַלע פריהערדיגע האָבען איהם פערלאָזען, און זיי אַרויס־שיקען אין דעם האָפנונגסלאָזען קאַמפּף... ס׳איז פערביי, בלויז אונבעזאָנענע מענשען שווערען נאָך צו אַ פאָהן, וואָס דער שטורם פון צעהנדליגע יאָהרען האָט צופליקט און צו־ריסען... קיינמאָל האָט איהר טראָגער ניט דערגרייכט וואָס ער האָט געוואָלט: שטירצען די וועלט. אָבער איינגעגעבען האָט זיך איהם אַריינצואוואַרפען די פאַקעל פון מחלוקות אין די שטאָלצע פעסטונג פון דער „אינטערנאַציאָנאַלע"...

אָטטאָ טרופּ איז איינער פון זיינע לעצטע שילער.

צום 24-טען יאָהר פון זיין לעבען ווערט ער אַ טעראָ־ריסט! ער האָט זיי אויסגעלערנט אויסענווייניג, יענע וואַהנ־זיניגע עלף גרונד-פּרינציפּען „מכח די פליכטען פון דעם רעוואָלוציאָנער צו זיך אַליין און צו זיינע רעוואָלוציאָנס-גענאָסען", וועלכע פאַנגען זיך אָן מיט די שרעקליכע ווערטער פון דער גרעסטער אונפרייהייט: „דער רעוואָלוציאָנער איז אַ זעלבסט-געאָפּפערטער מענש. ער האָט ניט קיין געוועהנ-ליכע אינטערעסען, געפיהלען אָדער נייגונגען, קיין אייגענ־טהום, אפילו קיין נאָמען אויך ניט. אַלעס אין איהם ווערט פערשלונגען פון איין איינציגען אויסשליסליכען אינטערעס, איין איינציגען געדאַנק, איין איינציגע ליידענשאַפט — פון דער רעוואָלוציאָן."—

דורכדרונגען פון דעם דאָזיגען איינציגען אינטערעס, פון דעם דאָזיגען איינציגען געדאַנק, פון דער דאָזיגער איינ-ציגער ליידענשאַפט איז דער דריי און צוואַנציג־יעהריגער טרופּ צוריקגעקומען אין זיין פאָטערלאַנד. דורכוואַנדערענדיג

דאָס לאַנד פֿון דרום קיין צפון, איז זיין ביטערקייט געוואַק-
סען מיט דער גרויסקייט פֿון דעם עלענד און די נויט, וואָס
ער האָט געזעהן איבעראַל, וואו ער איז נאָר געקומען.

ס'איז געווען דאָס יאָהר, ווען ביידע ריכטונגען פֿון'ם
סאָציאַליזם האָבען זיך פֿעראייניגט אויף יענעם יסוד, וועלכער
איז געווען בעשטימט צו טראָגען אויף זיך איינע פֿון די
בעסט-אָרגאַניזירטע, טהעטיגסטע און געשלאָסענסטע פּאַר-
טייען, יענע פּאַרטיי, צו וועמען עס געהערט פּילייכט די
גרעסטע צוקונפֿט...

פֿון שטאָדט צו שטאָדט וואַנדערט ער. איבעראַל סטאַ-
רעט ער זיך אונטערצוגראָבען די יסודות פֿון דער בעשטע-
הענדער געזעלשאַפֿט. ער רייצט אויף די אַרבייטער אַוועק-
צוּוואַרפֿען די קריכעריי פֿון די רעפֿאָרמען; ער ציינט זי
דעם וועג פֿון דער געוואַלט אַלס ערלייזער און בעפֿרייער
און די, וועלכע פֿערשטעהען ניט ווי אַזוי איינצוהאַלטען ד
אונגעדולדיגע ווינשע פֿון זייערע ליידענשאַפֿטליכע הערצער
מיט דעם צוים פֿון דער פֿערנונפֿט, ווערען זיינע אַנהייננגער.

איצט רופֿט ער זיך אַנאַרכיסט!

אונטער דעם דאָזיגען צייכען אַרבייט ער אַלזאָ. דאָס
וואָרט געפֿעלט איהם, און איהם דוכט זיך, אַז עס דריקט
אויס אויף אַ וואונדערבאַרען אופן דאָס, צו וואָס ער שטרעבט:
ער וויל קיין שום הערשאַפֿט ניט, ניט די הערשאַפֿט פֿון
דעם איינצעלנעם, ניט די הערשאַפֿט פֿון אַ מעהרהייט. מיט
אַן אייזערנער ווילענס-קראַפֿט לאָזט ער זיך אַריין אין אַלע
מעגליכע וויסענשאַפֿטען, און אַזוי שטעלט ער זיך צוזאַמען
די געביידע פֿון אַ וועלט-אַנשויאונג, אַ געביידע אָהן אַ פֿאָרם,
אין וועמעס פֿינסטערע צימערן ער וואָלט אודאי פֿערבלאָנדזשעט
ווען ער זעהט ניט אַרויס דורך'ן שלעכט-געבויטען, שיטערן

דאַך דעם בלויען הימעל, וואו עס האָט פאַר איהם געפונ־
קעלט אַן אידעאַל פון ברידערליכקייט...

דעם גאַנצען צוטרוי האָט ער צו דער סאָציאַלער רע־
וואָלוציאָן. מיט איין קלאַפּ וועט זי ברייננגען דעם גן עדן
פון דעם פריעדליכען צוזאַמענלעבען. דערום שטרעבט יעדע
סטרונע פון זיין נשמה צו איהר. פאַר איהר אַרבייט ער:
פאַר דער גרויסער רעוואָלוציאָן פון זיין קלאַס, נאָך וועלכער
עס וועלען מעהר קיין רעוואָלוציאָנען ניט זיין.

אַזוי וואַנדערט ער פון שטאָדט צו שטאָדט. אונטער
וויפיעל פאַלשע נעמען, מיט וואָס פאַר פערשידענע פּעסער,
דאָס געדיינקט ער שוין אַליין ניט... רק ער מוז לויפען:
קיין איין טאָג געהט ניט אַריבער, אין וועלכען ער זאָל ניט
מוזען האַלטען די אויגען אָפען און די ליפען פערשלאָסען,
כדי אויסצודרעהען זיך פון די פערפאָלגונגען. אָפט נעהמט
איהם די טורמע אַריין צו זיך. נאָר אימער לאָזט זי איהם
ווידער אַרויס נאָך אַ קורצער צייט: מען האָט גאָרניט גע־
קענט דערוויייזען געגען איהם.

מיט אַמאָל האָט מען אין בערלין איין מאָל נאָך'ן
אַנדערן געשאָסען אויף'ן קייזער. ער איז בעגייסטערט פאַר
די אַטענטעטער, וועלכע זיינען ביידע געווען פאַנאַטיקער,
דער איינער אַחוץ דעם נאָך אַן אידיאָט, דער אַנדערער אַ
משוגע'נער נאָך דערצו. די רעאַקציע זיעגט. איהר שרעקליכע
צייט פון געזונקענהייט קומט: די נידעריגסטע געפיהלען
הויבען זיך אָן אַרויסצווייזען. די לוסט צו פערפאָלגונג, צו
מסירות, צו אַלערליי מיאוס'ע זאַכען פילט אָן די הערצער.

אַז טרופּ — איינער פון די ערשטע — ווערט אַרעס־
טירט, דוכט זיך איהם אויס, אַז ער וועט שוין קיינמאָל מעהר
ניט קענען פערלאָזען דאָס געפענגניס. די פעדים ציהען זיך
צונויף איבער זיין קאָפּ. אַ וואונדערבאַרער צופאַל ראַטעוועט

איהם. אין דער צייט וואָס מען זוכט אַרום דעם הויך־פערעטהער און דעם קאָנספיראַטאָר, פעראורטהיילט מען דעם מאַיעסטעטס־בעליידיגער צו אַ האַלב יאָהר, ניט האָ־בענדיג קיין אַהנונג, ווער דאָס איז אַזוינס, ווען מען מען האָט אין די הענד. אין דעם דאָזיגען האַלבען יאָהר האָט ער טאָג טעגליך געזעהן פאַר זיך דאָס שווערד אויסגעשטרעקט, גרייט אַרונטערצופאַלען איבער איהם... אָבער עס פאַלט ניט. ער איז ווידער פריי. קוים מיט צרות דערגרייכט ער די גרענעץ, קומט ער אָן קיין פּאַריז. דאָ הויבט זיך אָן די אַנדערע פּעריאָדע פון זיין לעבען: דאָס לעבען פון דעם אַנטלאָפענעם אין אויסלאַנד. ער ווייסט, אַז ער קען ניט אַריינשטעלען מעהר קיין פוס אין דייטשלאַנד, עס זאָל ניט זיין פאַר איהם דער טויט...

פון דעם בעהאַלטענעם שאַרער און אונטערגראָבער, וועלכער פערזעעט שטילערהייט איבעראַל זיין וואַקסענדע זריעה, ווערט איצט דער פּראָפּאַגאַנדיסט, וועלכער טרעט אויף איבעראַל אָפען, דער דיסקוטאַנט אין די קלובס, דער רעדנער אויף די גאַסען און אין דעם פערזאַמלונגס־זאַאַל.

די פראַנצויזישע אַנאַרכיסטען האָבען געגרינדעט דאָס ערשטע אַנאַרכיסטיש־קאָמוניסטישע אָרגאַן: „לע רעוואָלטע". די אָנהייגער פון דער נייער לעהרע, וועלכע הויבט זיך אָן לאַנגזאַם, אָבער זיכער וואָס ווייטער אַלץ מעהר צו פער־שפּרייטען, מאַכען דעם אָנפאַנג מיט דער אַנאַרכיסטישער אָרגאַניזאַציאָן פון „פרייע גרופּען", אויסגעהענדיג צום ערשטען מאָל פון דעם פּרינציפּ פון דעצענטראַליזאַציע. דער אַרביי־טער-קאָנגרעס פון מאַרסייל אין 1879 איז קאָמוניסטיש; זיין בעדייטונג איז נאָך ניט אָבצומעסטען... די שפּאַלטונג צווישען דעם קאָמוניזם און קאָלעקטיוויזם — וועלכע מען

קען אויסערליך דערווייל נאָך קוים בעמערקען — איז אָבער אינערליך שוין אַ פֿאַרטיגע זאַך.

טרופ איז איבעראַל. זיין דורשטיגעס האַרץ האָט קיינמאָל ניט אונרוהיגער געשלאָגען, ווי אין די דאָזיגע יאָהרען פֿון דער גרויסער, ערוואַכענדער נייער בעוועגונג. וואָס ער הערט ביי די פֿראַנצויזען, טראָגט ער אַוועק אין דעם קרייז פֿון זיינע דייטשע גענאָסען, וועלכער האָט געהאַלטען אין איין וואַקסען.

דאָ האָט ער זיך בעקענט מיט קאַראַרד אָבאַן. ער זעהט די דאָזיגע ריינע, כמעט קינדערשע בעגייסטערונג אויף'ן שטערן פֿון'ם פֿינף און צוואַנציג יעהריגען יונגען מאַן, אָט דעם אונפֿערשטענדליכען מוטה, פֿון וועלכען ער ווערט ענטציקט,* און אָט די איבערגעבענהייט, וועלכע ווערט גרע־סער און גרעסער פֿון טאָג צו טאָג. אָבער קוים האָט ער איהם נור דערקענט און געוואונען אַלס פֿריינד, פֿערלירט ער איהם אויף אַ היבשע צייט: אָבאַן ווערט פֿעראורטהיילט. די קלינגענדע ווערטער פֿון זיין גרויסער רעדע פֿאַר די ריכטער, בעגלייטען טרופ'ן דורך די צוויי יאָהר, וואָס זיי זיינען געווען צושיידט...

אַז זיי זעהען זיך ווידע אין 1884טען יאָהר אין לאָנדאָן — ביידע אַנטלאָפֿענע — איז שוין אָבאַן אַן אַנדערער געוואָרען, טרופ איז געבליבען דערזעלבער. בלויז די עראי־נערונג אָן די אונפֿערגעסליכע גרויסע טעג פֿון דער רעוואָ־לוציאָנערער צייט פֿערבינדט זיי נאָך — —

אָבאַן פֿערשטעהט איהם ערשט איצט; אָבער ער האָט איהם שוין מעהר ניט געקענט פֿערשטעהן.

אין דייטשלאַנד האָט זיך די לעהרע פֿערוואַנדעלט אין טהאַט. פלוצלינג האָט זיך פֿאַר דער אויפֿגעטרייסעלטער וועלט בעוויזען אַ קאָפּ פֿון שרעק: וויען, שטראַסבורג,

שטוטגאַרט, דער נידערוואַלד און די ערמאָרדונג פֿון רומפף׳ן — אַט די אַלע טהאַטען האָבען אַזויפֿיעל געשאַדט דער פֿערשפּרייטונג פֿון דער פֿרייהייטס־אידעע און געגעבען די שונאים אַזעלכע נייע מערדערישע וואַפֿען אין די הענד, אַז פֿון איצט אָן — ווער ווייסט אויף ווי לאַנג — איז דאָס וואָרט „אַנאַרכיזם" געוואָרען גלייך מיט „מאָרד". קען עס זיך דאָ ווען עס איז אויפֿקלעהרען? צי איז עס דען ניט פֿערלאָרען פֿאַר איראָפּאַ: אַן אָפּפֿער פֿון דעם אייביגען מיספֿערשטענדניס, פֿון דער אונגעזעטיגטער פֿערפֿאָלגונג, פֿון דעם אויפֿגעוועקטען האַס?

טרופּ איז אין לאָנדאָן —— אין די קליינליכע קעמפּפֿע און די טאָג־טעגליכע רייסערייען ויינען זיינע קרעפֿטען פֿערשוועגדעט געוואָרען ביז היינט — — — — — —

— — — — — — — — — — —

פּלוצלינג האָט זיך טרופּ אויפֿגעכאַפּט. ער איז געקו־מען צו זיך. ער האָט אויפֿגעהויבען די אויגען און זיך אומגעקוקט אַרום זיך און אַרויף צו דער שווינדעלדיגער סטעליע פֿון דעם אונגעהייערן זאַאַל.

די שלעפּענדע ווערטער פֿון דעם גייסטליכען האָבען נאָך אַלץ געקלונגען קלאָגעדיג און קוים פֿערשטענדליך אין דער מורא׳דיגער ווייטקייט פֿון דער קירכע. פֿולער און שעהנער האָט געענטפֿערט דער געזאַנג פֿון די אינגעלשע שטימען אין כאָר. נאָך איינמאָל, דאַן האָבען די ווענד אַרונטערגעוואָרפֿען פֿון זיך די קלאַנגען אויף די שווייגענדע מענשען...

טרופּ האָט זיך ווידער אַמאָל געפֿיהלט איינג צונויפֿ־געפּרעסט אין דער מאַסע, פֿון וועמעס קליידער ס׳האָט זיך וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער אָבגעגעבען דער גערוך פֿון

פּייכטקייט, וועלכער איז צונויפגעמישט געוואָרען מיט דעם שטויביגען ריח פון דער צוגעטריקענטער בלאָטע...

אַצונד זיינען זיי אַלע שטיל געוואָרען, די אַרבייטס־לאָזע. איינגעמאַטערט זיינען געווען די איינע, בערוישט די אַנדערע; כמעט אַלע ווי געפאַנגען גענומען פון דער מערקווירדיגער סיטואַציאָן, אין וועלכער זיי האָבען זיך געפונען. דאָס רוב פון זיי זיינען פון דער יוגענד אָן קיינ־מאָל אין קיין קירכע ניט געווען. נו, זיינען זיי איצט געגען זייער ווילען בעהערשט געוואָרען פון עראינערונגען, וועלכע זיי האָבען שוין לאַנג געהאַט בעגראָבען.

אַ טהייל האָבען זיך אָנגעשפּאַרט אָן די ווענטלאַך פון די בײנק, צונויפגערוקט איינע לעבען די אַנדערע, אין אַ האַלב־דרעמלענדען צושטאַנד; אַנדערע ווידער האָבען זיך שטילערהייט, מיט אַ פערדריקטען טאָן און קוים אָטהמענדיג, געשטעלט פראַגען: זיי האָבען געוואָלט וויסען, ווער זיינען דאָס אָט די מאַרמאָרנע פיגורען, מיט די אַלטע אַמאָליגע קאָסטיומען, מיט די וואונדערבאַרע פערפוצטע האָר, מיט די ערנסטע מיענעס און די שטאָלצע, העזה'דיגע פּאָזען... זיינען דאָס יענע, וועלכע האָבען געהאַט די מאַכט, זיי גליקליך צו מאַכען, זיי צו פער־אונגליקען?

פון דעם דרייסטען מוטה פון ווידערשטאַנד, מיט וועלכען זיי האָבען ערשט מיט אַ קנאַפּע שעה צוריק פערלאָזען טראַפאַלגאַר סקוועער, איז ווינציג וואָס געווען צו שפּירען און גאָרנישט מעהר צו זעהן. צונויפגעשפּאַרט איינע אין די אַנדערע זיינען זיי דאָ געשטאַנען — ווי לאַנג נאָך האָבען זיי אַזוי געזאָלט שטעהן? פאַרוואָס זיינען זיי ניט אַוועקגעגאַנגען? וואָס האָבען זיי דאָ געהאַט צו טהאָן? דאָ וואָלט מען זיי דאָך סיי ווי סיי גאָרניט געהאָל־

פען. דאָ איז דאָך קיין אַנדער טרייסט ניט געווען אַחוץ ווערטער! זיי אָבער האָבען געוואָלט אַרבייט, אַרבייט און ברויט.

אַ געפיהל פון ביטערקייט האָט זיך פערשפּרייט צווי־שען די וואַרטענדע. אין טרופּ'ן האָט עס אויפגעפלאַקערט ווי אַ פייער. פון דער בימה האָבען זיך געלאָזט הערען די ווערטער פון'ם גייסטליכען, מאָנאָטאָן און אַזוי רעגעל־מעסיג לאַנגזאַם, אָקוראַט ווי טראָפּענס, וועלכע רינען אַרונטער איינציגווייז. ער האָט זיי ניט פערשטאַנען, פיליכט האָט זיי קיינער גאָר ניט פערשטאַנען. זיי האָבען דער־צעהלט וועגען זאַכען, וועלכע זיינען ניט פון דער ערד...

„פערלאָזט זיך ניט אויף קיין אַנדערן נור אויף גאָט!" האָט די וויינענדיגע שטימע געקלאָגט.

„אויף גאָט!" — האָבען אין וואונדערליכע טענער פון האָפנונג און פרייד אָבגעקלונגען די יוגענדליכע שטימען פון דעם כאָר.

„ער אַליין נור קען אייך ערלייזען!" האָט ווידער געזאָגט דער פּריסטער.

האָבען די הונגעריגע כאָטש געהאַט דעם מינדעסטען בעגריף מכח דעם אונבעוואוסטען שפּאָט פון דעם דאָזי־גען שרעקליכען גלויבען, וועלכער איז געווען ליגען פון אָנהויב ביז'ן סוף? — מיט אַמאָל האָט עס צווישען זיי זיך גענומען ריהרען, אונרוהיג ריהרען. אַלע האָבען זיך אויפגעכאַפּט; אַלע האָבען פון זיך אַרונטערגעטרייסעלט דעם שלאָף פון דער בערוישונג, וועלכער האָט זיי בע־הערשט.

פּלוצלינג האָט זיך פון טרופּ'ס ליפּען אַרויסגעריסען אַ מורא'דיג שאַרפער געלעכטער, אַ געמיש פון אפיקורסות, האַס און פערביטערונג. פון אַלע זייטען האָט מען זיך

דערויף אָבגערופען מיט פערשיעדענע קולות. אַסך האָבען זיך אויך פונאַנדערגעלאַכט.— דאַן האָט זיך דער געלעכטער פערשפּרייט דאָ און דאָרט און האָט זיך אויסגעמישט מיט די טומעלדיגע געשרייען, וועלכע האָבען אָנגעפילט דעם געדיכטען זאַאַל.

אַלע האָבען זיך אָנגעטהאָן די היטלען. עס איז געוואָרען אַ שטויסעריי און אַ געדרענג.

דאָס רוב פון זיי האָבען זיך געשטופּט צו דער טהיר צו. שנעל האָבען זיך די רייהען אַרויסגעשאָטען אין דער פרישער לופט. די פרומע לייט אין דער קירכע האָבען פריי אָבגעאָטהעמט. גאָט דער האַר פון דער וועלט, אָהן וועמעס ווילען עס פאַלט קיין האָר ניט אַראָב אויף דער ערד, האָט מציל געווען זיינע קינדער פון סכנה. זיי זיינען פטיר געוואָרען פון די רשעים. זיי זיינען ווידער געווען צווישען זיך. דער פּריסטער, וועלכער איז געבליבען שטעהן אַ ווייַלע, בעת דער ליאַרם האָט אויסגעבראָכען, האָט אַצונד ווידער אָנגעפאַנגען, און די אויגען פון די איבערגעבליבענע האָבען זיך פול מיט צוטרוי און מיט אַ רוהיגען געמיטה געווענדעט צו איהם, צו זייער פאַסטור.

טרופּ איז געווען אויסער זיך פאַר פערדרוס. ער וואָלט אָבגעגעבען אַלעס, ווען עס וואָלט געקענט ווערן אַ סקאַנדאַל דאָ אויף דעם דאָזיגען אָרט.

די מאָנאָטאָנע העלקייט פון דעם פייכט־קאַלטען אָקטאָבער׳דיגען נאָכמיטאָג האָט פון דאָס ניי בעגאָסען די, וואָס זיינען אַרויסגעקומען פון דעם האַלב־דונקעל פון „וועסטמינסטער עבעי", פון זייער „הייליגען שטיל־שווייגען" אין דעם ליאַרם פון טאָג. דאָס רוב פון די אַרבייטסלאָזע האָבען געמוזט וואַרטען אויף דרויסען. אונצופריעדען און צווייפלענדיג האָבען זיי אויסגעהערט די בערוהיגענדע

ווערטער פון אַ גרויסען גייסטליכען; אָדער זיי האָבען מיט בייפאַל אויפגענומען די ביטערע וואהרהייטען פון אַ קריסטליכען סאָציאַליסט.

מען האָט זיך ווידער צונויפגעשלאָסען אין אַ צוג צוריק צום סקוועה, פון וואַנען מען איז נאָר וואָס געקומען. מען איז ווידער געגאַנגען נאָך דער רויטער פאָהן. מען האָט זיך צונויפגעשפאַרט אין געשלאָסענע רייהען, עפּעס אַזוי ווי צו פּיהלען וואָס ווייניגער דעם הונגער און וואָס בעסער די אייגענע שטאַרקייט.

טרופּ איז אַוועקגעשטופּט געוואָרען אָן אַ זייט.

אין טאַקט־מעסיגע טריט האָבען די שווערע פּיס געקלאַפּט איבער דעם האַרטען באָדען. אַן אונגעהייער לאַנגער מענשען־צוג האָט זיך געצויגען דורך דער איינג־שאַפּט פון פּאַרלאַמענט סטריט...

און פון דעם דאָזיגען צוג האָט זיך מיט אַמאָל אויפגעהויבען אַ געזאַנג פון אַסך שטימען, עפּעס אַזוי ווי מען וואָלט זיך פריהער צונויפגערעדט וועגען דעם. טיעף, מרה־שחורה׳דיג און צו דערזעלבער זייט אויך צאָרנדיג האָט ער געקלונגען און זיך אַרויסגעריסען פון טויזענד העלזער צום הימעל צו, אַזוי ווי אַ וואָלקען פון רויך, וועלכער זאָגט אָן דעם אויסברוך פון אַ שרפה...

זיי האָבען געזונגען דאָס אוראַלטע, אונשטערבליכע ליעד פון די „סטאַרווינג פּור אָף אָלד אינגלאַנד".

Let them bray until in the face they are black,
That over oceans they hold their sway,
Of the Flag of Old England, the Union Jack,
About which I have something to say:
'Tis said that it floats o'er the free, but it waves
Over thousands of hard-worked ill-paid British slaves,
Who are driven to pauper and suicide graves—
The starving poor of Old England!

און אין אַ מעכטיגען כאָר דעם צושפיעל אין וועלכען יעדע שטימע איז אַריינגעפאַלען:

'Tis the poor, the poor the taxes have to pay,
The poor who are starving every day,
Who starve and die on the Queen's hihgway—
The starving poor of Old England!

נאָך אַ פערז און נאָך איינער—

'Tis dear to the rich, but too dear for the poor,
When hunger stalks in at every door—

און שליסענדיג מיט אַ מורא'דיגער, אויפגעמונטערטער וואָרנונג, דורכדרונגען פון האָפנונג:

But not much longer these evils we'll endure,
We the working men of Old England!

טרופּ האָט זיך מיט געוואַלט אַרויסגעשפאַרט פון זיין רייהע און האָט זיך פערקירעוועט אין אַ זייטן־גאַס.

הינטער איהם, אין דעם וואָס ווייטער אַלץ טיעפערן שאָטען, האָט זיך אַרונטערגעלאָזט די געביידע פון „וועסט־מינסטער עבעי". אין זיינע אויערן האָבען אָבגעהילכט די אומעטיגע, יאָמערליכע טענער, אין וועלכע די הונגעריגע האָבען אַרויסגעשריהען זייערע ליידען...

Tis the poor, the poor the taxes have to pay,
The poor who are starving every day,
Who starve and die on the Queen's highway—
The starving poor of Old England!

קיין ריכטער, ניט אין הימעל און ניט אויף דער ערד, האָט געהערט די מורא'דיגע אָנקלאַגע פון די דאָזיגע אָרעמע און עלענדע, וועלכע האָבען נאָך אַלץ געוואַרט אויף גערעכטיגקייט.

מיט אַן אַראָבגעלאָזטען קאָפּ, די ליפּען צונויפגע־פּרעסט איינע אויף דער אַנדערער, ווארפענדיג אַלע ווײַלע אַ שאַרפען בליק אַרום זיך, אום צו זיין זיכער, צי ער בלאָנ־דזשעט ניט, איז טרופּ געגאַנגען אַ גאַנצע שטונדע נאָכאַנאַנד צו נאָרד־לאָנדאָן צו.

פערטעס קאַפּיטעל.

# קאראָרד אבאָן.

דעם זעלבען נאָכמיטאָג, ווען אַזוי פיעל צוקאָכט בלוט האָט געשטראָמט צום הארצען פון דער וועלט־שטאָדט, איז קאַראַרד אָבאַן זיך געזעסען אין זיין שטילען, הויכען צימער אין איינער פון די גאַסען אַרום „קינגס קראָס", וואו ס'איז אין מיטען דער וואָך אפילו קיינמאָל ניט געוועזן זעהר לעבעדיג, נאָר אום זונטאָג און יום טוב האָט די געגענד איינפאַך אויסגעזעהן ווי אַ בית עולם.

אין דעם דאָזיגען צימער האָט ער געוואוינט, זינט ער איז ווידער געוועזן אַליין. דאָס הייסט שוין לענגער ווי אַ יאָהר צייט.

ס'איז געווען איינס פון יענע דונקעלע, קאַלטע צימערן, וואָס זיינען אויסגעשטאַטעט אָהן אַ שום בעקוועמליכקייט און פאַר וועלכע מען צאָהלט צעהן שילונג אַ וואָך, נאָר וואו מען קען דערפאַר לעבען אין איינזאַמער שטילקייט און ניט געשטערט ווערן פון דעם גערויש פון'ם דרויסענדיגען לעבען. דאָס גאַנצע דריי־שטאָקיגע הויז איז אויף אַזאַ'ן אופן פערדונגען געוואָרען, צימער פאַר צימער; די שכנים פון'ם הויז פלעגען זיך זעהן מיט זייער „לענד־ליידי", מיט דער בעל הבית'טע, בלויז איין מאָל אין דער וואָך, ווען זיי פלעגען איהר בעצאָהלען דירה־געלד; צווישען זיך, איינע די אַנדערע האָבען זיי זיך כמעט קיינמאָל

ניט געזעהן. צייטענווייז פּלעגט זיך איינער בעגעגענען מיט'ן אַנדערן אויף די טרעפּ, און האַסטיג, זיך ניט בעגריסענדיג אפילו, פּלעגט זיך יעדער געהן זיין וועג.

אָבאַן'ס צימער איז געווען איבערגעצאַמט מיט אַ נידעריג שפּאַניש ווענטעל אויף צוויי אונגלייכע טהיילען: די גרעסערע העלפט איז געבליבען פריי און זי איז הויפּט־זעכליך געווען פערנומען מיט אַ טיש פון אונגעוועהנליכער גרויס. צו דער גרויס פון'ם טיש האָט זיך אויך צוגעפּאַסט די זעהר הויכע ביכער־שאַפע, וועלכע האָט זיך אויפגע־הויבען ביז דער סטעליע און וועלכע האָט ענטהאַלטען אין זיך אַ מערקווירדיגע ביבליאָטהעק.

פריהער פון אַלצדינג האָבען זיך דאָרט געפונען די פילאָזאָפישע און עקאָנאָמישע ווערק פון פראַנקרייך'ס גרויסע דיינקער, פון העלוועציוס און סעי ביז פרודהאָן און באַסטיאַ; ניט אַזוי פאָלשטענדיג, נאָר דאָך אין די בעסטע אויסגאַבען זיינען דאָרט אויך געווען די ווערק פון די ענגלישע פילאָזאָפען און פאָליטישע עקאָ־נאָמען: פון סמיטה אַרויף ביז ספּענסער'ן. אַ היבשען אָרט האָבען אויך דאָ פערנומען די פערטרעטער פון דעם פריי־האַנדעל. דערצו אַ זעהר מאַנגעלהאַפטע, אָבער זעהר אינטערעסאַנטע זאַמלונג פון שריפטען, צייטונגען, בראָ־שורען, פלוג־בלעטער א. א. וו., וועלכע האָבען געהאַט אַ שייכות מיט דער געשיכטע פון די רעוואָלוציאָנען אין נייצעהנטען יאָהרהונדערט, דער עיקר מיט דער געשיכטע פון די פערציגער יאָהרען. אָט די ירושה פון זיין פאָטער, אויף וועלכע ער האָט זיך אַ לאַנגע צייט כמעט גאָר ניט אומגעקוקט, האָט ער איצט יעדען טאָג אַלץ מעהר און מעהר געוואוסט ווי אַזוי אָבצושאַצען.

אחוץ דעם האָט די ביבליאָטהעק ענטהאַלטען אין זיך

אַ ניט איינגעאָרדענטע זאַמלונג פון מאַטעריאַל איבער דער סאָציאַלער פראַגע: קיין צווייפעל ניט, אַן אמת'ע שמאַלץ-גרוב פאַר דעם פאָרשער פון דער צוקונפט, וועלכער וועט זיך פערנעהמען מיט דער געשיכטע פון די אַרבייטער-בעוועגונגען. דאָס האָט אָבאַן אַליין אָנגעזאַמעלט; דאָ איז געלעגען צונויפגעפאַקט אַלעס, וואָס ס'איז איהם נור געקומען אין דער האַנד אַריין. דאָס איז געווען אַ לעבעדיג שטיק פון דער אַרבייט פון זיין צייט, און ווירקליך ניט דאָס ערגסטע...

די פאָרשונג איז פאַר אָבאַן'ן געווען דאָס לעצטע ציעל. ס'איז ביי איהם געשטאַנען העכער איידער די קענט-ניסען, וועלכע זיינען געווען פאַר איהם בלויז העלפער, כדי יענעם ציעל צו דערגרייכען.

נור איין פאָליצע פון דער ביכער-שאַפע איז געווען אָנגעפילט מיט די ווערק פון דער פאָעטישער קונסט. דאָ איז געשטאַנען וויקטאָר הוגאָ לעבען שעקספיער, געטהע לעבען באַלזאַק. אָבער בלויז אין זעלטענע שטונדען פון דער ערהוילונג האָט ער גענומען אין דער האַנד איינעם אָדער דעם אַנדערן פון אָט די ביכער.

דער דאָזיגער טיש, וואָס די פלאַטע זיינע איז געווען אויסגעאַרבייט פון איין איינציגען אונגעהייער גרויסען שטיק מאַהאָגאָני-האָלץ, און אָט די ביכער-שאַפע, וואו יעדעס איינצעלנע בוך איז פאַר דעם אייגענטימער געווען פון גאַנץ בעזונדערן ווערטה — מחמת ער האָט געהאַט אַ טבע, קוים האָט ער איבערגעלייענט אַ בוך און איהם איז פאָרגעקומען, אַז עס איז ניט ווערט אַ צווייטען מאָל גע-לעזען צו ווערן, האָט ער עס גלייך פערברענט — אָט דער טיש און די דאָזיגע ביכער-שאַפע זיינען אַלזאָ געווען קאַראַרד אָבאַן'ס איינציגער און גאַנצער רייכטהום. ער האָט

איהם בעגלייט פֿון פּאַריז קיין לאָנדאָן און האָט איהם היימיש געמאַכט די קאַלטע ווענד פֿון דער פֿרעמדע.

קיין קונסטווערק פֿון וואָס פֿאַר עס איז סאָרט האָט ניט פֿערפּוצט דאָס צימער; יעדע זאַך בעזונדער האָט געטראָגען אויף זיך שפּורען פֿון אַ טעגליכער בענוצונג.

בלויז צוויי קליינע בילדער זיינען געהאַנגען איבער'ן קאַמין. איינס האָט פֿאָרגעשטעלט דעם גרויסען פֿאַנאַטיקער פֿון דער רעוואָלוציאָן, וועמעס ווילדע קראַפֿט האָט געמוזט צוזאַמענברעכען ביי די מויערן פֿון דעם מערב-אייראָפּע-אישען לעבען, און דאָס צווייטע דעם גרויסען דיינקער פֿון'ם יאָהרהונדערט, הינטער וועמעס מעכטיגען שטערן עס האָט זיך אויסגעבילדעט אַ נייע וועלט: מיכאַיל באַקונין און פּיער זשאָזעף פּרודהאָן. ביידע פּאָרטרעטען זיינען פֿאַר אָבאַן'ן געווען אַן עראינערונג אָן דעם איינציגען מענשען, וועלכער האָט איהם כסדר געליעבט, אַזוי לאַנג ווי ער האָט איהם געקענט.

אָבאַן'ס אויגען האָבען זיך אָבגעשטעלט אויף פּרודהאָן'ס פֿערטיעפֿטע, גרויסע געזיכטס-ציגע, און ער האָט זיך פֿערטראַכט איבער דאָס מעכטיגע לעבען פֿון דעם דאָזיגען מאַן.

ער איז געזעסען לעבען דעם קאַמין אויף אַ נידעריגען לעהן-שטוהל און האָט געהאַלטען די פֿיס אויסגעשטרעקט צו דעם וואַרמענדען פֿלאַם. אַזוי אויסגעצויגען אין זיין גאַנצער מאָגערער לייננג איז ער געלעגען זינט צוויי שטונדען, קוקענדיג אין דעם שטיל פֿלאַקערנדען פֿייער אָדער ארומוואַנדערענדיג לאַנגזאַם מיט זיינע בליקען איבער'ן צימער, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט זיך נאָכגעיאָגט נאָך די געדאַנקען זיינע, וועלכע האָבען געהאַלטען אין איין אַנטלויפֿען פֿון איהם.

ער האָט ניט געטרוימט. ער האָט געטראַכט, געטראַכט אָהן אַן אויפהער.

ער איז געווען זעהר בלייך און אויף זיין שטערן זיינען אַזוי ווי מאָרגען־טהוי געלעגען קליינינקע טראָפּענדלאַך פון אַ קאַלטען שווייס. דער געוועהנליך גלייכמעסיגער, אַזוי ווי אויסגעגאָסענער אויסדרוק פון זיין געזיכט איז אַצונד געשטערט געווען דורך צופיעל דיינקען.

ס'איז געווען אַ קיהלער, פייכטער, נעבעל־שווערער אָקטאָבער־נאָכמיטאָג, פון וועלכען די זונן האָט זיך אין גאַנצען אָבגעווענדט.

ניט ריהרענדיג זיך פון אָרט האָט אָבאַן אַריינגעקוקט אין דעם פלאַם פון'ם פייער, וואָס האָט אַלץ מעהר בע־לויכטען דאָס צימער, וואָס שפעטער עס איז געוואָרען און וואס מעהר דער שיין פון טאָג איז פערשוואונדען.

זינט אַ שטיקעל צייט האָט איהם געמוטשעט אַן אונרוהיג געפיהל, וואָס ער האָט זיך גאָר אַליין ניט גע־קענט ערקלעהרען. די האַרמאָניע צווישען זיין פערלאַנג און זיין קראַפט איז געשטערט געוואָרען.

צייטענווייז, אַזוי ווי אין די לעצטע טעג, איז ער זיך עפּעס פאָרגעקומען אָקוראַט ווי דער מאַן, וואָס האָט פער־שווענדעט אַ מורא'דיגען פערמעגען און איז געוואָרען אַ בעטלער, און איצט ווייסט ער ניט פון וואָס ווייטער צו לעבען —.

דאַן ווידער, אַזוי ווי היינט, האָט ער געפיהלט, עפעס אַזוי ווי אַ שטראָם פון קראַפט און אידעען וואָלט איהם אָנגעטריבען צו אויסערגעוועהנליכער טהעטיגקייט.

נאָך האָט ער ניט געקענט קלאָהר ווערן איבער זיך אַליין: צי איז זיין ווילען ניט געווען אַזוי שטאַרק ווי זיין

קראַפט, אָדער איז דאָ בלויז געגאַנגען אין דעם צו געבען דעם ערשטען שטויס, זיך ענטשליסען און האַנדלען?

דאָס וועט זיך מיט דער צייט ענטשיידען.

אַזוי לאַנג ווי אָבאַן האָט נאָר געקענט דיינקען, האָט ער געקעמפפט, געקעמפפט געגען אַלעס, וואָס האָט איהם אַרומגערינגעלט. אַלס אינגעל און אַלס יונגער מאַן האָט ער געקעמפפט ווי אַ פערצווייפעלטער געגען די דרויסענדיגע קייטען און ווי אַן איינגעשפאַרטער נאַר געגען דעם, וואָס קען ניט איבערגעמאַכט ווערן; ווי אַ ריעז געגען שאָטענס און ווי אַ פאַנאַטיקער געגען דאָס שטאַרקערע. אַלס מאַן מיט זיך אַליין: דעם האַרטען, ביטערן, שאַרפען קאַמפף מיט זיך אַליין, מיט זיינע אייגענע פאָראורטהיילען, זיינע אייגענע איינבילדונגען, זיינע איבערטריבענע האָפנונגען, זיינע קינדערשע אידעאַלען.

אַמאָל האָט ער געגלויבט, אַז די מענשען מוזען זיך דורך און דורך ענדערן, כדי ער זאָל קענען זיין פריי. דאַן האָט ער איינגעזעהן, אַז אַפריהער מוז ער אַליין פריי ווערן, כדי פריי צו זיין.

ער האָט אַלזאָ אָנגעפאַנגען אויסראַמען פון זיין מוח דעם גאַנצען מיש-מאַש, וואָס האָט זיך דאָרט אָנגעקליבען דורך דער ערציהונג, דורך די פערשיעדענע, ניט געוועהלטע שריפטען, וואָס ער האָט כסדר געלייענט.

ער האָט געפיהלט, אַז עס מוז ווידער ליכטיג און קלאָהר ווערן ביי איהם אין קאָפּ, אויב ער וויל ניט בלייבען פערזונקען אין נאַכט און פינסטערניש. ער מוז זיך אַליין געפינען, אינעוויניג אין זיך ווערן אונאָבהייננגיג פון אַלע קייטען.

און ער איז צוריק געוואָרען ער אַליין. העל און ליכטיג איז עס געוואָרען אין איהם, פון אַלע זייטען האָט

איהם די זונן בעגאָסען מיט איהר שיין, און גליקליך, ווי איינער וואָס איז אויפגעשטאַנען פון אַ שווערער קריינק, האָט ער זיך געקוויקט מיט איהרע שטראַהלען.

אַצינד האָט ער אָהן ביטערקייט געקענט דיינקען וועגען זיין יוגענד; מיט אַ שמייכעל האָט ער זיך געקענט דערמאָנען אָן איהרע טעות'ן און האָט שוין מעהר ניט געטרויערט איבער די יאָהרען, וועלכע האָבען אויסגעזעהן ווי פערלאָרען אין אַ קאַמפף, וואָס יעדער איינער אין אונזער צייט מוז אויסקעמפפען, אויב ער וויל זיך אויפהויבען איבער איהר...

---

ווער איז געווען קאַראַרד אָבאַן? וואָס איז געווען זיין לעבען ביז היינט?

ער איז איצט געווען כמעט דרייסיג יאָהר אַלט. אין די דאָזיגע דרייסיג יאָהר האָט ער זיך אויסערליך ערוואָרבען אַ פעסטע רוהע און איבערלעגענהייט, און אינערליך אַ קיהלע געלאַסענהייט, וועלכע האָט איהם פונדעסטוועגען נאָך אַלץ ניט בעוואָרענט פון שטאַרקע געפיהלען פון שמערץ און פערדרוס... ער איז, מיט איין וואָרט, געווען: אַ שאַרפער קריטיקער, פאַר וועמען עס האָבען ניט עקזיסטירט קיין אַנדערע געזעצען אַחוץ די געזעצען פון דער נאַטור.

זיין מוטער האָט ער קיינמאָל ניט געקענט. דאָס איינציגע כמעט און דאָס לעצטע, וואָס ער האָט זיך געקענט דערמאָנען פון זיין ערשטער יוגענד, זיינען געווען די ווילדע, אונקלאָהרע, ליידענשאַפטליכע ערצעהלונגען און דעקלאַמאַציעס פון אַן אַלטען, ליידענשאַפטליכען מאַן, וואָס האָט אָבגעפינסטערט זיינע יאָה־ען אין אידעאַלען און וועלכער האָט געוואוינט מיט איהם אין אַ קליינער, איינגער שטוב

נים ווייט פֿון „בולוואַר קלישי" — אין יענע גאַסען, וואו די מורא'דיגסטע אָרעמקייט בעהאַלט זיך גאַנץ אָפֿען אין רעכטען מיטען פֿון רייכטהום. אָט דער מאַן איז געווען זיין פֿאָטער.

ווי אַזוי זיין פֿאָטער איז געקומען דערצו חתונה צו האָבען מיט דער יונגער דייטשקע, וועלכע האָט פֿערלאָרען איהרע יאָהרען אין דער אייביג פֿערזאומערטער און אייביג אונטערדריקטער שטעלע אַלס גוּוּערנאַנטקע אין פּאַריז, דאָס האָט אייגענטליך בלויז איינער געוואוסט. אָט דער איינער איז געווען זיין איינציגער פֿריינד און ער האָט גע־הייסען אַדאָלף פֿאָנטער. פֿון דיזען מאַן, וועלכער איז אין דערזעלבער צייט געווען דער איינציגער בעשיצער פֿון דעם זעקס יעהריגען יתום, האָט קאַראַרד ערפֿאַהרען אָט וואָס:

די וויעג פֿון זשאַן זשאַק אָבאַן — מען האָט איהם קיינמאָל ניט געגעבען אָט דעם פֿאָרנאָמען, נאָר ער האָט זיך קיינמאָל אַנדערש ניט גערופֿען — איז געטראָגען גע־וואָרען פֿון די לעצטע כוואַליעס פֿון דער גרויסער רעוואָלו־ציאָן: זיין פֿאָטער איז געווען אַ תבואה־הענדלער, וואָס האָט געלעבט אונטער דער מלוכה פֿון נאַפּאָלעאָן דעם ערשטען און וועלכער האָט דורך קלוגע אויסרעכנונג אָבגעמאַכט צעהן מאָל אַזוי־פֿיעל פֿערמעגען וויפֿיעל ער האָט פֿערלאָרען. אויף אַזאַ'ן אופֿן איז זשאַן זשאַק כמעט אַלט געוואָרען פֿופֿציג יאָהר, נים וויסענדיג, אַז מען מוז האָבען געלד צום לעבען. און אַז ער האָט זיך דאָס דערוואוסט, איז ער געווען אַ דורכאויס אונערפֿאַהרענער, דורכאויס גליקליכער און דורכ־אויס איינזאַמער, כאָטש ניט קיין פֿערלאָזענער מאַן. אַ מאַן, וואָס האָט אין די דאָזיגע פֿופֿציג יאָהר אונגעהייער פֿיעל געלייענט און געלערנט, ניט טראַכטענדיג קיינמאָל מכח דעם, ווי אַזוי צו מאַכען נוצען פֿון דעם וואָס ער האָט גע־

לערענט; אַ רעוואָלוציאָנער, וועלכער האָט זיך אַרומגעטראָ-
גען מיט אידעען מכח דער מענשהייט, אָהן וואָס פאַר עס
איז האָפנונגען און כמעט אויך אָהן ווינשע; אַ קינד און אַ
אידעאַליסט מיט אַ ריהרענדער נאַאיוויטעט און אַן ערשטוינ-
ליכער קערפערליכער און גייסטיגער פרישקייט. ער האָט
כסדר געלעבט מיט זיינע אידעען, קיינמאָל דאָס לעבען ניט
געקענט און קיינמאָל קיין פרוי ניט אָנגעריהרט...

אַ האַלבער יאָהרהונדערט איז אַזוי אַריבערגעלאָפען
איבער דיזען מאַן, ניט אַריינרייסענדיג און ניט פערשלינ-
גענדיג איהם אין זיין וויכער. דער וואַפען-ליאַרם פון דעם
קאָרסיקאַנער ערד-עראָבערער, פון דעם, וואָס איז דורך גע-
וואַלט דערהויבען געוואָרען און געפאַלען, דורך געוואַלט
גרויס און קליין געוואָרען, — אָט דער מורא'דיגער ליאַרם
האָט איהם פערפאָלגט דורך זיין גאַנצער יוגענד. נאָר ער
האָט זיך צוגעהערט צו די טהאַטען פון טאָג, אָקוראַט ווי
קינדער הערען זיך צו צו די מעשה'לאַך, וואָס זייערע ניאַנ-
קעס און זייערע ערציהער דערצעהלען זיי.

די רעוואָלוציאָן פון 1830, זי איז פאַר איהם געווען
בלויז אַ שאָטען, וואָס האָט איהם אַביסעל געשטערט אין
זיין אַרבייט...

וואָרים ער האָט זיך אָבגעגעבען דערמיט, צו בערעכע-
נען מאַלטהוס'עס שרעקליכע טעות'ן, אַז די ערד האָט
ניט גענוג אָרט און גענוג שפייז פאַר אַלעמען, — אַ זאַך,
וואָס ער האָט ניט געקענט ריכטיג אויספאָרשען.

ער האָט געשפירט דאָס אָנקומען פון אַ נייעם קאַמפף,
אַנטקעגען וועלכען די פאָליטישע רייסעריי פון טאָג איז נאָר
געווען אַ קינדער-קריעג. דערפאַר האָט ער זיך מיט דער
זעלבער אויפמערקזאַמקייט צוגעהערט צו די פראָפעטישע
ווערטער פון דעם געניאַלען סען סימאָן, פונקט ווי צו

די ווילדע קללות פון באַבעף דעם קאָמוניסט; דערפאַר האָט ער שטודירט מיט דעם זעלבען חשק פוריע'ס „פאַ־לאַנסטער", די אונמעגליכע פאַנטאַזיעס פון אַ טאָלהויז־לער און די ווערק פון די רעפאָרמער, וואָס האָבען געלעבט אין דער צייט פון דער יולי־מלוכה; און וואַקלענדיג פון איינעם צום אַנדערן האָט ער אַרויסגעקוקט היינט אויף „איקאַריען", דאָס געבענשטע לאַנד פון דעם „פאָטער קאַבעט", מאָרגען אויף לואי בלאַן, דעם פערשטעלטען שעהן־רעדנער, דעם רעטענדען משיח.

פון דעם פראָלעטאַריאַט גופא, וואָס האָט אין דעם מאָרגען־אויפגאַנג פון די דאָזיגע יאָהרען זיך אויפגעכאַפט און אויסגעצויגען די ריזיגע גליעדער זיינע, ניט האָבענדיג דערוויל קיין ידיעה מכח זיין קראַפט, — דאָס האָט ער ניט אָנגעהויבען זעהן.

אָבער פון דער רגע אָן, וואָס ער איז געצוואונגען געוועזען אָנהויבען זאָרגען פאַר זיין לעבען, האָט זיך די לאַגע אין גאַנצען געענדערט: צעהן יאָהר זיינען געווען צו מאַכען פון דעם צוריקגעצויגענעם, פרישען און לערן־לוסטי־גען מאַן אַ פערביטערטען, גיך אַלט־ווערענדען און דאָך פון טאָג צו טאָג אַלץ מעהר צום לעבען ערוואַכענדען מענשען. ער האָט זיי שוין מעהר ניט געליעבט, די גרויסע געצען פון דער צייט — ער האָט אָנגעהויבען פון זיי חוזק מאַכען און אַנטהייל נעהמען אין די אידעען, אין די קליינע קעמפפע פון טאָג, וועלכע האָבען איהם פופציג יאָהר נאָכאַנאַנד אָב־געקעלט. ס'איז איהם זעהר שווער אָנגעקומען, ביז וואַנען ער האָט זיך אויסגעלערנט מאַכען נוצען פון זיינע קענטניסען און זיינע פעהיגקייטען; ער האָט געלעבט אָרעם, פערנומען מיט אַלערליי בעשעפטיגונגען, צו אַלט, כדי צו קענען פערשטעהן דאָס לעבען ווי געהעריג איז, און צו יונג אין

זיין יונגער ערוואַכונג, אום עס ניט אַרומצוגעהמען מיט דעם גאַנצען פייער פון אַן אונערפאַהרענעם צוואַנציג־יעהריגען מאַן, אַזוי האָט ער זיך אַרומגעוואָרפען פון איין ענטטוישונג צו דער אַנדערער, וועלכע האָבען זיין אורטהייל ניט קלאָהרער און זיין פום ניט זיכערער געמאַכט.

אַזוי האָט די פעברואַר־רעוואָלוציאָן געזעהן דעם בעיאָהרענטען מאַן אויף די באַריקאַדען צווישען די מחנות פון די רעבעלען, וועלכע האָבען זיך געשלאָגען פאַר דעם פוסטען חלום פון דער פאָליטישער פרייהייט. זיין בעגייסטערונג און זיין מוטה זיינען אפילו אויף קיין האָר ניט קלענער געווען, איידער די בעגייסטערונג און דער מוטה פון די אַרבייטער אין די בלויע בלוזען, לעבען וועלכע ער איז געשטאַנען.

די מפלה פון דעם יולי־קעניגטהום האָט איהם אָנגעפילט מיט האָפנונגען אָהן אַ שיעור. זיינע ביכער זיינען געלעגען פערשטויבט; אויסגעלאָשען איז הינטער איהם געווען די פערגאַנגענהייט פון זיין שטילען דיינקער־לעבען.

ער איז איצט געווען אַן אַרבייטער. דאָס „לוקסעמבורג“, וואו די דעלעגאַטען פון זיין שטאַנד זיינען געזעסען אויף סאַמעטענע ביינקלאַך, איז פאַר איהם געווען דער הימעל, פון וועלכען ער האָט ערוואַרט ראַטה און הילף אויך פאַר זיך. טאָג־טעגליך פלעגט ער געהן צו דער „מעירי“, צו דעם מוניציפאַל־הויז פון זיין בעצירק, אום אָבצונעהמען די סומע, וואָס דער שטאַאַט איז געצוואונגען געווען אויסצוצאָהלען צו אַלע אונבעשעפטיגטע אַרבייטער — וואָס פאַר אַן אַרבייט וואָלט זשאַן זשאַק געקענט טהאָן אין די נאַציאָנאַל־ווערקשטאַטען!

ער האָט ניט געזעהן די פערריקטהייט פון דעם דאָזיגען בעשלוס, וועלכער האָט געמוזט פיהרען צו נייע און בלוטיגערע קעמפפע. וואָרים צוויי זאַכען האָט ער אין די

פֿופֿציג יאָהר פֿון זיין לעבען נאָך ניט געלערנט: אַז דער שטאַאַט קען בלויז אויסגעבען דאָס וואָס ער האָט איינגענומען׳ און אַז מחמת דעם אַליין זיינען שוין אַלע פֿערזוכען, צו לייזען די סאָציאַלע פֿראַגע דורך איהם, פֿון אויבען אַראָב, פֿון פֿאָראויס אַרויסגעוואָרפֿענע מיה.

נאָר אַז עס איז געקומען די צייט, ווען ער וואָלט עס פֿון זיך אַליין געקענט לערנען, אין די טעג פֿון דעם יוני־אויפֿשטאַנד, ווען די אַרבייט האָט אויפֿגענומען איהר ערשטען, ווירקליכען קאַמפּף מיט דעם קאַפּיטאַל און האָט פֿון דער מורא'דיגער מפלה אין דער דאָזיגער מערקווירדיגסטער פֿון אַלע שלאַכטען געצויגען די לעהרע, אַז די פּריווילעגיעס פֿון דער מאַכט מוזען בעקעמפֿט ווערן מיט טויטליכערע וואַפֿען, איידער די וואַפֿען פֿון דער געוואַלט, — דאַן איז ער געלעגען קראַנק, דערשלאָגען פֿון די אויפֿרעגונגען, צו וועלכע ער איז ניט געווען איינגעוואוינט.

און דאָס איז געווען אַ גליק פֿאַר איהם. וואָרים ער, וועלכער האָט שוין מיטגעקעמפֿט אין דער פּאָליטישער רעוואָלוציאָן פֿון פֿעברואַר — די אָבּרעכנונג פֿון דער בורזשואַזיע מיט דעם קעניגטהום — ווי אַזוי וואָלט ער זיך געקענט האַלטען ווייט פֿון די טעג, אין וועלכע דאָס פּראָלעטאַריאַט האָט געהאַט בדעה זיך אָבצורעכענען מיט דער בורזשואַזיע? וואָלט ער ניט געמוזט געפֿינען אַ טרויעריגען סוף, שמאַכטענדיג און פֿוילענדיג אין די שרעקליכע קעלער־לעכער, אין וועלכע מען האָט צוזאַמענגעשפּאַרט די געפֿאַנגענע, אָדער אומקומענדיג אַלס פֿערשיקטער אין איינער פֿון די ווייטע שטראָף־קאָלאָניען פֿון זיין לאַנד? —

ער איז אָבגעהיט געוואָרען דערפֿון. אַז ער האָט זיך אויפֿגעהויבען, איז דאָס ציטערענדע פּאַריז געשטאַנען אין

הוילע שרעקען פֿאַר דעם רויטען שאָטען פֿון דעם סאָ־
ציאַליזם.

אויף׳ן קאַמפף־פּלאַץ איז אַרויס אַ מאַן, װעמעס בליק
האָט טיעפֿער װי װער עס איז דורכדרונגען די מענשען
און די זאַכען. פרודהאָן האָט געגרינדעט זיין ערשטען
זשורנאַל, דעם „רעפּרעזענטאַן די פּעפּעל״ (פֿאָלקס־פֿער־
טרעטער), און דעם 31טען יולי האָט ער אין דער נאַציאָ־
נאַל־פֿערזאַמלונג, אונטער שפּאָטישע געלעכטערס און
שימפּפֿערייען, געהאַלטען זיין בעריהמטע רעדע מכח דער
הכנסה־שטייער, מכח דער אומזיסטקייט און גענענזייטיג־
קייט פֿון דעם קרעדיט.

נאָר אָבאַן האָט אין דעם גרעסטען און דרייסטעסטען
מאַן פֿון זיין צייט געזעהן בלויז דעם פֿעררעטהער פֿון דער
„פֿאָלקס־זאַך״, װייל ער האָט ניט גענומען קיין אַנטהייל
אין די שלאַכטען פֿון יוני.

בלינד װי ער איז געװען, האָט ער פּונקט אַזוי װייניג
געקענט בעגרייפֿען דעם פּראָיעקט — פּיליכט דער בע־
דייטענדסטער און גרעסטער פּראָיעקט, װאָס אַ מענשליכער
מוח האָט װען עס איז אויסגעשפּונען — פֿאַר װעלכען
פּרודהאָן האָט אַ האַלב יאָהר צייט געאַרבייט אונטער דעם
נאָמען „באַנק ד׳עשאַנזש״ (אויסטויש־באַנק) און װעלכען
ער האָט פֿון דעצעמבער 1848 ביז אַפּריל פֿון דעם נעכס־
טען יאָהר אין זיין צװייטען זשורנאַל „לע פּעפּעל״ פֿאָר־
געלייגט אַלס „באַנק די פּעפּעל״ (פֿאָלקס־באַנק), ביז
װאַנען די רויהע האַנד פֿון דער געװאַלט האָט צושטערט
די גאַנצע געביידע, אַריינזעצענדיג דעם בוי־מייסטער אין
תּפיסה.

דאָס, װאָס דער פֿאָטער האָט אין דער װילדערניש
פֿון יענע טעג ניט געקענט אויפֿפֿאַסען, אפשר דערפֿאַר

מאַקי ווייל עס איז געשטאַנען צו נאָהענט צו איהם, האָט דער זוהן איצט געוואָלט דערקענען אין זיין גאַנצער וויכ־טיגקייט און זיין גרויסער בעדייטונג: אונאָבהייניגיג פון'ם שטאַאַט, דורך דעם פּרינציפּ פון געגענזייטיגקייט, צו גע־בען יעדען איינעם די מעגליכקייט אויסצוטוישען זיין אַרבייט אויף דעם פּולען ווערטה איהרען, און אויף אַזאַ'ן אופן איהם צו בעפּרייען!

אָט די לעצטע, גרעסטע, אונבלוטיגסטע פון אַלע רעוואָלוציאָנען, די איינציגע, וועלכע טראָגט אין זיך די גאַראַנטיען פון אַ דויערנדען זיעג — זשאַן זשאַק איז איהר כמעט גלייכגילטיג אַריבערגעגאַנגען ביי איהר ערשטער ערוואַכונג.

די וואַהל פון לואי נאַפּאָלעאָן האָט צושטערט די לעצטע פון זיינע האָפנונגען. פון דאַן אָן האָט ער דעם וואָרט־ברעכער קאַוואַניאַק ניט מעהר געהאַסט, איידער דעם דאָזיגען טראָהן־רויבער.

ס'האָט געדויערט לאַנג, ביז וואַנען ער האָט זיך גע־קענט ערהוילען פון דער בערווישונג. יאָהרען לאַנג האָט עס געדויערט. ער האָט זיי דורכגעלעבט אין הוילער זאָרג פאַר זיין טעגליך ברויט. נאָר אָט די זאָרג האָט איהם פּילייכט נאָך ווי עס איז דערהאַלטען ביים לעבען. זיין פערשפּעטיגטע הייראַטה איז גיכער געווען אַ צופאַל, איידער דער רעזולטאַט פון איבערלייגונג און פון ווילען. ער האָט זיך מיט דער פרוי פון זיין ליעבע צונויפגעטראָפען אין דעם זעלבען הויז, וואו זי האָט געדיענט אַלס גואווערנאַנטין, און וואוהין ער איז אָנגעקומען, אום צו דערענדיגען די ערציהונג פון צוויי ניט־בענגאַבטע אינגלאַך, וועלכע זיינען איהר אָנגעטרויט געוואָרען. די טרויעריגע אָבהייניגקייט פון זייער לאַגע האָט זיי איינגער צוזאַמענגעפיהרט. זי האָט זיך אינטערעסירט מיט איהם און

ער האָט אויפריכטיג ליעב געקראָגען דאָס זיעבען און צוואַנציג יעהריגע מיידעל.

זיי האָבען געלעבט צוזאַמען אין אַ שטילען און ניט גרויסען, נאָר זיבערן גליק. קאַראַרד איז געבוירען געוואָרען אַלס דער זוהן פון אַ מאַן, וועלכער איז שוין לאַנג אַריבער די מיטעלע יאָהרען פון זיין לעבען, און פון אַ פרוי, וועלכע איז נאָך געווען וויט פון זיי.

די מוטער איז געשטאָרבען ביי דער געבורט. זשאַן זשאַק איז געבליבען אַ דערשלאָגענער. ער איז איצט ווירקליך געווען אַן אַלטער און מיעדער מאַן. ער האָט פערלאָרען זיין גלויבען אינאיינעם מיט זיין פרישקייט. זיין ליידענשאַפט איז פערשוואונדען, און אַלעס וואָס ער האָט נאָך געזוכט צו געבען דערפאַר, זיינען געווען ליידענשאַפטליך אויפגערעגטע דעקלאַמאַציעס. צווישען זיי און די אונבעהאָלפענע צערט־ליכקייטען פון אַדאָלף פאָנטער איז דער קליינער קאַראַרד אויפגעוואַקסען און געוואָרען זעקס יאָהר אַלט, ווען זיין פאָטער איז געשטאָרבען מיט אַ פלוך אויף דעם דריטען נאַפּאָלעאָן און אָהן אַ בליק אפילו פאַר זיין זוהן.

דאָס איז אין גרויסע שטריכען, וואָס אַדאָלף פאָנטער האָט דעם קינד דערצעהלט מכח זיינע עלטערן, און די יאָהרען, אין וועלכע ער איז איהם געווען אַ בעסערע פאָטער, איידער דער אמת׳ער טאַטע האָט עס ווען עס איז געקענט זיין. ער האָט זיך מיט׳ן אינגעל געטהיילט מיט זיין שטיקעל ברויט, מיט זיין איינגען צימער און מיט זיין אַלט האַרץ; ער האָט איהם אַליין געוואָלט לערנען לעזען און שרייבען און איז געווען שטאָלץ עס דורכצופיהרען, אָבער עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ניט קאַראַרד׳ן, נאָר איהם גופא האָבען געפעהלט די פעהיגקייטען דערצו. ער האָט איהם צו

גיין יאָהר אַריינגעגעבען אין די גרויסע שטאָדט־שולע פֿון זיין בעצירק.

דער קריעג פֿון 1870 איז געקומען און דאָס אינגעל איז אַלט געוואָרען דרייצעהן יאָהר. אַדאָלף האָט געטרוימט פֿון דער הערליכקייט פֿון זיינע לאַנדסלייט און קאַראַרד האָט זיך געלעבט ווייטער, זיך ניט קימערענדיג וואָס אַרום איהם טהוט זיך.

מיט אַמאָל זיינען אָנגעקומען די טעג פֿון דער קאָמונע, ווען גאַנץ פּאַריז האָט ווידער אויסגעזעהן צו זיין אַ כאַאָס פֿון בלוט, רויך, ליאַרם, צאָרן און וואַהנזינן. מיט שרעק האָט אַדאָלף ביים אינגעל אין די דונקעלע אויגען דערזעהן אַ פֿלאַם, וועלכע האָט איהם צום ערשטען מאָל דערמאָנט אָן זשאַן זשאַק'ן; און ער, דער עהרליכער קליין־בירגער, וועלכער האָט תמיד בלויז געהאַט פֿאַר די אויגען די אויסער־ליכע שרעקען פֿון אַ רעוואָלוציאָן, ניט זייענדיג אים שטאַנד צו זעהן איהרע אינערליכע הערליכע זייטען, האָט זיך אַזוי דערשראָקען, אַז ער האָט בעשלאָסען זיך צו שיידען פֿון איהם און איהם אַוועקפֿיהרען פֿון דעם דאָזיגען „פֿערגיפֿ־טעטען" פּאַריז, פֿון דעם דאָזיגען פּאַריז, אָהן וועלכעם ער אַליין וואָלט קיינמאָל ניט געקענט לעבען.

ער האָט איהם געבראַכט קיין עלזאַס, קיין מילהויזען, די לאַנגווייליגע, גרויסע פֿאַבריק־שטאָדט, וועמעס אויפֿגאַבע ס'איז געוואָרען איצט, אַז די „גרויסע מלחמה" האָט זיך געענדיגט, צו שטעהן אויף דער גרענעץ צווישען די איינ־געמאַטערטע, אָבער ניט איבערגעבעטענע שונאים. פֿאָנטער האָט דאָרט געהאַט איין איינציגע קרובה, אַן עכטע פֿראַנ־צויזקע, וועלכע האָט קיינמאָל קיין וואָרט דייטש ניט גע־לערענט, און קאַראַרד האָט דאָרט געהאַט קרובים פֿון זיין מוטער'ס צד: אַ דייטשען רעגירונגס־בעאַמטען, וועלכער

האָט זיך דערדיענט צו דער דאָזיגער העכערער שטעלע דורך אויסערגעוועהנליכע דיפּלאָמאַטישע פֿעהיגקייט, דאָס הייסט דורך דעם וואָס ער האָט אויף אַ געשיקטען אופן געקענט פֿערבאָרגען זיינע געדאַנקען און געפֿיהלען אונטער ווערטער.

מאַדמואַזעל פֿאָנטער איז אַרומגעגאַנגען מיט אויסער־געוועהנליכער ליעבע און זאָרג אַרום קאַראַרד'ן. זי האָט איהם געגעבען אַ קליין צימער און עסען און טרינקען, און האָט איהם דערצו געלאָזט טהאָן וואָס ער האָט געוואָלט. אין די פֿיער יאָהר, אין וועלכע ער האָט געלעבט אונטער איהר דאַך, האָט ניט געטראָפֿען קיין איין איינציג מאָל, ער זאָל קומען צו איהר מיט וואָס פֿאַר ס'איז ביטע, און קיין איין איינציג מאָל האָט זי ניט געוואַגט איהם צו געבען וואָס פֿאַר ס'איז ראַטה. זי האָט ניט געוואוסט וואָס מען הויבט אָן טהאָן מיט איהם, און זי האָט זיך מחמת דעם געפֿיהלט זעהר ערלייכטערט, ווען זי האָט בעמערקט — און זי האָט עס בעמערקט גלייך אין דער ערשטער שעה, — אַז דאָס אינגעל ווייסט שוין אַליין גאַנץ גוט ווי אַזוי אָנצוגעהן מיט זיך און קען שוין בעשטעהן זיין אייגען שטעדטעל.

זיין מוטער'ס קרובים האָבען ערפֿילט זייערע פֿליכטען צו איהם דערמיט, וואָס זיי האָבען יעדע וואָך איינמאָל איהם איינגעלאַדען צו זייער פֿאַמיליען־טיש, וואו ער איז געזעסען אינאיינעם מיט אַ מחנה פֿערצויגענע און ליאַרמענדע קינ־דער. אין אָנהויב האָט ער גאָרניט געפֿעטער נאָר שווער פֿערשטאַנען זייער שפּראַך. ער האָט זיך אימער געפֿיהלט זעהר אונבעקוועם אין דעם דאָזיגען הויז און האָט עס מיט דער צייט געבראַכט דערצו, אַז מען האָט זיך גאָר אויפֿגע־הערט אומקוקען אויף איהם און מען האָט זיך ווינציג וואָס

געגומען צום האַרצען, ווען ער האָט אָנגעהויבען קומען זעלטענער.

ביי מאַדמואַזעל פּאָנטער האָט ער זיך אויסגעלערענט שעצען זיין איינזאַמקייט און זיין אומאָבהייניגקייט; ביי זיינע קרובים האָט ער איינגעזויגען אין זיך דעם מורא'דיגען עקעל געגען דאָס דייטשע בירגער-לעבען.

ער איז געבליבען פינף יאָהר אין דעם דאָזיגען אָרט, פינף יאָהר, אין וועלכע ער האָט זיך קיין איין מאָל ניט אומגעקעהרט צוריק קיין פּאַריז. זיין וואַקאַנס-צייט האָט ער פערבראַכט, אַרומוואַנדערענדיג אויף די זיעדליכע וואָ-געזען-בערג, וועלכע זיינען אַזוי וויניג בעקאַנט און אַזוי שעהן אין זייער איינזאַמקייט און זייער צניעות'דיגער רויהע-קייט. זיין בליק האָט זיך געווענדעט קיין פּאַריז, ווען ער איז אַרומגעגאַנגען אויף די הויכע בערג, דאָרט אויף דער פראַנצויזיש-דייטשער גרענעץ.

אַז ער איז אַלט געוואָרען פופצעהן יאָהר האָט ער געפונען אַ פריינד אין דער פרעמדער שטאָדט. ס'איז געווען אַ פראַנצויזישער אַרבייטער, וועלכער האָט געקענט זיין פאָטער, און זיך דערוויסענדיג, אַז קאַראַרד געפינט זיך אין מילהויזען, האָט ער איהם איינמאָל אָבגעשטעלט, בעת דאָס איינגעל איז געגאַנגען צוריק פון דער שולע. פון יענעם טאָג אָן פלעגט קאַראַרד זיצען יעדען אָבענד אין אַ קליינעם שיינק-הויז, אין אַ קרייז פון אַרבייטער, צווישען וועלכע ס'האָט זיך ניט געפונען קיין איינער, וואָס איז ניט געווען וויניגסטענס צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי ער, און וועלכע האָ-בען יעדער איינער געגלויבט צו האָבען די בעזונדערע פליכט אַרויסצואווייזען וויפיעל ס'איז ליעבע דעם „אָרעמען קינד", וואָס איז דאָרט געווען „אַזוי איינזאַם און אַליין". דער איינער האָט איהם גערעדעהט פּאַפּיראָסען, דער אַנדערער האָט איהם

געלערענט שפּיעלען ביליאַרד און דער דריטער האָט איהם דערצעהלט פון די פערגאַנגענע גרויסע טעג, ווען די פעל־קער האָבען געמאַכט דעם פערזוך, זיך צו בעפרייען: „ווי לאַ קאָמין!"...

קאַראַרד האָט געהערט פון דעם פאָלק'ס האָפנונגען און ווינשע פון'ם מויל פון די, וועלכע האָבען געהערט צו איהם. ער האָט אָנגעהויבען פיהלען, זעהן, דיינקען, אָבער בלויז ווי דורך אַ שלייער.

די שולע איז פאַר איהם געוואָרען אַ תפיסה, ווייל זי האָט איהם געצוואונגען צו לערנען דאָס, וואָס ער האָט גע־האַלטען פאַר אוננוצליך, און האָט גאָרנישט געלערענט פון דעם וואָס ער האָט געוואָלט וויסען. זי האָט איהם ניט געענט־פערט אויף קיין איינע פון זיינע קיינמאָל ניט געשטעלטע פראַגען.

צווישען זיינע שוהל־קאַמעראַדען האָט ער ניט געהאַט קיין פריינד. ער איז ניט געווען בעליעבט, אָבער קיינער וואָלט ניט געטמייעט איהם צו לייגען וואָס עס איז אויף'ן וועג.

בלויז איינער האָט געזוכט זיין פריינדשאַפט: ס'איז געווען דער עלטסטער זוהן פון זיינע קרובים. ער האָט גע־הייסען פרידריך וואַלער — וואַלער איז אויך געווען דער מיידעל־נאָמען פון קאַראַרד'ס מוטער — און ער איז געווען אין איין עלטער מיט קאַראַרד'ן, מיט וועלכען ער איז יאָהר־רען־לאַנג געגאַנגען אין די זעלבע קלאַסען פון דערזועלבער שולע. ער איז געווען קלוג אָהן בעזונדערע פעהיגקייטען, גלייכגילטיג, אָהן דעם צו קענען דערשטיקען אין זיך אַן אינערליכעס געפיהל וואָס ער האָט געהאַט פאַר קאַראַרד'ן, און דורכדרונגען פון דעם וואונש צו געווינען זיין צוטרוי, וואָס דער דאָזיגער האָט איהם קיינמאָל, אויך אין די גע־

וועהנליכסטע זאַכען, ניט געשיינקט; און ניט קוקענדיג דערויף וואָס דאָס האָט איהם אָפּט שטאַרק געערגערט, האָט ער פונדעסטוועגען אין די אַלע יאָהרען קיינמאָל ניט פערלאָרען אַ געפיהל פון סימפּאַטיע פאַר קאַראַרד'ן, וואָס איז ביי איהם געווען צוזאַמענגעשטעלט פון אינטערעס, בעוואונדערונג און נייגיעריגקייט.

קאַראַרד איז אין זיין אַכצעהנטען יאָהר געווען אַ הויך־געוואַקסענער, בלאַסער יונגער מאַן. אויסערליך האָט ער אויסגעזעהן גאַנץ קאַלט און אָהן וואָס פאַר ס'איז ליידענשאַפט, נאָר אינערליך איז ער פערצעהרט געוואָרען פון געדאַנקען און ליידענשאַפטען. זיינע טעג פלעגט ער פערברייגגען ביי זיין געצוואונגענעם אונטעררריכט אין שולע און אין פרייען פערקעהר מיט זיינע פריינד, די אַרבייטער, ביי „פּאָטער פראַנסוּאַ", און זיינע נעכט אין וואַהנזיניגע גריבלערייען מכח גאָט און די אונשטערבליכקייט פון דער זעעלע און וועגען יענע טויזענד פראַגען, וואָס יעדער דיינקענדער מענש מוז אַמאָל לייזען אין זיך גופא.

אַז ער איז אַלט געוואָרען פופצעהן יאָהר האָט ער פון פאַריז געקראָגען די נאַכריכט, אַז זיין אַלטער פריינד פאָנטער איז געשטאָרבען — ס'איז געווען דאָס לעצטע מאָל אין זיין לעבען, וואָס ער האָט נאָך געקענט לינדערן אַ שמערץ דורך טרעהרען. צוויי יאָהר שפּעטער איז געשטאָרבען די פרוי, ביי וועמען ער האָט יאָהרען לאַנג געלעבט און מיט וועמען ער האָט קיינמאָל קיין אינטים, אָבער אויך קיין אונפריינדליך וואָרט ניט אויסגערעדט. זי האָט איהם ווירקליך ליעב געקראָגען, נאָר זי האָט קיינמאָל ניט געהאַט דעם מוטה עס איהם צו צייגען. ער ווידער האָט איהר קיינמאָל ניט געקענט געבען מעהר און קיינמאָל ניט וויניגער ווי אַן אונפערענדערליכע, פרעמדע אַכטונג.

ער האָט פערבראַכט נאָך אַ יאָהר אין אַן אַנדער פאַ-
מיליע. דאַן איז ער אַוועקגעפאָהרען צוריק קיין פאַריז מיט
אַ נישקשה'דיגען צייגניס, מיט וועלכען ער האָט ניט גע-
וואוסט וואָס מען הויבט אָן טהאָן, און מיט אַ פעסטען
גלויבען אין דער צוקונפט. אַזוי ווי אַ מוטער, וועלכע מען
האָט שוין געהאַלטען פאַר פערלאָרען, האָט ער בעגריסט די
שטאָדט פון זיין קינדהייט: אַ צייט לאַנג האָט ער קיין
אַנדער זאַך ניט געטהאָן, נאָר אַרומגעוואַנדערט איבער די
גאַסען מיט אָפענע אויגען און מיט אַ קלאַפענדען האַרצען
און געלאָזט דעם דופט פון דער וועלט-שטאָדט ווירקען אויף
זיינע צורייצטע חושים, דעם דאָזיגען דופט, וועלכער ווירקט
אַזוי בערוישענדיג, ווי דער קוש פון אַן ערשטער ליעבע אין
דער ערשטער נאַכט...

ער האָט געזוכט אַ בעשעפטיגונג און איז געווען צו-
פריעדען וואָס ער האָט אין משך פון די ערשטע פיער
וואָכען ניט געפונען קיין שום אַרבייט. וואָס האָט עס
געשאַדט, וואָס ער האָט אין די דאָזיגע פיער וואָכען אויפ-
געגעסען די קליינע סומע, וועלכע איז איהם געבליבען
בירושה פון אַ מאַן, וואָס האָט איהם צערטליך געליעבט!
ער האָט געוואוינט אין „באַטיניאָל". מיט דער זונן צוגלייך
פלעגט ער זיך אָפט אויפהויבען און האָט געוואַנדערט
איבער די מיט טהוי בעדעקטע וועגען פון „פאַרק מאָנסאָ",
פערביי דער אַלט-ערנסטער געביירדע פון דער „מאַדעלען",
אויף דעם ברייטען, העלען פלאַץ, וועלכער האָט אין די
לעצטע צוויי יאָהרהונדערטע איינגעזאַפט אין זיך אַזוי פיעל
בלוט און דאָך איז ער געלעגען דאָ אין זיין ווייטער, גרוי-
העלער פלאַכקייט, בעלויכטען פון דער זונן, דורכגענומען
פון דעם רוישענדען לעבען. דאַן פלעגט ער וואַנדערן וויי-
טער ביי די ברעגען פון דעם שעהנעם טייך און זיך צו-

קוקען צו דער אַרבייט, וועלכע האָט פון דאַנען בעפרוכטעט פאַריז, ביז וואַנען ער פלעגט מיעד ווערן און זיך אַנידער־זעצען אויף אַ באַנק אין דעם גאָרטען פון די „טוילעריען" און זיך צוהערען צו דעם פרעהליכען געלעכטער פון די קינדער אַרום איהם, בעת ווען ער פלעגט בלעטערן אין אַ בוך, וועלכען ער האָט ניט געלייענט. אַז עס איז געקומען מיטאָג־צייט און ער האָט אָבגעגעסען זיין מאָהלצייט אין איינעם פון די בעשיידענע רעסטאָראַנען אַרום „פּאַלע־רויאַל", האָט ער ווידער געקענט אַזוי אָבזיצען שטונדען לאַנג ביי איינעם פון די קאַפע־הייזער אויף די גרויסע בולוואַרדען און מיט האַלב־פערמאַכטע אויגען זיך צוקוקען צו דעם דאָזיגען נערוועזען, אייביג אויפגערעגטען לעבען, וואָס האָט געווירקט אויף איהם ווי אַן איינשלעפערענדע, זיסע בערוישונג; דאַן פלעגט ער זיך מיט אַמאָל אויפכאַפּען, זיך אַוועקלאָזען איבער די עליזע־פעלדער, אום צו פערברייננגען די לעצטע נאָכמיטאָגס־שטונדען אויף די שאָטענדיגע וועגען און אין דער אָנגענעהמער שטילקייט פון דעם „בוא דע בולאָין". ערשט אין אָבענד, נאָכדעם ווי ער פלעגט עפּעס איבערכאַפּען אין איינעם פון די קליינע רעסטאָראַנען פון אָטוי, פלעגט ער מיט איינעם פון די שיפלאַך אויף דער סעין זיך אומקעהרען צוריק אין שטאָדט אַריין, וואו ער פלעגט אין שטומער פערגעטערונג בעגריסען די טהורעמס פון דער נאָטר־דאַם־קירכע, וועלכע זיינען געוועזען פערזונקען אין פינסטערניש. זעלטען ווען די בייגאַכטיגע עפענטליכע אונטערהאַלטונגס־פּלעצער האָבען איהם צוגעצויגען; אָבער ער פלעגט ליעב האָבען אַרומ־צואוואַנדערן אין דעם „לאַטיינישען קוואַרטאַל", פון איין קאַפע־הויז אין אַנדערן, און זיך צוקוקען צו דעם ליאַר־מענדען לעבען פון די סטודענטען מיט זייערע מיידלאך;

אָדער ענדיגען דעם אָבענד ערגעץ וואו אין אַ ווינקעל־שיינק אין דער געגענד פון זיין וואוינונג, וואו ער פלעגט זיך אַריינלאָזען אין אַ געשפרעך מיט אַן אַרבייטער אָדער מיט אַ קליינהענדלער איבער די פּאָליטיק פון טאָג...

דאָס זיינען געווען די גאָלדענע וואָכען פון זיין ליעבע. אַ פערריקטע, בערוישענדע זעליגקייט האָט איהם פאָל־שטענדיג בעהערשט. נאָך די פערגאַנגענע יאָהרען פון איינזאַמקייט און מאָנאָטאָנקייט האָט ער געטרונקען פון דעם דאָזיגען בעכער פון פרייד, וועלכער איז געווען פול ביז צום ראַנד און ס'האָט זיך איהם אויסגעוויזען, אַז ער וועט זיך גאָר קיינמאָל ניט אויסליידיגען.

אָה פּאַריז! האָט קאַראַרד אָבאַן דאַן געזאָגט, ווי איך ליעב דיך! ווי איך ליעב דיך! — געהערסט דו דען ניט אויך צו מיר? בין איך דען אויך ניט דיין קינד? — און דער שטאָלץ האָט אָנגעפילט זיין יונגע ברוסט און האָט אַרויסגעלויכטען פון זיינע אויגען, וועלכע זיינען קיינמאָל ניט געווען אַזוי יונג. ער איז געווען ענהליך צו אַ פונאַנ־דערגעוואַקסענעם וויינשטאָק, וועלכער שפּרייט זיך אויס אויף פרעמדער גרויסקייט און וועלכער נעהמט אַרום די דאָזיגע גרויסקייט מיט די אָרעמס פון בייגקעניש און פון האָפנונג, פון איהר אַליין געשטאַרקט צו ווערן...

נאָר אַז זיין לוסט און זיין געלד האָבען זיך ענדליך אויסגעשעפּט און ער האָט געמוזט אָנהויבען טראַכטען מכח דעם, ווי אַזוי און פון וואָס ער זאָל ווייטער קענען לעבען, האָט ער זיך פונדעסטוועגען ניט דערשראָקען. איהם האָט זיך אויסגעוויזען, אַז עס וועט איהם ניט זיין שווער צו פערדיענען אויף זיין לעבען. און דאָך איז עס בלויז געווען אַ גאַנץ זעלטענער און גליקליכער צופאַל, וועלכער האָט איהם אין איינעם פון די דאָזיגע טעג אין דעם גאָרטען פון

די „טוילעריען" צוזאַמענגעבראַכט מיט אַ מאַן, וואָס האָט געזוכט אַ סעקרעטאַר און וועלכער האָט איהם געגעבען אָט די שטעלע.

אָבאַן האָט כמעט צוויי יאָהר געאַרבייט ביי איהם פאַר אַ קליינע שכירות, וואָס איז פונדעסטוועגען גענוג געווען פאַר זיינע בעדירפניסען. ער האָט זיך דערביי געפיהלט גאַנץ פריי, ס'איז ניט געווען קיין איבריגם אָנשטריינגענדע אַרבייט, נאָר זי האָט איהם ניט אינטערעסירט. ער איז ניט געווען קיין מעטהאָדישער און מחמת דעם אויך ניט קיין גוטער אַרבייטער, ווען ער האָט געדאַרפט קאָפּירען בריעף און ברייננגען אין אָרדנונג די ביבליאָטעק פון זיין בעל הבית. אָבער דער מאַן האָט אָהן איהם ניט געקענט אויסקומען. דאָס איז געווען אַן ענגלישער געלעהרטער, אַ ספּעציאַליסט, וואָס האָט פאָרגעשטעלט מיט זיך אַ געמיש פון גרינדליכקייט, ווען ס'האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַן אונוויכטיגע וויסענשאַפטליכע פראַגע, און פון קינדישער נאַאיוויטעט אין די אויספיהרונגען פון זיינע פאָרשונגען. ער פלעגט ליעב האָבען צו פערפאַסען און ערקלעהרען זיינע פוסטע ענטדעקונגען דוקא אין דער פראַנצויזישער שפּראַך, וועלכע ער האָט גאַנץ ווייניג בעהערשט, און ער האָט אַלזאָ געמוזט אָנקומען צו אָבאַן'ן, בדי איהם אויסצובעסערן זיין סטיל.

כאָטש אָט דער ענגלענדער האָט קיינמאָל מיט קיין איין פראַגע ניט געגעבען צו פערשטעהן, אַז ער האָט גענומען דעם מינדעסטען אינטערעס אין דער פערזענליכקייט פון זיין סעקרעטאַר און אַז ער האָט איהם בעטראַכט פאַר עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַ ווערקצייג פאַר זיין אַרבייט, — דאָך אַז ער איז צוריקגעפאָהרען קיין ענגלאַנד האָט ער אָבאַן'ן געגעבען עטליכע רעקאָמענדאַציעס, וועלכע

האָבען קיין שום נוצען ניט געהאַט, און אַ סומע געלד, וואָס האָט איהם אַרויסגעהאָלפען אויף אַ שטיקעל צייט.

אָבאַן איז אַלזאָ ווידער געווען פריי. אין די דאָזיגע צוויי יאָהר האָט ער גענוטצען אַ טיעפען אינטערעס אין דער סאָציאַלער בעוועגונג פון זיין פאָטערלאַנד און גע־שלאָסען בעקאַנטשאַפט מיט איינצעלנע גליעדער פון איהרע רייהען, נאָר איצט האָט ער זיך מיט אַ פריידענגעשריי אַריינגעוואָרפען אין איהר שטראָם.

זי האָט איהם אויפגענומען, ווי זי נעהמט אויף און ווי זי פערשלינגט אַלצדינג...

ווייט, דונקעל, געהיימניספאָל, ווי די אונערפאָרשליכע געדיכטקייט פון אַן אור-וואַלד איז געלעגען דאָס געביעט פון דער סאָציאַלער פראַגע — די צוקונפט פו דער מענש־הייט — פאַר זיינע אויגען. פריש, יונג, גרייט איז ער געשטאַנען פאַר איהר.

הינטער זיך אַ קינדהייט אָהן אַ טאָלק — וועגען איבער פעלדער, שוין געגאַנגענע, און איבער אָבגעשניטענע פעלדער, וועלכע זיינען שוין איבער אַ נייעס בעוואַקסען מיט גרינס—, און פאַר זיך דעם גרויסען סוד, דאָס אידעאַל, וועלכען ער האָט געוואָלט אָבגעבען זיין לעבען.

דאָס רוישען פון די שטימען אין דער ווילדערניש פאַר זיך האָט עפּעס אַזוי ווי געוואָלט ענטפערן אויף יענע קלאָג־ליעדער, וועלכע האָבען זיך געהערט אַרום זיין וויעג דאָרט אין דער דאַך־שטוב.

און ער האָט אָנגעהויבען.

ס'איז געווען אונמעגליך מיט קלאָהרערע אַנזיכטען, מיט הייסערע וווּנשע און מיט אַ דרייסטערען ווילען זיך אַריינצוּוואַרפען אין דעם קאַמפף, וואָס איז דער קאַמפף פון אונזער און פון דער קומענדער צייט.

אָבאַן, וועלכער איז נאָך קיין דריי און צוואַנציג יאָהר ניט אַלט געווען, האָט אין דעם דאָזיגען קאַמפּף געזעהן צוויי לאַגערן: אויף איין זייט זיינען געשטאַנען די, וועלכע האָבען געוואָלט דאָס שלעכטע; אויף דער אַנדער זייט די, וועלכע האָבען געשטרעבט צום גוטען. יענע האָבען איהם אויסגעוויזען פֿאָלשטענדיג קאָרומפּירט, אין אַ צושטאַנד פֿון אונטערגאַנג, שוין האַלב בעזיעגט; אין די דאָזיגע ווידער האָט ער געזעהן אַ געזונדען באָדען, גרייט אויפֿצונעהמען אין זיך די זריעה פֿון דער צוקונפֿט.

ער איז געווען בעהערשט פֿון דער געוואַלטיגקייט פֿון דער בעוועגונג און האָט גאָר ניט געקענט אויסאיבען וואָס פֿאַר ס'איז קריטיק געגען איהר. ער איז געווען בערוישט פֿון דער אידעע צו זיין אַ גליעד אין די דאָזיגע רייהען, וועלכע האָבען אַרויסגערופֿען אַ גאַנצע וועלט צום קאַמפּף. ער האָט זיך געפֿיהלט געהויבען, פֿול מיט נייע, גרויסע האָפֿנונגען, געשטאַרקט און גאָר ווי אַן אַנדער מענש.

ווער, וועלכער האָט אַריינגעטראָטען אין דער בעוועגונג, האָט ניט אַמאָל געהאַט די עהנליכע, די זעלבע געפֿיהלען וואָס ער?—

ער האָט בעזוכט די פֿערזאַמלונגען און האָט זיך צוגעהערט צו די ווערטער פֿון די פֿערשיעדענע רעדנער. וואָס ווייטער אָט די רעדנער האָבען זיך גענייגט נאָך „לינקס", אַלץ גרעסער איז געווען זיין אינטערעס און זיין בייפֿאַל. — ער איז געווען אַ גאַסט אין די קלובען, וואו די אַרבייטער פֿלעגען זיך צונויפֿקומען. ער האָט זיך צוגעהערט צו די ווינשע, ווי זיי פֿלעגען אַרויסקומען פֿון זייער אייגענעם מויל. ער האָט געלייענט די צייטונגען: די ראַדיקאַלע, די סאָציאַלע, די טעגליכע בלעטער און די וואָכען־שריפֿטען. אין יעדען פֿרייהייטס־פּלאַפּלער האָט ער

געזעהן אַ גאָט; און אין יעדען פּראָזען-פּאָליציקער האָט ער געזעהן אַ העלד...

ביז דאַן האָט ער קיין בעזונדער ענערגיע ניט געהאַט. דער עיקר האָבען איהם די לעצטע יאָהרען אָבגענומען דעם מוטה. — אַצינד איז זיין אַרבייטס-קראַפט געוואַקסען. ער האָט ווירקליך געאַרבייט. די גאַנצע שווערע אַרבייט, וואָס עס פאָדערט דאָס ערשטע אַריינטרעטען אין אַ נייע וועלט פון בעגריפען.

פון אַלע זייטען האָבען די נייע געדאַנקען געשטראָמט צו איהם. לאַנגזאַם האָט ער דורכגעלייענט די מאַסע בראָשורען, וואו עס קומט אָפט אויף אַזאַ מאָדנעם אופן אַריין אַ גאַנץ מאָגערער עסענץ פון וויסענשאַפטליכע פאָרשונגען, אויסגעמישט מיט דעם ניט איינגעאָרדנעטען געדאַנק. דאַן האָט ער אָנגעפאַנגען שטודירען עטליכע פון די הויפּט-ווערק פון'ם סאָציאַליזם גופא.

זיינע לעבענס-געוואוינהייטען האָבען זיך פערענדערט. ער האָט באין אופן ניט געוואָלט זיין קיין בורזשוא אָדער אפילו ניט אויסזעהן ווי אַ בורזשוא. ער האָט זיך אַריבערגעצויגען אין אַ קליין צימערל אין דעם אַרבייטער-קוואַרטאַל פון „ביט שאָמאָן”. ער האָט זיך אָנגעהויבען קליידען ווי אַ גאַנץ פראָסטער מענש פון פאָלק, אָבער קיינמאָל ניט ווי אַ שלעפּער. ער פלעגט עסען אין די קליינע רעסטאָראַנען מיט די אַרבייטער. פונדעסטוועגען האָבען זיך זיינע אויסגאַבען דורך דעם ניט פערקלענערט. נאָר דאָס אונאַנגענעהמע געפיהל דערפון, וואָס איהם פלעגט אויסקומען צו זיין „בעסער” איידער זיינע הונגערענדע ברידער, האָט ער שוין מעהר ניט געהאַט ביי דער דאָזיגער בעוואוסטער זעלבסטענטזאַגונג, און וועלכער ער האָט כסדר געלעבט.

געטריי צו די לעהרען, וועלכע ער האָט אויפגענומען

אין זיך, האָט ער אָנגעהויבען אַרבייטען אַלס האַנד-אַרבייטער. אַזוי ווי ער האָט זיך ניט אויסגעלערענט קיין שום מלאכה, האָט ער אַ היבשע צייט געמוזט אַרומטאַפּען, כדי זיך וואו עס איז צו קענען שטעלען אויף די פיס. ער איז תחילת געוואָרען אַ זעצער, דערנאָך אַ קאָרעקטאָר אין אַ דרוקעריי פון אַ סאָציאַליסטישער צייטונג.

אין דער דאָזיגער צייט האָט ער אויך געשריבען זיינע ערשטע אַרטיקלען. קיין זאַך שליסט ניט די מענשען צוזאַמען שנעלער און איינגער איינע צו די אַנדערע, ווי דער קאַמפּף אין דיענסט פון אַ געמיינשאַפטליכער אידעע. גיך ווערט די פעטליע פון'ם פּראָגראַם פערוואָרפען אַרום האַלז. אויף'ן שטעל ציהט זי זיך צונויף: דיינע שטרעבונגען האָבען שוין פון דאַן אָן בלויז איין פעסטען בעשטימטען ציעל; די ריכ־טונג פון דיין וועג איז שוין אָנגעצייכענט; ס'איז שוין פון פאָראויס בעשטימט ווי אַזוי דו זאָלסט די קרעפטען דיינע אויסנוצען.

דאָס איז די פּאַרטיי!

פרייוויליג איז אָבאַן אַריין אין די רייהען. אַצונד איז ער מעהר ניט געווען ווי דער סאָלדאַט, וועלכער האָט גע־שוואָרען, נאָכצוגעהן נאָך דער פלאַטערענדער פאָהן, וואָס ווערט געטראָגען פאָראויס: וואוהין זי ווייזט אָן, דאָרט ליגט דאָס ציעל. מען אַפּעלירט צו דיין עהר-געפיהל, צו דיין טרייקייט, ווען דיין שכל הישר, דיין פערנונפט שטעלט זיך אַנטקעגען. דו ביסט שוין מעהר ניט פריי — דו האָסט געשוואָרען צו בעפרייען אַנדערע!

נאָר אויך פאַר אָבאַן'ן איז באַלד געקומען די צייט, ווען ער איז געוואָרען פעהיג, אויסצואיבען קריטיק. ער האָט געזעהן די אונגעהייערע צוריסענקייט פון דער דאָזיגער בע-וועגונג. ער האָט געזעהן, אַז אויך דאָ טהוט זיך די עהר־

גייציגקייט, די קנאה, דער האַס און די קליינליכע געמיינהייט אָן מיט דעם זעלבען גלאַנץ פֿון אידעאַליזם, מיט די וואָרט-קליידער פֿון ברידערליכקייט, גערעכטיגקייט און פֿרייהייט, אַזוי ווי ביי אַלע אַנדערע פּאַרטייען פֿון אונזער עפֿענטליכען לעבען.

ער האָט עס געזעהן מיט אַ שמערץ, ווי ער האָט איהם נאָך קיינמאָל ביז דאַן ניט געפֿיהלט.

ער איז נאָך אימער געווען זעהר יונג. ער האָט נאָך אַלץ ניט געוואָלט בעגרייפֿען, אַז די סאַמע פֿיהרער פֿון די פּאַרטייען האָבען גאָרניט אָנגעהויבען טראַכטען דערפֿון אָנ-צונעהמען אָט די ווערטער ערנסט; אַז פֿאַר די קאָנסערוואַ-טיווע איז „דאָס וואוילזיין פֿון׳ם פֿאָטערלאַנד", די „עפֿענט-ליכע רוהה און זיכערקייט", פֿאַר די ראַדיקאַלען די „פֿרייע קאָנסטיטוציע", די „בירגער-טרייקייט", און פֿאַר די ארביי-טער-פּאַרטייען „דאָס רעכט אויף אַרבייט" און די שעהנע ווערטער פֿון גלייכהייט און גערעכטיגקייט, — אַז דאָס אַלעס איז ניט מעהר ווי אַ מיטעל צוצוציהען אויף זייער זייט וואָס מעהר פֿון די, וועלכע זיינען אַליין אונפֿעהיג צו אורטהיילען, און אויף אַזאַ׳ן אופן, דורך דאָס רעכט פֿון דער מעהרהייט, צו ווערן די שטאַרקע.

האָט ער דען אַליין ניט אַ יאָהר נאָכאַנאַנד, אין וועל-כען ער האָט כמעט טאָג-טעגליך געשריבען פֿאַר זיין פּאַר-טיי-בלאַט, געקעמפּפֿט מיט די דאָזיגע ווערטער — דעם קאַמפּף אין דער לופֿטען!—, זיי קיינמאָל ניט אויספּרו-ווענדיג? — און געקעמפּפֿט האָט ער מיט בעגייסטערונג און עהרליכקייט, גלויבענדיג מיט׳ן גאַנגען האַרצען, אַז עס איז ניטאָ קיין אַנדערער און קיין בעסערער וועג צו בעפֿרייען די אונטערדריקטע און די פֿערפֿאָלגטע.

ער האָט בלויז איין זאַך געוואָלט, בלויז איין זאַך:

פרייהייט! פרייהייט! — די שטימע פון זיין פערנונפט, די ווילדע קלאַנגען פון זיין ליידענשאַפטליכען האַרצען האָבען צו איהם גערעדט און צוגערופען, אַז בלויז אין איהר ליגט דאָס גליק און דער פאָרטשריט פון דער מענשהייט.

דורך אַלע מדרגות פון דער פאָליטיש-סאָציאַלער בעוועגונג האָט איהם דער דאָזיגער אונאויפהערליכער דורשט נאָך פרייהייט געטריבען. קיין לעהרע האָט איהם ניט בעפרידיגט. אין ערגעץ האָט ער ניט געזעהן קיין פעסטע, אונבעשטרייטבאַרע טהעאָריען, קיין בעדינגונגען וואָס זאָלען קענען ערפילט ווערן, קיין גאַראַנטיען, וואָס זאָלען זיין געזיכערט.

שטענדיג האָט איהם געמוטשעט דער זוכענדער געדאַנק, דאָס אונבעפרידיגטע געפיהל: ס'איז ניט די פרייהייט, די גאַנצע פרייהייט! ער האָט געפיהלט ווי זיין אָבנייגונג געגען יעדע אויטאָריטעט האָט זיך פערשטאַרקט. דערפאַר האָט ער זיך ענטזאַגט פון זיין שטעלע.

אין דער דאָזיגער צייט האָט ער זיך דאָס נעהענטער בעקאַנט מיט אָטטאָ טרופ, ווען ער האָט שוין פריהער אָפט געזעהן, און ער האָט מיט איהם געשלאָסען פריינדשאַפט. דורך איהם האָט ער זיך דערוואוסט וועגען דער בעוועגונג פון די אַרבייטער אין דייטשלאַנד און אין דער שווייץ, וועלכע איז איהם ביז דאַן ווינציג וואָס בעקאַנט געוועןן. טרופ'ס ערצעהלונגען האָבען אויף איהם געמאַכט אַ גרויסען איינדרוק.

ס'איז געוועןן אין יאָהר 1881. די אידעע פון'ם אַנאַרכיזם האָט זיך אין פראַנקרייך געפונען אין שנעלען וואַקסען. פון די פאַרטיי-רייהען פון'ם סאָציאַליזם האָט זי אַרויסגעריסען גאַנצע מחנות פון זעלבסטשטענדיג-דיינקענדע אַרבייטער, פון די וואָס זיינען געוועןן אונצופריעדען מיט איינצעלנע

האַנדלונגען פון די הויפּט-פיהרער, דאַן אַלע יענע, פאַר וועמעס פיבערענדער אונגעדולד די רעוואָלוציאָן — די ער-לייזונג — איז צו לאַנגזאַם געקומען.

ווען עס וועט מעהר ניט זיין ניט קיין שטאַאַט, ניט קיין פּריוואַט-אייגענטהום, ניט קיין רעליגיאָן, ווען אַלע אינסטיטוציאָנען פון דער הערשאַפט וועלען זיין אָבגעשאַפט, וועט דען דאַן נאָך קענען זיין אַ הערשאַפט? — די הער-שענדע געוואַלט מוז בעקעמפפט ווערן מיט געוואַלט!

די אידעע, אַז די אַלטע וועלט מוז צושטערט ווערען, האָט איהם בעהערשט. ערשט אויף איהרע חורבות, ווען אַלעס וועט זיין פערניכטעט, ערשט דאַן וואָלט מען געקענט אויפשטעלען יענע געזעלשאַפט, וועלכע האָט אָנערקענט די גלייכהייט אַלס איהר העכסטען פּרינציפּ.

„יעדען איינעם לויט זיינע פעהיגקייטען, יעדען איינעם לויט זיינע בעדירפניסען!" אַזוי האָט ער געפונען דעם כלל, אָן וועלכען ער האָט זיך אָנגעכאַפּט. און זיינע טרוימען האָבען אויפגעבויט דעם בנין פון דער מענשהייטס-צוקונפט: זיי האָבען איהם אויפגעבויט הויך, ברייט און שעהן... יעדער איינער וועט זיין צופריעדען: אַלע האָפנונגען ערפילט, אַלע ווינשע בעפרידיגט. די אַרבייט און איהר אויסטויש וועלען זיין פרייוויליג; ס'וועט ניט זיין קיין שום זאַך, וואָס זאָל בעשטימען זייערע גרענעצען, ניט אַמאָל זייער ווערטה. די ערד געהערט אַלעמען גלייך. יעדער איינער האָט אַ רעכט אויף איהר, אָקוראַט ווי ער האָט אַ רעכט צו זיין אַ מענש. און ער האָט אויפגעבויט די שטאָלצע געביידע פון זיינע גע-דאַנקען — ער האָט זי געבויט הויך, אין הימעל אַריין!...

אָט די לעהרע פון'ם קאָמוניזם, וואָס איז אַזוי אַלט ווי די רעליגיאָנען, וועלכע האָבען פון דער ערד געמאַכט ניט קיין הימעל, ניט קיין גן עדן, נאָר אַ גיהנום, — די דאָזיגע

לעהרע האָט ער גערופֿען אַנאַרכיזם, אַזוי ווי זיינע פֿריינד האָבען זי גערופֿען אַנאַרכיזם.—

קיינמאָל זיינען זיינע ווערטער ניט געווען איינדרינגליכער, קיינמאָל האָבען זיי ניט דערוועקט קיין גרעסערע בעגייסטערונג. ער איז אַצונד געשטאַנען אויף דעם סאַמע לעצטען גרענעץ פֿון דעם פּאַרטייען־רייך! ווייטער צו געהן, איז געווען אונמעגליך. — ער האָט זיך אויפֿגעאָפּפֿערט. ער איז געווען טהעטיגער ווי ווען עס איז, צו אָרגאַניזירען און צו אַגיטירען. איבעראַל האָט ער געפֿונען נייע געזינונגס־גענאָסען.

ס׳איז געווען דאָס ווילדעסטע יאָהר פֿון זיין לעבען, קיין צייט פֿון אָבשטעל און קיין נאַכט פֿון רוה.

ער איז געווען פֿיעל צופֿיעל אַ מאַן פֿון טהאַט-קראַפֿט, וועלכער האָט שטאַרק ליעב געהאַט צו האָבען פּאָזיטיווע ערפֿאָלגען פֿאַר די אויגען, און די דאָזיגע האַסטיגע, פֿיבערהאַפֿטע טהעטיגקייט פֿון דער פּראָפּאַגאַנדאַ האָט איהם ניט געקענט בעפֿרידיגען. דאָך האָט זיך דער קרייז פֿון זיינע פּראַקטישע לעבענס-ערפֿאַהרונגען שנעל פֿערגרעסערט, עס גאָרניט פֿיהלענדיג אַליין. ער האָט פֿערשטאַנען זיינע גענאָסען: זייערע ליידענשאַפֿטליכע אָנקלאַגען, זייערע שרייענדע שמערצען, זייערע ביטערע קללות. טעגליך האָט ער געזעהן דאָ די הונגערענדע און שמאַכטענדע אַרום זיך, אַליין אָפֿט הונגערענדיג און פֿערצווייפֿלענדיג; טעגליך דאָרט דאָס אונפֿערשעהמטע אויסגעלאַסענע לעבען, די מורא׳דיגע פֿרעכהייט, דעם שפּאָטענדען שטאָלץ — אויפֿגעהאַלטען בלויז דורך געוואַלט. דאַן פֿלעגט זיך זיין האַנד צונויפֿדריקען און זיין האַרץ צוזאַמענקרעמפּען; דאַן פֿלעגט ער אָהן אַ שום בעדיינקען פֿון טיעפֿסטער איבערצייגונג פֿרעדיגען די לעהרע: צו פֿערניכטען די געוואַלט מיט דער געוואַלט; דאַן איז איהם

פֿאָרגעקומען אַלס דאָס ערשטע און וויכטיגסטע, אַז אָט די הונגעריגע זאָלען קריגען ברויט, אָט די פֿריערענדע בעהייצונג און אָט די נאַקעטע קליידער. וואָס פֿאַר אַ בעטרעף האָבען געהאַט אַלע זיעגע פֿון דער וויסענשאַפֿט, די גאַנצע קונסט, אַלע פֿאָרטשריטען פֿון דער מענשהייט אַנטקעגען אָט די ערשטע און סאַמע נויטיגסטע פֿאָדערונגען! איבעראַל האָט ער געלערענט געוואַלט, אויף אַלע פֿערזאַמלונגען, אין אַלע פֿעראיינען. מען איז געוואָרען אויף איהם אויפֿמערקזאַם. אָבער — ווי מייסטענס — איז אויך דאָ בלויז געווען אַ צופֿאַל, וועלכער האָט געפֿיהרט צו דער ענטשיידונג.

איינע פֿון די פֿערזאַמלונגען, אויף וועלכע ער האָט זיך אויך געקליבען צו ריידען, איז אויפֿגעלייזט געוואָרען. ביי דער פֿונאַנדערטרייבונג פֿון די פֿערזאַמעלטע האָט איהם אַ פּאָליציסט אויף אַ ברוטאַלען אופֿן אָנגעכאַפּט ביים אָרם און איהם אַ שטויס געטהאָן אָן וואַנד. אָבאַן האָט איהם דערלאַנגט אַ זעץ מיט'ן פֿויסט אין געזיכט.

געטריי די פּרינציפּען, וועלכע „שרייבען פֿאָר דעם רעוואָלוציאָנער צו מאַכען פּראָפּאַגאַנדאַ וואו די אומשטענדען ערלויבען איהם נאָר, דער עיקר אָבער אין געריכט"; האָט ער פֿאַר'ן ריכטער געהאַלטען אַ פֿייערדיגע רעדע, וואָס האָט אָנגעמאַכט אַ גרויסען טומעל. אונצעהליגע מאָהל האָבען די פֿעראורטהיילטע אָבגעלייקענט דאָס רעכט פֿון די ריכטער זיי צו משפּט'ן; אָבער קיינמאָל איז אויף אַזאַ'ן אופֿן ניט אָבגעלייקענט געוואָרען די אויטאָריטעט פֿון'ם געזעץ.

מען איז געווען איבעראַשט, טהיילוויז אויפֿגעבראַכט, טהיילוויז אַמוזירט. מען האָט איהם ניט געהאַלטען פֿאַר פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר זיינע האַנדלונגען און פֿאַר זיינע רייד. דערפֿאַר האָט מען אָבאַן'ן פֿעראורטהיילט בלויז צו אָנדערהאַלבען יאָהר געפֿענגניס.

הײנט װײסען די גֿעריכטס־הײזער פֿון די ציװיליזירטע לענדער אין אײראָפּאַ, װען זײ הערען אָט די שפּראַך, אַז זײ האָבען פֿאַר זיך אַ „פֿײנד פֿון יעדער אָרדנונג", און זײ לאָזען איהם שױן ניט אַרױס פֿון די הענד.

אין 1883, קױם אײן יאָהר נאָך אָבאַן'ס פֿעראורטהײ־לונג האָט דער גרױסער פּראָצעס פֿון די זעקס און דרײסיג אַנאַרכיסטען אין ליאָן אָנגעמאַכט אַ רעש און האָט צוגע־צױגען די אַלגעמײנע אױפֿמערקזאַמקײט אױף די נײע לעהרע, אָט דער קלאַס, װאָס די רעגירונג האָט געגעבען די בעװע־גונג, װאָלט אָהן אַ שום ספק אױך געטראָפֿען אָבאַן'ן, װען די װענד פֿון דער טורמע װאָלטען איהם שױן דאַן ניט גע־האַט אײנגעשלאָסען אין זיך. פֿאַר דער „עפֿענטליכער מײ־נונג" האָט אַלזאָ אױך אין פֿראַנקרײך דער נאָמען „אַנאַר־כיסט" כמעט געקראָגען פּונקט דיזעלבע בעדײטונג װאָס מערדער...

אַז אָבאַן האָט דערפֿיהלט די פֿױסטען פֿון די פּאָליצײ־קנעכט אױף זײן לײב, איז איהם די געװאַלט קלאָהר געװאָרען מיט איהר גאַנצער װילדקײט. זײן שטאָלץ האָט זיך גע־בונטעװעט. אָבער ער איז געװען — „מאַכטלאָז". דער גע־דאַנק, אַז ער לײדעט פֿאַר די אינטערעסען פֿון דער מענש־הײט, האָט איהם געהאַלטען פֿעסט. ער האָט ניט געזעהן ניט דעם קאַלטען שמײכעל פֿון די ריכטער, ניט די ביסטרע, נײגיעריגע בליקען פֿון די צושױער, װעלכע האָבען אױף איהם געקוקט װי אױף עפּעס אַ מין מאָדנע פֿערזעהעניש, אַ דער־גענערירטע בריאה פֿון זײער געשלעכט. אַז ער האָט אױס־געהערט זײן אורטהײל, האָט ער אפילו מיט קײן אױג ניט אַ פּינטעל געטהאָן. אָנדערהאַלבען יאָהר! — דאָס איז געװען אַ גאָרנישט. װאָס אַ לעבערליך־קלײנער אָפּפֿער, פֿערגליכען מיט די טױזענדפֿאַכע אָפּפֿער פֿון די מאַרטירער — װען מען

דערמאָנט זיך בלויז אָן דעם העלדען-טויט פון די צאַרען-מערדער!—, וועלכע האָבען פאַר איהם געליטען! מיט אַ שמאָלצער פאַראַכטונג איז ער אַריין אין געפענגנים.

קיינמאָל האָט אַ מענשען די ערשטע צייט פון זיין שטראָף ניט געקענט זיין שווערער און די לעצטע לייכטער, ווי זי איז געווען פאַר אָבאַן׳ן.

תחילת האָט ער געגלויבט, אַז ער וועט אפילו קיין איין מאָנאַט ניט קענען אויסקומען אָהן די לופט און די זונן פון דער פרייהייט. ער האָט אַ טעות געהאַט. אַ געדריקטע און שווערע רוהע האָט איהם אין אָנפאַנג בעהערשט: די רוה פון פערמאַטערטקייט נאָך אָט די לעצטע שטורמדיגע יאָהרען! זי האָט איהם גראָד גוט געטהאָן. ער האָט זי גענאָסען כמעט ווי אַ היילזאַמע מעדיצין. ס׳איז גאָרניט געבליבען פון די שטונדליכע אויפרעגונגען! גאָרניט מעהר פון דעם אונאויפ-הערליכען ליאַרם! — לאַנג האָט דאָס בלוט געשטראָמט פון די אַלע וואונדען, וואָס אָט די יאָהרען פון קאַמפף האָ-בען איהם געמאַכט. אַז עס האָט זיך איינגעשטילט, האָט ער זיך געפיהלט רוהיגער ווי ווען עס איז פריהער.

ער האָט די מעגליכקייט זיך צו פערשאַפען געוויסע ביכער. מיט דער גרינדליכקייט, צו וועלכע די שטילקייט און די פוסטקייט פון זיינע טעג און נעכט האָבען איהם געצוואונגען, האָט ער איבערגעטראַכט יעדע פאָרשונג בע-זונדער פון די גרויסע נאַציאָנאַל-עקאָנאָמישע דיינקער פון זיין לאַנד.

וואָס אינערליכער ער איז געוואָרען, אַלץ אַן אַנדער געשטאַלט האָט דאָס בילד פון דער וועלט אָנגענומען פאַר זיינע אויגען. דערווייטערט פון זיין צייט, ניט מעהר פער-טומעלט פון דעם ווידער-שטרייט פון איהרע ווינשע, האָט ער געוואונען דעם שטאַנדפונקט, אַריבערצוקוקען איבער

איהרע שטרעמונגען. ס'איז געווען די צייט, אין וועלכער ער איז צוריקגעקומען אויף זיך אַליין.

סוף זומער 1884 האָט ער פערלאָזען זיין תפיסה. ער איז שוין ניט געווען דער פריהערדיגער אָבאַן. ס'איז איהם אָנגעקומען שווער זיך דורכצומיטלען. זיינע כוחות האָבען איהם שוין ניט אַזוי געדיענט ווי פריהער. ער איז בעגריסט געוואָרען מיט פרייד פון די גענאָסען. טרופ איז געווען אין לאָנדאָן. מען האָט איהם געהאָלפען נאָך די קרעפטען נאָך. אָבער עס איז שוין ניט געווען דאָס זעלבע. זיין גלויבען איז געווען צוטרייסעלט. ער האָט געדורשט נאָך די ערפאָרשונג פון די וואַהרהייטען מכח דער פאָלקס־פערוואַלטונג. ער האָט געוואָלט וויסען, וועלכע רעטונג זי האָט פערשפּראָכען. דאָס איז ביי איהם אַצונד געווען דאָס וויכטיגסטע. ער האָט געוואוסט, אַז ער וועט עס שוין קיינמאָל מעהר ניט ערפאַהרען פון די ליידענשאַפטליכע דיסקוסיאָנען אויף די פערזאַמלונגען, פון די אַרטיקלען מיט די אַלגעמיינע פראַזען אין די צייטונגען, אויך ניט פון דעם ים פון בראָשורען, וואָס די בעוועגונג האָט געשאַפען.

פאַריז איז איהם געוואָרען אונערטרעגליך. איבעראַל האָט ער אַריינגעקוקט אין דעם שפּיעגעל פון זיינע יוגענד־ליכע נאַרישקייטען. דאָס לייכטזיניגע, ליאַרמענדע, פראַזענ־האַפטע לעבען האָט איהם אָבגעשטויסען, אָבגעעקעלט. ער האָט געביינקט נאָך אַ גרויסער, פרייער שטילקייט.

דאָס איינציגע, וואָס איז איהם געקומען צו דער האַנד, איז געווען אַ שטעלע אין אַ גרויסער בוכהאַנדלונג אין לאָנ־דאָן, וואו ער האָט געקענט האָבען אַרבייט ביי דער אַרויס־גאַבע פון אַ גרויסען פראַנצויזישען זאַמעל־ווערק. ער האָט זיך שנעל ענטשלאָסען דערצו.

אָבער ער איז ניט געפאָהרען אַליין. ער האָט מיטגע־

גומען מיט זיך אַ מיידעל, מיט וועלכער ער האָט זיך בעקענט נאָך איידער ער איז אַרעסטירט געוואָרען, און וועלכע איז איהם געבליבען געטריי אין דער לאַנגער צייט, וואָס ער איז געזעסען אין געפֿענגניס.

דאָס יאָהר, וואָס אָבאַן האָט מיט איהר געלעבט, איז געווען דאָס גליקליכסטע פֿון זיין לעבען. אָבער דער פֿלאָם פֿון דעם דאָזיגען קורצען גליק האָט זיך פֿערלאָשען, ווען ער האָט פֿערלאָרען די מוטער אין דערזעלבער שטונדע, אין וועלכער זי האָט איהם געבוירען אַ טויט קינד.

דאָס גאַנצע וועזען פֿון דער דאָזיגער איינפֿאַכער, נאַטירליכער און אין דערזעלבער צייט טיעף־אורטהיילענדער פֿרוי האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם ענטפֿער, וואָס זי האָט אַמאָל געגעבען אַ קאָמוניסט, וועלכער האָט איהר מיט אַ ביטערן טאָן פֿון פֿאָרוואורף געשטעלט די פֿראַגע:

„האָט איהר דען ווען בייגעטראָגען וואָס עס איז צום גליק פֿון דער מענשהייט?"

„יאָ איך בין אַליין גליקליך געווען!" האָט זי איהם געענטפֿערט.

אַז אָבאַן האָט זי פֿערלאָרען, איז ער נאָך געוואָרען ערנסטער און פֿעסטער. אַלץ מעהר און מעהר האָט ער אָנגעהויבען האַסען און מורא האָבען פֿאַר די טרוימערייען פֿון אידעאַליסטישער אונערפֿאַהרענקייט. ער האָט זיי אָב־געשטויסען פֿון זיך מיט אַ שאַרפֿער קריטיק אָפֿטמאָל מיט אַ ביטערן שפּאָט. דערפֿאַר האָט מען איהם שוין איצט אָנגעגריפֿען פֿון אַזעלכע זייטען, וואו מען פֿלעגט איהם פֿריהער בעגריסען מיט פֿרייד. מען האָט דערין קיין אַנדער זאַך ניט געזעהן נאָר אַ געווינס. וואָס ער איז קיינמאָל ניט געווען, איז ער אַצונד געוואָרען: סקעפּטיש. אויב ער האָט פֿריהער געלייגט צופֿיעל ווערטה אויף די טעגליכע

פּאַרטיי־שפּאַלטונגען, איז ער איצט — ווען ער האָט שוין מעהר ניט געקענט קוקען ערנסט אויף די פּאָליטישע קאָמעדיע — געווען גענייגט, זיי צו אונטערשטיטצען.

זינט ער איז געווען אין לאָנדאָן, האָט ער אין זיינע פרייע שטונדען זיך גענומען אָבגעבען מיט'ן שטודיום פון דער אינגסטער טאָכטער פון דער וויסענשאַפט: די פאָלקס־ווירטשאַפט, מיט דעם דאָזיגען ערנסטען, שטרייגגען שטודיום, וואָס פאָדערט אַזויפיעל מוח און אַזוי וויניג האַרץ. די פאָלקס־ווירטשאַפט האָט איהם געצוואונגען זיך צו געזעגענען מיט דער גאַנצער מחנה פון האַלב־קלאָהרע ווינשע; זי האָט איהם געצוואונגען לאָגיש צו דיינקען, און זי האָט איהם געצוואונגען אָבצושאַפען די ווערטער לויט זייער זינן און זייער ווערטה.

ס'איז געווען פּרודהאָן, וועלכער האָט איהם דערנאָך שטאַרק אָנגעצויגען, אָט דער ריעזען־גרויסער מענש, וועמעס אונערמידענדע פאָרשונגען האָבען אַרומגענומען אַלע מענשליכע געביעטען; פּרודהאָן, וועמעס ליידענשאַפטליכע, גליהענדע דיאַלעקטיק שיינט זיך אַזוי אָפט צו פערלירען אין די האַלב־דונקעלע, פערפיהרענדע וועגען פון'ם ווידערשפּרוך, אין וועלכע בלויז דער גייסט וואָס שטעהט איבער די פּאַרטייען קען נאָכפאָלגען דעם, וואָס האַלט אימער נאָר אין איין זוכען די פרייהייט פון'ם אינדיווידואום; פּרודהאָן, דער „פאָטער פון דער אַנאַרכיע", אויף וועמען יעדער איינער האָט אַלץ געמוזט צוריקקומען, יעדער איינער, וועלכער האָט געוואָלט פעסטשטעלען די וואורצלען פון דער נייער לעהרע פון הערשאַפטסלאָזיגקייט...

„דאָס אייגענטהום איז גנבה!" דאָס איז אַלעס, וואָס דאָס רוב סאָציאַליסטען ווייסען פון פּרודהאָן'ן. דאָך פון

אָבאַן'ס אויגען האָבען די שליירס אָנגעהויבען אַרונטער-פאַלען.

ער האָט איצט געזעהן, וואָס פּרודהאָן האָט אַזוינס פערשטאַנען אונטער אייגענטהום: ניט די איינקונפט פון דער אַרבייט, וועלכע ער האָט כסדר פערטהיידיגט געגען דעם קאָמוניזם, נאָר די געזעצליך געשיצטע פריווילעגיעס פון דער דאָזיגער איינקונפט, ווי זיי ליגען אויף די פלייצעס פון דער אַרבייט אין די פאָרמען פון וואוכער, דער עיקר די פאָרמען פון שטייער און רענט, און ווי זיי שטערען די פרייע צירקולאַציאָן פון דער אַרבייט; אַז גלייכהייט ביי פרודהאָן'ן הייסט ניט קיין אַנדער זאַך נאָר גלייכהייט פון די רעכטע, און ברידערליכקייט ניט ענטזאַגונג, נאָר דאָס קלוגע איינזעהן פון די אייגענע אינטערעסען אין דעם ליכט פון'ם מוטואַליזם; אַז ער פערטהיידיגט די פרייע אַסאָסי-אַציאָן, אַלס די „איינציג מעגליכע, גערעכטע און וואַהרע געזעלשאַפטס-פאָרם", — צו אַ בעשטימטען צוועק אין געגענזאַץ צו דער געצוואונגענער פעראייניגונג פון'ם שטאַאַט, „די פרייהייט, וועלכע בעשריינקט זיך דערויף אויפצוהאַל-טען די גלייכהייט אין די מיטלען פון דער פראָדוקציאָן און ביים אויסטויש פון די פראָדוקטען".

אָבאַן האָט איצט דערקענט דעם אונטערשיעד, וועל-כען פרודהאָן האָט געמאַכט צווישען בעזיץ און אייגענטהום.

„דער בעזיץ איז עהרליך, דאָס אייגענטהום אונעהר-ליך." דיין אַרבייט איז דיין רעכטליכער בעזיץ, איהר איינ-קונפט דיין קאַפּיטאַל; די פרוכטבאַרקייט אָבער פון דעם דאָזיגען קאַפּיטאַל, דאָס מאָנאָפּאָל פון זיין פרוכטבאַרקייט, דאָס איז אונעהרליך.

„דאָס אייגענטהום איז גנבה!"

אַזוי האָט ער דערקענט די אמת'ע אורזאַכען פון דעם

שרעקליכען אונטערשיעד אין דער פערטהיילונג פון די וואפען, פון וועלכען די נאַטור הויבט ניט אָן וויסען, ווען זי שטעלט אונז אַוועק אויף'ן קאַמפף-פּלאַץ פון'ם לעבען: ווי עס קומט, וואָס די איינע זיינען פערדאַמט צו פערברייננגען זייער לעבען אין מיה, עלענד און האָפנונגסלאָזיגקייט, אין די גרענעצען, וועלכע דאָס „אייזערנע לוין־געזעץ" שרייבט זיי פאָר, בעת ווען די אַנדערע, וועלכע זיינען פריי פון קאָנקורענץ, שפּיעלען זיך מיט דעם מאַגנעט פון זייער קאַפּיטאַל און האַלטען עס אין איין פערגרעסערן דורך די איינקינפטע פון פרעמדער אַרבייט. דאָס האָט ער אַצונד געזעהן אַלס קלאָהרעס בילד אונטער דעם שיין פון דיזער פאָרשונג.

ער האָט געזעהן, אַז די מינדערהייט פון אָט די לעצטע איז אין שטאַנד מיט דער הילף פון אַלע פאָראורטהיילע צו צווינגען די מעהרהייט, זי זאָל אָנערקענען זייערע פּריווילעגיעס. ער האָט געזעהן, אַז דאָס האָט דאָס וועזען פון'ם שטאַאַט זיי געגעבען די מעגליכקייט, די איינע צו האַלטען אין אונוויסענהייט איבער זייערע אינטערעסען, און די אַנדערע, וועלכע האָבען זיי יאָ דערקענט, צו פערגוואַלטיגען, זיי צו בעזייטיגען.

ער האָט פון דעם אַלעמען אַרויסגענומען — און דאָס איז געווען די וויכטיגסטע און טיעף איינשניידענדסטע ערקענטניס פון זיין לעבען, וועלכע האָט רעוואָלוציאָנירט די גאַנצע וועלט פון זיינע אַנשויאונגען —, אַז מען מוז פערטהיידיגען ניט די לעהרען פון דער זעלבסט-ענטזאַגונג און דער פערפליכטונג, נאָר אדרבה דעם עגאָאיזם, די ערקענטניס פון די אייגענע אינטערעסען!

אויב ס'איז פאַרהאַן אַ „לייזונג פון דער סאָציאַלער

פֿראַגע", ליגט זי דאָ. אַלעס אַנדערע איז אוטאָפּיע אָדער גאָר קנעכטשאַפֿט אין וואָס פֿאַר עס איז פֿאָרם.

אַזוי איז ער לאַנגזאַם און שטיל אַריינגעוואַקסען אין די פֿרייהייט: בייטאָג געבונדען אין דער שקלאַפֿעריי פֿון זיין שווערער אַרבייט און ביינאַכט אין פֿעראייניגונג מיט דער פֿרוי פֿון זיין ליעבע. דאַן, ווען ער האָט זי פֿערלאָרען, ווידער אַליין; נאָר איינזאַמער, אָבער רוהיגער און שטאַרקער ווי ווען עס איז פֿריהער...

זיין בעסטער פֿריינד איז געווען און געבליבען טרופּ. וואָס ווייטער האָט ער אַלץ מעהר געשעצט די ערנסטקייט, די פֿעסטקייט און דאָס אינסטינקטיווע צאַרט-געפֿיהל פֿון דעם דאָזיגען מאַן. דאָך האָבען זיי זיך שוין ניט אַזוי גוט פֿערשטאַנען איינער דעם אַנדערן. טרופּ האָט זיך כסדר גערעכענט מיט די מענשען, ווי זיי דאַרפֿען זיין און ווי זיי וועלען זיין; אָבער אָבאַן איז געווען אַזוי אַריינגעדרונגען אין דאָס וועזען פֿון דער פֿרייהייט, אַז ער האָט איינגעזעהן, ווי ווייניג מען קען צווינגען צו זייער גליק די מענשען, וועלכע ווילען ניט זיין גליקליך.

ער האָט געלייגט זיין גאַנצע האָפֿנונג אויף דעם לאַנגזאַמען פֿאָרטשריט פֿון דער פֿערנונפֿט; יענער אויף דער רעוואָלוציאָן, וואָס אין איהרע טעג וועט זיך דאָס ליכט פֿון דער פֿרייהייט פֿונאַנדערגיסען איבעראַל גאַנצע שטראָמען־ווייז, אַלעמען בעלייכטענדיג, ווייל אַלע ווינשע וועלען זיין ערפֿילט. אָבאַן איז געקומען צו זיך און האָט געוואונשען, אַז יעדער זאָל זיך געפֿינען אין אַזאַ צושטאַנד ווי ער; טרופּ האָט זיך אַלץ מעהר און מעהר פֿערלאָרען אין דער אַלגעמיינהייט. טרופּ האָט זיך געשטעלט אין דיענסט פֿון זיין אידעע און האָט זיך איהר געפֿיהלט

איבערגעבען אויף לעבען און טויט: אָבאַן האָט געוואוסט, אַז די פרייהייט פערפליכטעט צו קיין זאַך ניט.

אַזוי איז דער איינער וואָס ווייטער אַלץ מעהר אָנגעטריבען געוואָרען צו טהעטיגקייט, ווי אַ פערד פון דעם רייטער'ס שפאָרן, ווי אַ סאָלדאַט פון דעם „פאָרוועררטס"־רוף פון זיין פעלד־מאַרשאַל, בעת ווען דער אַנדערער האָט זיך אַלץ מעהר איבערצייגט אין דער בעדייטונג פון דער טאַקטיק, וועלכע לאָזט דעם שונא צוקומען צו זיך און שלאָגט דאַן אָב זיינע אָנגריפען. אַזוי האָט דער איינער געזעהן דאָס גאַנצע גליק פון דער מענשהייט אַרויסקומען פון אַ בלוטיגען, דער אַנדערער נור פון אַ ניט־בלוטיגען קאַמפף...



פֿינפֿטעס קאַפּיטעל.

# די קעמפּפער פֿון פֿרייהייט.

אָבאַן איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט.

מען האָט אָנגעקלאַפּט. דער באָי פֿון ביער-סאַלון, וועלכער פֿלעגט קומען יעדען זונטאָג, האָט אַריינגעשטעקט זיין קאָפּ אין טהיר: „סער?" — אָבאַן האָט איהם גע־הייסען קומען אין א האַלבע שעה אַרום.

ער האָט אַ קוק געטהאָן אויף'ן זייגער. שוין ווידער אָבגעגריבעלט א גאַנצע שטונדע... עס איז שוין כמעט געוועזן 5 אַזייגער. ס'האָט אָנגעהויבען ווערן דונקעל און אָבאַן האָט אָנגעצונדען אַ גרויסען לאָמפּ, וואָס איז גע־שטאַנען אויף'ן קאַמין און האָט מיט זיין שיין בעלויכטען דאָס גאַנצע צימער. דאַן האָט ער גוט פֿונאַנדערגעשאַרט דאָס פֿייער; האָט מיט אָנשטריינגונג צוגערוקט דעם טיש צום פֿענסטער, אַזוי אַז עס איז געבליבען אַ ברייטער פּלאַץ לעבען קאַמין, און ענדליך האָט ער אַוועקגעשטעלט עטליכע שטוהלען אין אַ האַלב-קרייז אַרום קאַמין. אַצינד איז דאָרט געוועזן פּלאַץ פֿאַר אַכט ביז ניין פּערזאָנען.

ער האָט בעטראַכט דאָס צימער, וואָס האָט איצט געקראָגען כמעט אַ בעקוועמען אויסזעהן, נאָכדעם ווי די פֿענסטער זיינען געוועזן פֿערדעקט מיט פֿאָרהאַנגען, און דאָס צימער דערוואַרעמט פֿון פֿלאַקערענדען פֿייער און בעלויכטען פֿון דעם מילדען ליכט.

אָבער ווי אַנדערש איז עס דאָך געווע׳ פֿריהער: אין די צוויי קליינע צימערן אין האָלבאָרן, בעת זיין פֿרוי האָט נאָך געלעבט, זי, וועלכע האָט אַזוי גוט פֿערשטאַנען צו מאַכען יעדען איינעם בעקוועם אין די זונטאָגדיגע נאָכ־מיטאָג־שטו־דען; וועלכע האָט געקענט מאַכען, אַז דער צוריקגעהאַלטענסטער זאָל ריידען, דער פּלאַפּלער זאָל איינהאַלטען זיין רעדע-שטראָם, דער פּראַזיאָ־ זאָל זיך בע־טראַכטען וואָס ער זאָגט, און דאָס אַלעס אויף אַזאַ פֿיינעם אופֿן, אַז ס׳איז גאָר ניט געווען צו בעמערקען אפֿילו.

עס איז דעמאָלט ניט זעלטען געווען, אַז פֿרויען זאָ־לען בייוואוינען אָט די צוזאַמענקינפֿטע. אָבער דער טאָן איז אימער געווען אונגעשטערט און פֿריי פֿון יעדען קאָנ־ווענציאָנעלען צוואַנג.

די צייט פֿון איהר קו־צער קראַנקהייט זיינען די פֿער־זאַמלונגען פּלוצלינג אונטערבראָכען געוואָרען; איהר טויט האָט געמאַכט אַ געוואַלט־רים אין דעם קרייז. נאָר אָבאַן האָט ניט געקענט אויפֿגעבען די אידעע פֿון די דאָזיגע נאָכמיטאָגס, וועלכע האָט געשטאַמט פֿון איהר.

זיי זיינען ווידער געקומען צו איהם. פֿון דער, ווענען זיי האָבען געקענט און וועלכע האָט אַלעמען געפֿעהלט איז קיינמאָל ניט גערעדט געוואָרען.

וויפֿיעל האָבען זיך אין די דאָזיגע צוויי יאָהר דורכ־געוואָרפֿען ביי איהם אין שטוב: אַן ערך הונדערט מענ־שען! כמעט אַלע זיינען מעהר אָדער ווייניגער געווען אין דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער בעוועגונג. זייערע אידעאַלען זיינען געווען אַזוי פֿערשיעדען, ווי די וועגען, אויף וועלכע זיי האָבען געשטרעבט צו זיי.

אַלע אָבער האָבען געליטען אונטערן דרוק פֿון די היינטיגע אומשטענדען און געבענקט נאָך בעסערע... דאָס

איז געווען דער איינציגער באַנד, וועלכער האָט זיי אין די דאָזיגע שטונדען שוואַכלעך פֿעראייניגט.

אַסך האָבען ניט געקענט מוחל זיין אָבאַן'ן, פֿאַרוואָס ער פֿלעגט עפּענען זיין טהיר פֿאַר אַזעלכע פֿערשיעדענע עלעמענטען. אַ טהייל האָבען אין דעם שוין געזעהן אונ־טרייהייט. „געגען וועמען?" פֿלעגט ער זיי פֿרעגען מיט אַ שמייכעל. „איך האָב ניט קיין שום קערפּערליכען אָדער גייסטיגען הערר, וועמען איך זאָל האָבען געשוואָרען טריי־הייט. ווי אַזוי זשע קען איך ווערן אונטריי?"

אַזוי זיינען די פּאָליטישע פלוידערזעק, די פּאַרטיי־מענשען, די פֿרומע פֿאַנאַטיקער אויסען געבליבען: אַלע יענע, וועלכע האָבען געמיינט, אַז זיי קענען נאָר דאַן האָ־בען דעם הימעל פֿון דער פֿרייהייט, ווען דאָס אידעאַל פֿון זייער פֿרייהייט ווערט דאָס אידעאַל פֿון אַלעמען.

ווידער און ווידער זיינען געקומען די איינצעלנע — אָבאַן'ס געצעהלטע פּערזענליכע פֿריינד — וועמען די ער־פֿאַהרונגען פֿון זייער לעבען האָבען געלערנט, אַז די פֿריי־הייט איז ניט קיין אַנדער זאַך, נאָר די אונאַבהייננגיגקייט איינער פֿון אַנדערן: די מעגליכקייט פֿאַר יעדען איינעם צו זיין פֿריי אויף זיין אייגענעם אופן.

פֿרעמדע פֿלעגען אין דער לעצטער צייט קומען און אַוועקגעהן עפּטער ווי אימער. אָבאַן האָט קיינעם ניט גע־בעטען צו קומען נאָך אַ מאָל: אָבער יעדער איינער האָט ביים אַוועקגעהן פֿון זיין האַנד־דרוק געפֿיהלט, אַז ער וועט איבעראַכטאָג זיין פּונקט אַזאַ ווילקאָמענער גאַסט ווי איצט.

יעדער איינער האָט געהאַט דאָס רעכט מיטצוברינ־גען וועמען עס איז, און דאָס דאָזיגע רעכט פֿלעגט צייי־טענווייז אַזוי פֿלייסיג דורכגעפֿיהרט ווערן, אַז עס האָבען ניט געסטייעט קיין שטוהלען פֿאַר די אַנוועזענדע. אָבער

אָפּטמאָל איז אָבאַן אויך געווען אַליין מיט איינעם אָדער צוויי פֿון זיינע פֿריינד.

דאָס רוב פֿלעגט זיך דער געשפּרעך דרעהען אַרום אַ געוויסע טאַגעס־פֿראַגע. אָדער עס פֿלעגט זיך ענטוויקלען אַ דיסקוסיאָן, און די אָנוועזענדע פֿלעגען זיך צוטהיילען אין טהיילנעהמער און צוהערער. נאָר עס פֿלעגט אויך פֿאָרקו־מען, אַז די פֿערזאַמעלטע פֿלעגען זיך צוטהיילען אין קליינע גרופּען, און צוויי, דריי פֿערשיעדענע שפּראַכען פֿלעגען אָבקלינגען אין צימער.

איינמאָל איז געקומען אַ מענש, קיינער האָט גיט גע־וואוסט פֿון וואַנען, און אין אַ צייט אַרום האָט ער זיך אַרויסגעוויזען פֿאַר אַ שפּיאָן. די לוסט צו ענטדעקען פֿער־שווערונגען און אַטענטעטער האָט איהם אויך צוגעצויגען אַהער. נאָר אַז ער האָט דערזעהן, אַז דאָ ווערט ניט גערעדט פֿון דינאַמיט, פֿון באָמבעס, פֿון דער „שוואַרצער האַנד", פֿון עקזעקוטיוו־קאָמיטעטען און געהיימע פֿעראיינען, נאָר פֿון וויסענשאַפֿטליכע און פֿילאָזאָפֿישע פֿראַגען, וועלכע ער האָט ניט פֿערשטאַנען, איז ער פֿערשוואונדען אַזוי שטיל ווי ער איז געקומען, נאָכדעם ווי ער האָט זיך עטליכע שעה מורא'דיג געלאַנגווײלט.

פּונקט אַזאַ ענטטוישונג האָבען געהאַט עטליכע יונגע היצקעפּ, וועלכע האָבען זיך איינגערעדט, אַז וואַרפֿען אַ באָמבע איז אַ גרעסערע טהאַט און שאַפֿט שנעלער אָב די סאָציאַלע נויטה פֿון דער וועלט, איידער די גרינדליכע אויספֿאָרשונג מכח די אורזאַכען פֿון דער דאָזיגער נויטה. די פֿעראַכטונג, מיט וועלכער זיי האָבען כסדר גערעדט זועגען אָט דעם „פֿילאָזאָפֿישען אַנאַרכיזם", וועלכער איז, לויט זייער מיינונג, פֿאָלשטענדיג אונפּרוכטבאַר און האָט לחלוטין גאָרנישט וואָס צו טהאָן מיט דער בעפֿרייאונג פֿון

דער הונגערענדער מענשהייט, איז געווען פונקט אַזוי גרויס ווי לייכט־ערקלעהרליך.

אָבאָן פלעגט דאָס רוב ניט אָנטהייל נעהמען אין די דיסקוסיאָנען. אָבער ער האָט ניט ליעב געהאַט, ווען אָט די דיסקוסיאָנען פלעגען אַראָבקריכען פון וועג און זיך ענט־וויקלען אין איינפאַכע פוסטע ווערטער־שלאַכטען, וועלכע ענדיגען זיך זעהר שווער און עררייכען קיינמאָל קיין ציעל ניט.

היינט אָבער האָט ער געוואָלט אַרויסשטעלען מיט זייער גאַנצער שאַרפקייט די געגענזעצע פון צוויי וועלט־אַנשוי־אונגען, וועמעס אונלאָגישע צוזאַמענמישונג האָט געשאַפען אַ נאַכט פון ווידערשפריכע און אונקלאָהרהייטען...

היינט האָט ער געוואָלט מאַכען אַ סוף צו די לעצטע אונקלאָהרהייטען, וועלכע האָבען נאָך געהערשט מכח זיין אייגענער פערזאָן און איהר שטעלונג, און דערמיט אָנפאַנגען אַ קאַמפף, וועמען ער איז געווען ענטשלאָסען אויף לאַנג אָבצוגעבען זיינע בעסטע כוחות...

* * *

ער האָט גראָד מיט אַביסעל אונגעדולד אַ קוק געטהאָן אויף'ן זייגער, ווען מען האָט אָנגעקלאַפט אין טהיר. נאָר דער, וואָס איז אַריינגעקומען, איז איהם געווען אַ ווילד־פרעמדער. ס'איז געווען אַ מאַן פון פערציג יאָהר, וועלכער איז צוגעגאַנגען צו איהם, האָט זיך פאָרגעשטעלט און איהם דערלאַנגט אַ בריעף.

אָבאָן איז דורכגעלאָפען דעם בריעף, נאָכדעם ווי זיי האָבען זיך ביידע אַנידערגעזעצט. ס'איז געווען אַ רעקאָ־מאַנדאַציע פאַר דעם איבערבריינגער, געשריבען אין אַ לייכטען, גייסטרייכען טאָן, און זי איז געקומען פון אַ מאַן, מיט וועמען אָבאָן איז מיט יאָהרען צוריק אָפט געשטאַנען אויף איין טריבונע, ווען ס'האָט זיך געהאַנדעלט צו פער־

טהיידיגען די רעכטע פֿון דער אַרבייט, וועלכער איז אָבער איצט געווען אַ רעדאַקטאָר פֿון אַ גרויסער אָפּאָזיציאָנעלער צייטונג און וועלכער האָט מיט זיין שאַרפֿער פֿעדער גע־וואָרפֿען אַ מורא אויף אַלעמען.

דער דאָזיגער בריעף איז טהיילווייז געווען אַן ענטשול־דיגונג, טהיילווייז אַ זעלבסט־פֿערשפּאָטונג, און אין אַלגעמיין האָט זיך דער שרייבער זיינער אָבגעגעבען מיט אַמאָליגע, נאָך ניט פֿערגעסענע זכרונות און מיט אויסדריקע פֿון צו־פֿריעדענהייט איבער דעם, וואָס איז ביז אַהער עררייכט געוואָרען... ער האָט דעם גוטען אָבאַן׳ן רעקאָמאַנדירט אַ פֿריינד, וועלכער פֿיהלט זיך צוגעצויגען פֿון׳ם שטודיום פֿון דער סאָציאַלער בעוועגונג, ווי „דאָס זומער־פֿויגעלע פֿון דעם פֿלאַם״, און דער עיקר וואָלט ער געוואָלט אין פֿערלויף פֿון דער קורצער צייט, וואָס ער וועט פֿערברייגגען אין לאָנדאָן, דערגעהן עטליכע זאַכען מכח דעם דונקעלען געביעט פֿון׳ם אַנאַרכיזם, אַ זאַך, אין וואָס אָבאַן קען איהם בעסער בע־הילפֿיג זיין ווי ער אַליין, וועמעס „בליקען זיינען צו שטאַרק פֿערנומען אין דעם קרייז פֿון טאָג, אַז ער קען זיך ניט אָבגעבען מיט אַ פֿערלאָרענער צוקונפֿט...״ דאַן איז געקומען אַ גליק־וואונש צו אָבאַן׳ס ערפֿאָלג אלס בוכהענדלער, נאָך אַ שמייכעל איבער געמיינשאַפֿטליכע נאַרישקייטען, פֿון וועלכע „די ערפֿאַהרונג האָט שוין אַוודאי דעם לעצטען דופּט פֿון רייץ אויך אַרויסגעצויגען״, און צו לעצט אַ צערעמאָ־ניעלע פֿערנייגונג.

אָבאַן האָט געשטעלט עטליכע פֿראַגען, כדי דאָס דאָזיגע פֿערענדערטע בילד זאָל קענען ערשיינען פֿאָלקאָם פֿאַר זיינע אויגען. דאַן האָט ער זיך פֿריינדליך ערקלעהרט גרייט צו געבען יעדע אויסקונפֿט, וואָס וועט נור פֿון איהם פֿערלאַנגט ווערן. ער האָט זיך געפֿרעהט מיט די קלאַנגען פֿון זיין

שפּראַך, ער האָט זיך ביי זיך אין האַרצען געפּרעהט מיט דעם דאָזיגען בעזוך, וועלכער האָט אַריינגעבראַכט אַ דופט פון פּאַריז צו איהם אין צימער...

אָט דער פרעמדער איז איהם געוועזען סימפּאַטיש: זיין איינפאַכער קאָסטיום, דאָס רוהיגע, זיכערע וועזען, זיין ערנסט געזיכט.

ער האָט אָנגעהויבען מיט אַ פראַגע:

„איהר ווילט פון מיר אַן ערקלעהרונג מכח דער לעהרע פון'ם אַנאַרכיזם. ווילט איהר מיר אַפריהער זאָגען, וואָס איהר האָט ביז אַהער פערשטאַנען אונטער אַנאַרכיע?"

„געוויס. אָבער איך בין זיך מודה, אַז איך האָב ניט קיין קלאָהרען בילד וועגען דעם. גראָד דעם היפוך דערפון: אַ בלוטיגער און רויבענדער תוהו ובוהו, אַ באַרג אַש פון אַלעס וואָס עקזיסטירט, פאַלשטענדיגע אויפלייזונג פון אַלע באַנדען, וועלכע האָבען ביז אַהער פערקניפּט די מענשען איינע מיט די אַנדערע: פון דער הייראַטה, פון דער פאַ־מיליע, פון דער קירכע, פון'ם שטאַאַט, אַ הפקרות'דיגע מענשהייט, וואָס קען דורך קיין שום מיטעל ניט געהאַלטען ווערן אין אָרדנונג און וועלכע פערניכטעט זיך גענענזייטיג—"

אָבאַן האָט אַ שמייכעל געטהאָן ביי דער דאָזיגער שילדערונג, וועלכע ער האָט שוין טויזענד מאָל געהערט.

„אַזוי מאָלט זיך נאָך יעדענפאַלס די וועלט פון דער אַנאַרכיע ביי דאָס רוב מענשען אין די קעפּ," האָט ער געזאָגט.

„אַזוי ווערט זי פאָרגעשטעלט ביי יעדער געלעגענהייט פון אונזער פּרעסע, פון די פּאָליטישע פּאַרטייען, פון אונ־זערע ענציקלאָפּעדיעס, פון די פּראָפעסיאָנעלע לעהרער פון דער פאָלקס-ווירטהשאַפט, פון אַלעמען. דאָך האָב איך אין דעם כסדר געזעהן נור די בעוואוסטע פערליימדונג פון די שונאים און די אונבעוואוסטע נאָכפּלאַפּלעריי פון די מאַסען—"

„דאָס האָט איהר גוט געטהאָן," האָט זיך אָבאַן אָב־געררופען.

„אָבער איך מוז זיך ווייטער מודה זיין, אַז אויך דאָס גענענגעזעצטע אידעאַל: דאָס פריעדליכע, אונגעשטערטע צוזאַמענלעבען פון די מענשען אין געמיינשאַפט איינע מיט די אַנדערע, וואו דער איינער וועט זיך כסדר פרייוויליג ענטזאַגען פון זיינע אינטערעסען צו גונסטען פון'ם אַנדערן און פון'ם כלל, — אַז אַזאַ מין אידעאַל זעהט מיר אויס צו זיין גאָר ניט פאַסיג פאַר דער אמת'ער נאַטור פון די מענשען."

אָבאַן האָט ווידער אַ שמייכעל געטהאָן. „איך בין זיך מודה, אַז דאָס קוקט ביי מיר אין די אויגען אויך אויס אַזוי."

דער אַנדערער איז געווען איבערראַשט. „ווי?" האָט ער אַ פרעג געטהאָן. „און דאָס איז דאָך פונדעסטוועגען דאָס אידעאַל פון דער אַנאַרכיע?"

„ניין," האָט אָבאַן געענטפערט, אין גענענטהייל: „ס'איז דאָס אידעאַל פון'ם קאָמוניזם."

„אָבער — אָט די ביידע האָבען דאָך איין ציעל—"

„זיי זיינען אַנטקעגענגעזעצט איינס דעם אַנדערן ווי טאָג און נאַכט, וואַהרהייט און פאַנטאַזיע, עגאָאיזם און אַלטרואיזם, פרייהייט און קנעכטשאַפט."

„אָבער אַלע אַנאַרכיסטען, פון וועלכע איך האָב געהערט, זיינען דאָך קאָמוניסטען?"

„ניין, די קאָמוניסטען, וועלכע איהר קענט, רופען זיך אַנאַרכיסטען."

„זיינען, הייסט עס, איבערהויפט דאָ, ביי אונז אין פראַנקרייך, איבערהויפט אין אייראָפּאַ קיין אַנאַרכיסטען ניטאָ?"

„אַזויפיעל ווי איך ווייס זיינען טאַקי ניטאָ; יעדענפאַלס בלויז דאָ און דאָרט עטליכע געצעהלטע. פונדעסטוועגען איז יעדער קאָנסעקווענטער אינדיווידואַליסט אַנאַרכיסט.“

„און די גאַנצע, טעגליך וועקסלענדע בעוועגונג פון'ם אַנאַרכיזם, וועלכע לאָזט פון זיך אַזוי פיעל הערען— ?“

„איז אַנטי־אינדיווידואַליסטיש און מחמת דעם אַנטי־אַנאַרכיסטיש; איז, ווי איך האָב שוין געזאָגט, ריין קאָמוניסטיש.“

אָבאַן האָט בעמערקט, ווי שטאַרק זיינע ווערטער האָבען דעם מאַן איבערראַשט. יענער האָט פון איהם געוואָלט האָבען אויסקונפט איבער די לייננ און דעם ציעל פון אַ וועג און ער האָט איהם גאָר געוויזען, אַז דער וועגווייזער פון דעם וועג טראָגט אַ פאַלשען אויפשריפט...

ער האָט געזעהן דעם ערנסטען, פערטראַכטען אויסדרוק אין די געזיכטס־ציגע פון זיין בעזוכער און איז געווען איבערצייגט, אַז יענער איז ווירקליך געקומען צו איהם נור מיט דעם אינטערעס צו דערגרונטעווען אַ צווייפעלהאַפטע פראַגע.

אַ ווייל‏ע איז געוואָרען שטיל אין צימער. אָבאַן האָט רוהיג אָבגעוואַרט ביז דער אַנדערער האָט גוט דורכגעטראַכט מכח דעם וואָס ער האָט געהערט און דער געשפרעך האָט זיך ווידער אָנגעהויבען.

„דאַרף איך אייך אַלזאָ בעטען, איהר זאָלט מיר זאָגען, וואָס איהר פערשטעהט אונטער אַנאַרכיע?“

„מיט פערגניגען. — איהר ווייסט, אַז אַן־אַרכיע איז אַ וואָרט, וואָס שטאַמט פון דער גריכישער שפראַך און אין דער געניער איבערזעצונג הייסט עס „אָהן הערשאַפט“.

נו, איז אַ צושטאַנד פון הערשאַפטסלאָזיגקייט פונקט

דאָסזעלבע וואָס אַ צושטאַנד פֿון פֿרייהייט: אַז איך האָב קיין האַר ניט איבער מיר, בין איך פֿריי.

אַנאַרכיע איז אַלזאָ פֿרייהייט.

אַצונד געהט אַלזאָ אין דעם צו פֿערטייטשען דעם בעגריף „פֿרייהייט", און איך מוז זאָגען, אַז איך וועל גאָר קיין בעסערן טייטש ניט געפֿינען ווי דעם דאָזיגען: פֿרייהייט איז די אָבוועזענהייט פֿון אָנגרייפֿענדער געוואַלט אָדער פֿון צוואַנג."

ער האָט זיך אָבגעשטעלט אַ רגע, אַזוי ווי צו געבען זיין צוהערער די מעגליכקייט, ער זאָל קענען בענעהמען זיינע ווערטער, וועלכע ער האָט אַרויסגערעדט לאַנגזאַם און קלאָהר. דאַן האָט ער ווייטער געזאָגט:

„די אָרגאַניזירטע געוואַלט אַלזאָ איז דער שטאַאַט. פונקט ווי געוואַלט איז זיין עצם, זיין סאַמע וועזען, אַזוי איז רויב זיין פריווילעגיע; אַזוי איז די בערויבונג פֿון די איינע לטובת די אַנדערע דאָס מיטעל פֿאַר זיין קיום.

מחמת דעם זעהט דער אַנאַרכיסט אין דעם שטאַאַט זיין גרעסטען, יאָ, זיין איינציגען שונא.

ס'איז די סאַמע ערשטע בעדינגונג פֿון דער פֿרייהייט, אַז ביי קיינעם זאָל ניט אַוועקגענומען ווערן די מעגליכקייט צו האָבען דעם פֿולען פראָדוקט פֿון זיין אַרבייט. עקאָנאָמישע אונאַבהייננגיגקייט — אַזוי לויטעט די ערשטע פֿאָדערונג פֿון'ם אַנאַרכיזם: די אָבשאַפֿונג פֿון דער עקספּלואַטאַציע פֿון'ם מענשען דורך'ן מענשען. אָט די עקספּלואַטאַציע קען אַלזאָ ווערן אונמעגליך: דורך דאָס פֿריי־מאַכען פֿון דער באַנק, דאָס הייסט די פֿרייהייט אין'ם שאַפֿען פֿון אויסטויש־מיטלען, אויף וועלכע עס זאָל ניט ליגען מעהר קיין געזעצליך געשיצטע פריווילעגיע פֿון צינז; דורך דאָס פֿריי־מאַכען פֿון'ם

קרעדיט, דאָס הייסט איהם אָרגאַניזירען אויף גרונד פון'ם פרינציפ פון מוטואַליזם, פון דער געגענזייטיגער עקאָנאָמי־שער שטאַרקונג; דורך דאָס פריי־מאַכען פון'ם מאַרק און דעם וועלט־מאַרק, דאָס הייסט די פרייהייט אונגעשטערט צו טוישען און אויסטוישען די געשאַפענע אוצרות פון האַנד צו האַנד, ווי פון לאַנד צו לאַנד; דורך דאָס פריי־מאַכען פון'ם גרונד און באָדען, דאָס הייסט די פרייהייט צו קענען פער־נעהמען דעם גרונד און באָדען פאַר פערזענליכער בענוצונג, אין פאַל אויב ער איז שוין ניט פערנומען געוואָרען פון אַנדערע צו דעם זעלבען פערזענליכען צוועק; אָדער, כדי אָט די אַלע פאָדערונגען צונויפצופאַסען אין איינע: די עקספלואַטאַציע פון'ם מענשען דורך'ן מענשען ווערט אונ־מעגליך דורך די פרייהייט פון דער אַרבייט."

דערביי איז אָבאַן אַנשוויגען געוואָרען און עס איז ווי־דער ענטשטאַנען אַ פויזע.

„איהר דערנעהנטערט זיך, ווי מיר ווייזט אויס, צו דעם Laissez-faire, laissez-aller (לאָז געהן ווי עס געהט) פון די פערטהיידיגער פון דער פרייער קאָנקורענץ—"

„אדרבה: די מאַנטשעסטער־מענער דערנעהנטערן זיך צו אונז. אָבער זיי זיינען וויים צוריק הינטער אונז. דאָך אַז זיי זאָלען זיין קאָנזעקווענט און געהן ווייטער אויף דעם וועג, וואָס זיי האָבען אָנגענומען, וואָלט דאָס זיי מיט בעשטימטער זיכערקייט געמוזט פיהרען אַהין, וואו מיר שטעהען. זיי בעהויפטען, אַז זיי פערטהיידיגען די פרייע קאָנקורענץ. אָבער אין דער אמת'ן פערטהיידיגען זיי בלויז די קאָנקורענץ פון די אָרעמע אונטער זיך, אין דער צייט וואָס זיי נעהמען אַוועק מיט דער הילף פון דער שטאַאַטליכער געוואַלט דאָס קאַפּיטאַל פון דער קאָנקורענץ און מאָנאָפּאָליזירען עס פאַר זיך. מיר אָבער ווילען עס פּאָפּולאַריזירען, געבען יעדען

איינעם די מעגליכקייט צו ווערן קאַפּיטאַליסט, מיט דעם וואָס מיר זוכען עס צו מאַכען צוגענגליך פֿאַר יעדען איינעם דורך די פֿרייהייט פֿון קרעדיט און צווינגען עס אָנטהייל צו נעהמען אין דער קאָנקורענץ, פּונקט ווי יעדער אַנדערער פּראָדוקט."

„אָט די אידעען זיינען זעהר נייע—"

„זיי זיינען דוקא ניט אַזוי נייע, נאָר זיי זיינען עס איצט ווידער געוואָרען, איצט, ווען די גאַנצע רעטונג ווערט ערוואַרט „פֿון אויבען", און ווען מען וויל ניט איינזעהן, אַז די סאָציאַלע פֿראַגע קען אַנדערש ניט געלייזט ווערן, נאָר דורך די איניציאַטיווע פֿון'ם איינצעלנעם, וועלכער ענטשליסט זיך ענדליך אַליין צו בעזאָרגען זיינע אָנגעלעגענהייטען, אָנשטאָט איבערצוגעבען די דאָזיגע אַרבייט אין פֿרעמדע הענד."

„ס'איז מיר ניט מעגליך געווען נאָכצופֿאָלגען יעדען וואָרט אייערן ביז אין דעם סאַמע אינערן פֿון זיין זינן, אָבער איך מיין, אַז איך האָב אייך פֿונדעסטוועגען ניט שלעכט פֿערשטאַנען, ווען איך נעהם אָן, אַז איהר אָנערקענט ניט קיין פֿליכט פֿון אונטערוואָרפֿענקייט אונטער דעם ווילען פֿון אַן אַנדערן און קיין שום רעכט אַרויפֿצוצווינגען אויף אייך אַ פֿרעמדען ווילען?"

„איך אָנערקען דאָס רעכט פֿון פֿרייער ענטשליסונג איבער מיין אייגענע פּערזאָן," האָט אָבאַן מיט אַ שטאַרקער בעטאָנונג געענטפֿערט. „איך פֿערלאַנג ניט און קוק ניט אַרויס אויף קיינע רעכטע, וואָס זאָלען קומען צו מיר פֿון דעם כלל און איך פֿיהל זיך צו איהם מיט קיין זאַך ניט פֿערפֿליכטעט. איהר קענט אויף'ן פּלאַץ פֿון'ם וואָרט „כלל" אַוועקשטעלען וואָס איהר ווילט: „שטאַאַט", „געזעלשאַפֿט", „פֿאָטערלאַנד", „געמיינדע", „מענשהייט" — סאיז אַלצאיינס."

„איהר זייט דרייסט!" האָט דער פּראַנצויז אויסגערופען,
„איהר פערלייקענט די געשיכטע!"

„איך פערלייקען די פערגאַנגענהייט," האָט אָבאַן גע־
זאָגט. „איך האָב פון איהר געלערנט, דאָס קענען נור
וויינינגע וועגען זיך זאָגען. איך פערלייקען אַלע מענשליכע
אינסטיטוציאָנען, וועלכע גרינדען זיך אויף דאָס רעכט פון
געוואַלט. איך בין מיר אַליין מעהר ווערטה, איידער זיי
זיינען עס מיר!" —

„אָבער יענע זיינען שטאַרקער פון אייך—"

„דערווייל נאָך. ס'וועט אָבער קומען אַ טאָג, ווען זיי
וועלען עס ניט זיין. וואָרים אין וואָס בעשטעהט זייער מאַכט?
אין דער דומהייט פון די פערדומטע."

אָבאַן האָט זיך אויפגעהויבען. אויף זיינע גרויסע גע־
זיכטס־ציגע איז געלעגען דער אויסדרוק פון אַ פרייען,
רוהיגען שטאָלץ.

„איהר גלויבט אַלזאָ אין דעם פאָרטשריט פון דער
מענשהייט צו דער פרייהייט?"

„איך גלויב ניט אין איהם. וועה צו דעם, ווער עס
גלויבט! איך זעה איהם. כ'זעה איהם, פונקט ווי איך זעה
יעדען טאָג די זונן..."

* * *

אויך דער בעזוכער איז אויפגעשטאַנען. נאָר אָבאַן האָט
איהם פערהאַלטען.

„אויב איהר האָט צייט און לוסט, טאָ בלייבט נאָך
דאָ. איך ערוואַרט היינט, ווי יעדען זונטאָג, עטליכע פריינד.
דאָס געשפרעך וועט גראָד היינט אַרויפקומען אויף אַזאַ
פונקט, וועלכער וועט אייך אַודאי אינטערעסירען."

מיט אָפענער פרייד איז זיין איינלאַדונג אָנגענומען
געוואָרען.

„עס וואָלט מיר יעדענפאַלס ניט געווען אַזוי ליעב צו מוזען שוין איצט אויפשטעהן פון אַ מאָהלצייט, פון וועלכער איך האָב קוים געגאָסען דאָס ערשטע געריכט —"

אָבאַן האָט זיך ווידער נאָכגעפרעגט אויף פאַריז, אויף איינצעלנע פערזענליכקייטען פון טאָג, אויף אַ טהייל זאַכען, וואָס ער האָט פון די צייטונגען ניט געקענט דערגעהן.

דאַן זיינען געקומען זיינע געסט. פריהער פאַר אַלע איז געקומען דר. הווירט, אַן ענגלענדער, דער דאָקטאָר, וועלכער האָט בעהאַנדעלט זיין פרוי, בעת זי איז קראַנק געווען, און איז זייט דאַן געוואָרען אַ רעגעלמעסיגער בעזו-כער פון די פערזאַמלונגען ביי אָבאַן'ן. ער איז געווען אַ אַ קאַלטער, אין זיך אָבגעשלאָסענער מענש, אָהן יעטוועדע פראַזע, אָהן וואָס פאַר עס איז סענטימענטאַליטעט, אַ כאַ-ראַקטער מיט בולט'ע איינגעשאַפטען, וואָס אַ שאַרפער בליק האָט לייכט געקענט דערקענען: אַ פעסטער, אונבויגזאַמער ווילען, אַ שטאַרקע נייגונג צו שפאָט און אַ צושמעטערענדע אונגלויביגקייט.

אָבאַן האָט איהם געשעצט אויף אַן אויסערגעוועהנליכען אופן, צווישען זיינע פריינד איז ניט געווען נאָך איינער, מיט וועמען ער האָט זיך אַזוי גערן אונטערהאַלטען, ווי מיט דעם דאָזיגען סקעפטישען ענגלענדער, וועמעס לאָגיק האָט זיך ניט אָבגעשראָקען פאַר קיין שום זאַך.

מען האָט פון איצט אָן אַ שטיקעל צייט גערעדט ענגליש, וואָס דער פראַנצויז האָט פערשטאַנען. דער דאָקטאָר האָט פערנומען דעם צווייטען פלאַץ ביים פייער, זיין ליעבלינגס-אָרט, און האָט אָנגעוואַרעמט זיין ברייטען רוקען, פע־שעל-טענדיג דאָס דאָזיגע לאָנדאָן, וואו נעבעל און רויך פער-ציהען אַלצדינג מיט אַ קלעפיגער קאָרע פון קראַנקהייטס-שטאָפען...

ער איז איבערגעשלאָגען געוואָרען פֿון מר. מאַרעל, דעם אַמעריקער, וואָס איז געקומען מיט אַ יונגען מאַן פֿון צוואַנ־ציג יאָהר, וועלכער האָט נור מיט אַ מין שרעקעדיגער צוריקהאַלטונג אָנגענומען אָבאַן׳ס אָפֿענע האַנד, קעמפּפֿענדיג, ווי ס׳איז לייכט געווען צו בעמערקען, צווישען אַ שטיקעל פֿערלעגענהייט און נייגיעריגען אינטערעס.

„ווי געהט עס, מר. מאַרעל?"—

„וועלל, איך ברייננג אייך דאָ אַ יונגען שילער פֿון דער סאָציאַלער וויסענשאַפֿט, אַ דייטשען דיכטער; כ׳מיין, איהר האָט איהם שוין געזעהן אויף דעם פּראָטעסט־מיטינג אין פֿינסבורי האָל. ער וואָלט זיך געוואָלט בעקענען מיט אייך—"

אָבאַן האָט געשמייכעלט. ווידער אַ נייע בעקאַנטשאַפֿט. וואו און ווי אַזוי דער אַלטער מאַן האָט זי געמאַכט, איז פֿאַר איהם געווען אַ רעטעניש. אָבער זיין נאַטירליכע הערצ־ליכע גוטסקייט האָט דעם אַלטען ניט נור ניט דערלאָזט, ווען עס איז אָבצוזאָגען אַ בקשה, נאָר זי האָט איהם זאָגאַר געגעבען די מעגליכקייט אָט די ביטע גלייך אַרונטערצו־לייענען פֿון יענעם׳ס געזיכט. אַזוי האָט עס אויך דאָס מאָל געמוזט זיין.

כמעט שטענדיג אויף׳ן וועג צווישען ענגלאַנד און די פֿעראייניגטע שטאַאַטען, האָט ער דאָ און דאָרט געקענט כמעט יעדען איינעם פֿון דער סאָציאַלער בעוועגונג און איז כמעט פֿון יעדען איינעם, צו וואָס פֿאַר אַ ריכטונג ער האָט ניט אָנגעהערט, געקענט און געליעבט געוואָרען. ער פֿלעגט דאָס אָבאַן׳ן ברייננגען דאָס רוב געסט, וועלכע זיינען אַלע גלייך פֿון דעם דאָזיגען פֿריינדליך אויפֿגענומען געוואָרען.

„דאָס איז גוט," האָט ער אויך איצט געזאָגט, „די דיכטער זיינען תמיד געווען די פֿריינד פֿון דער פֿרייהייט, און די דייטשע דיכטער פֿאַר אַלע אַנדערע. בעת איך האָב

נאָך מיין דייטש ניט אין גאַנצען געהאַט פֿערגעסען, פֿלעג איך לייענען פֿרייליגראַטה׳ס הערליכע געדיכטע — אַה, ווי הערליך זיי זיינען, „די רעוואָלוציאָן" און דאָס גע־דיכט פֿון די טויטע צו די לעבעדיגע, ניט אמת?"

„יאָ", האָט זיך דער דייטש אָבגערופֿען און זיינע אויגען האָבען געלויכטען פֿון פֿרייד, „און די „שלאַכט ביים בע־ראָזעווען בוים"—"

„ס׳איז אַ מאָדנע פֿאָלק, אָט די דייטשען," האָט גע־זאָגט דר. הוירט, „דאָס לאַנד פֿון׳ם אינדיווידואַליזם, און דאָך די דאָזיגע הינטישע אונטערלעקעריי. איך קען גאָר ניט פֿערשטעהן, ווי אַזוי אַ מאַן קען דאָרט לעבען ווי געהעריג איז אונטער דעם דאָזיגען אונטערטהעניג געבויגענעם רוקען—"

„נו, ס׳זיינען טאַקי דאָ גענוג, וואָס וואַנדערן אויס. וויפֿיעל פֿון זיי קומען צו אונז קיין אַמעריקאַ—" האָט איהם דער יענקי איבערגעשלאָגען.

ווידער האָט זיך די טהיר געעפֿענט.

ס׳איז געווען טרופּ, וועלכער האָט ערנסט, ווי אימער, בעגריסט די אָנוועזענדע, צושאָקלענדיג דערביי מיט׳ן קאָפּ; אַ רוסישער ניהיליסט, וועמעס נאָמען קיינער האָט ניט געוואוסט, אָבער פֿון וועמעס פּראָפּאַגאַנדיסטישער טהעטיג־קייט זיינע גענאָסען האָבען פֿיעל געהערט; און ענדליך אַן אָנהייגנגער פֿון דער נויאָרקער „פֿרייהייט"־ריכטונג, וועמעס קומען איז פֿאַר אָבאַן׳ן כסדר געווען אַ בעזונדערע פֿרייד, ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער האָט זיך מכח אַ טהייל פֿראַגען נאָך ווייניגער געקענט צונויפֿגעהן מיט איהם איידער מיט טרופּ׳ן.

גלייך נאָך זיי איז געקומען דער לעצטער בעזוכער פֿון דעם היינטיגען נאָכמיטאָג, אַ הויכער מאַן, וועמעס בלאָנדע

האָר און בלויע אויגען האָבען גלייך אויסגעזאָגט, אַז דאָס איז אַ נאָרדלענדער. ס'איז געווען אַ שוועד, אַ מיטגליעד פון דער יונגער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פאַרטיי פון זיין לאַנד, וועלכער איז אָבער שטאַרק געגייגט געווען צום אַנאַרכיזם און האָט געהאַלטען אין איין טענה'ן, אַז צווישען דעם אַנאַרכיזם און זיין פאַרטיי איז נור פאַרהאַן איין איינציגער חילוק, און דאָס איז די טאַקטיק: וואָס די דאָזיגע זוכען צו דערגרייכען אויף'ן וועג פון רעפאָרמען, דאָס ווילען יענע אויספיהרען דורך געוואַלט; און אַזוי ווי דער ערשטער וועג האָט איהם מיט דער צייט אָנגעהויבען אויסווייזען צו לאַנג, איז ער געווען געגייגט אָנצונעהמען דעם צווייטען. ער איז געווען דאָס, וואָס מען פלעגט רופען אַ „געפיהלס-סאָציאַליסט".

מען האָט זיך אויסגעזעצט אין אַ האַלב-קרייז אַרום פייער. דער באַי פון'ם ביער-סאַלון איז געקומען און איז אַרומגעגאַנגען פון איינעם צום אַנדערן, אָננעהמענדיג יעדען איינעם'ס בעשטעלונג. אין דערזעלבער צייט וואָס אָבאַן האָט זיך אויף אַזאַ'ן אופן איינגעשפאָרט די מיה און די צייט אַלעס אַליין צוצוגרייטען און די אונבעקוועמליכקייט זיינע געסט וואָס עס איז אָנצובאָטען, האָט ער יעדען איינעם פון זיי געגעבען די פרייהייט זיך אויסצוקלייבען וואָס ער וויל. און זיינע געסט זיינען געווען זעהר צופריעדען דערפון.

די אונטערהאַלטונג איז באַלד געוואָרען לעבעדיג.

אָבאַן האָט אויסגעמיידעט די צערעמאָניעס פאָרצושטעלען זיינע געסט. אָבער ער האָט געהאַט אַ גוטען וועג אין פערלויף פון'ם געשפרעך זיי בעקאַנט צו מאַכען איינעם מיט'ן אַנדערן. אַזוי האָט אויך דעם דאָזיגען נאָכמיטאָג יעדער איינער פון זיינע אַכט געסט גלייך געוואוסט ווער דער אַנדערער איז, אויב ער איז איהם שוין פון פריהערדיגע געלעגענהייטען ניט בעקאַנט געווען. עס האָבען ניט גערעדט

אַלע אינאיינעם. דר. הוירט האָט גאָר אין גאַנצען געשוויי־גען, ער האָט זיך אָבער אויפמערקזאַם צוגעהערט. מען איז איןביידע זאַכען צוגעוואוינט געווען צו איהם. אויך דער רוס האָט זיך ניט אַריינגעמישט. קוקענדיג פערטראַכטער־הייט פאַר זיך האָט ער ניט דורכגעלאָזט קיין איינציגע זילבע פון דעם געשפרעך, זוכענדיג און געפינענדיג הינטער יעדעס וואָרט אַ טיעפערן און אייגענטהימליכערן זינן ווי ס'איז בעאַבזיכטיגט געוואָרען. ער איז צום פערטען מאָל געווען אויף אָבאַן'ס נאָכמיטאָגען; און ער איז פאַר פיער וואָכען דאָ געווען צום ערשטען מאָל.

די פריינדליכקייט פון'ם אַלטען אַמעריקאַנער און אָבאַן'ס רוהיגע פרייע נאַטור האָבען אָבער אויף אַלע געסט געמאַכט אַן אַנגענעהמען איינדרוק און זיי אויפגעמונטערט צום ריידען.

דאָס רוב פון זיי האָבען געררויכערט. אין אַ האַלבע שעה אַרום איז דאָס צימער פול געווען מיט רויך: די ווייסע פאַסען פון רויך האָבען זיך אויסגעלייגט ווי קרענץ אַרום אַט די קעפ, וועלכע זיינען פון דער נאַטור אויס געווען אַזוי פערשיעדען געבילדעט, אַרום די דאָזיגע מענליכע ערנסטע שטערנס און האָבען זיך דערנאָך איבער זיי אַרויפגעלאָזט צו דער סטעליע, וואו זיי זיינען זיך צופלויגען...

אַז עס איז אַ ווייילע שטיל געוואָרען און די גלעזער האָבען זיך פון דאָס ניי אָנגעפילט, האָט זיך אָבאַן, וועלכער איז געזעסען צווישען זיין פראַנצויזישען בעזוכער און דעם יונגען דייטש, וועמען דער אַמעריקאַנער האָט פאָרגעשטעלט פאַר אַ דיכטער, אָנגעבויגען און געזאָגט אויף פראַנצויזיש:

„טרופ און איך וואָלט אייך געוואָלט בעטען, מיינע הערען, איהר זאָלט אונז היינט נאָכמיטאָג געבען אַ שטונדע פאַר אַ דיסקוסיאָן איבער דער פראַגע: וואָס איז אַנאַרכיזם?

און ניט, ווי עס קומט אָפּט פֿאָר, פֿאַר אַ דיסקוסיאָן איבער אַ גאַנץ בעשטימטע און בעגרענעצטע פֿראַגע, נאָר פֿאַר אַ דיסקוסיאָן איבער די אַלגעמיינע גרונד-פֿראַגען פֿון'ם אַנאַרכיזם גופא. וואָרים מיר פֿיהלען ביידע, אַז ס'איז נייטיג זיך איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל דורכצוריידען וועגען דעם."

ער האָט זיך אָבגעשטעלט, ערוואַרטענדיג אַ צושטימונג. דאָס געשפּרעך האָט אויפֿגעהערט. מען האָט איהם צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און ער האָט ווייטער געזאָגט:

„ווי? — וועט דער איינער אָדער דער אַנדערער פֿון אייך פֿרעגען, ווי? — אַ דיסקוסיאָן איבער די גרונד־פּרינציפּען פֿון'ם אַנאַרכיזם? וואָס זשע, זיינען דען אָט די פּרינציפּען שוין פֿון לאַנג אָן ניט פֿעסטגעשטעלט געוואָרען און איז דען נאָך פֿאַרהאַן וואָס פֿאַר ס'איז צווייפֿעל וועגען זיי?—

ניין! — ענטפֿער איך דערויף. — ניט קוקענדיג דערויף וואָס עס זיינען שוין באַלד פֿערגאַנגען פֿופֿציג יאָהר זינט דאָס וואָרט „אַנאַרכיזם" איז בענוצט געוואָרען צו בעצייכענען דערמיט אַ געזעלשאַפֿטס־צושטאַנד, אין געגענזאַץ צו דער נאָך איצט שטאַרק פֿערשפּרייטער אויפֿפֿאַסונג, וועלכער פֿערשטעהט אונטער אַנאַרכיע קיין אַנדער זאַך ניט נאָר די אונאָרדנונג פֿון'ם כאַאָס; ניט קוקענדיג דערויף וואָס אין די דאָזיגע פֿופֿציג יאָהר איז דער אַנאַרכיזם אין אַלע ציוויליזירטע לענדער פֿון דער ערד געוואָרען אַ טהייל פֿון דער צייט־געשיכטע; ניט קוקענדיג דערויף וואָס ער האָט שוין געלייגט די ערשטע, אונצושטערבאַרע שטיינער פֿאַר זיין אייגענער געשיכטע; ניט קוקענדיג דערויף וואָס עס זיינען היינט דאָ טויזענדער מענשען, וועלכע רופֿען זיך „אַנאַרכיסטען" (עס זיינען פֿאַרהאַן דאָ אין אייראָפּאַ אַ צעהן ביז צוואַנציג טויזענד און אין ממעריקאַ פּונקט אַזוויפֿיעל), — ניט קוקענדיג דערויף, זאָג איך, איז בלויז פֿאַרהאַן אַ גאַנץ קליינע צאָהל

פֿון אינדיווידועז, וועלכע האָבען בעגריפֿען דעם עצם פֿון'ם אַנאַרכיזם אין זיין גאַנצער טיעפֿקייט.

איך וויל דאָ גלייך זאָגען, ווער אָט די ווייניגע זיינען נאָך מיין מיינונג נאָך. דאָס זיינען די דיינקער פֿון'ם אינ־דיווידואַליזם, וועלכע זיינען געווען קאָנזעקווענט גענוג אָנצו־ווענדען זיין פֿילאָזאָפֿיע אויף דער געזעלשאַפֿט. עס זיינען — אין דער אינטעליגענטסטער און בילדונגס-רייכסטער אַמערי-קאַנישער שטאָדט, אין באָסטאָן — עטליכע דרייסטע, בע־דייטענדע און פֿאָלשטענדיג אונאַבהייננגיג-דיינקענדע מענשען, דאָרט טאַקי, וואו דער אַנאַרכיזם האָט געפֿונען זיין ערשטען און ביז היינט צו טאָג זיין איינציגען אָרגאַן. עס זיינען ענדליך די גאַנץ פֿעראיינצעלטע שילער פֿון פרודהאָן, וועלכע זיינען צווייט און צושפרייט איבעראַל, און פֿאַר וועמען אָט דער ריעז איז ניט קיין טויטער מאַן, כאָטש דער סאָציאַליזם האָט זיך אויף אַ לעבערליכען אופֿן פֿערמאָסטען געגען איהם און מיינט, אַז ער האָט איהם בעגראָבען...”

„איך מיין, איהר קענט נאָך צוגעבען,” האָט זיך דר. הוירט אָבגערופֿען, „אַז צווישען די גרויסע מאָנאָפּאָליסטען פֿון'ם קאַפּיטאַל זיינען פֿאַרהאַן איינינע, וועמען ס'איז קלאָהר וואָס עס האַלט אויף זייערע גרויסע פֿערמעגענס און וואָס עס מאַכט מעגליך, אַז אָט די פֿערמעגענס זייערע זאָ־לען זיך האַלטען אין איין פֿערמעהרען, און וועלכע זעהען ווער זייער גרעסטער פֿיינד איז.”

„— מיר אַלזאָ, די אַרבייטער, וואָס ניט קוקענדיג אויף אַלע פֿערפֿאָלגונגען האָבען מיר הויך געהאַלטען דעם נאָמען, מיר זיינען, הייסט עס, ניט קיין אַנאַרכיסטען? — ווי?” האָט טרופּ מיט אַן אויפֿגערעגטער שטימע געפֿרעגט.

„ערשטענס איז די פֿראַגע פֿון'ם אַנאַרכיזם ניט די זאַך פֿון אַן איינצעלנער קלאַסע, אַלזאָ אויך ניט פֿון דער אַר־

בייטער-קלאַסע, נאָר זי איז די זאַך פֿון יעדען איינצעלנעם מענשען, וועמען ס'איז ליעב זיין פערזענליכע פֿרייהייט.
אַחוץ דעם אָבער," — אָבאַן איז אויפֿגעשטאַנען, האָט אַ טראָט געטהאָן אַ האַלבען שריט פֿאָראויס אין'ם קרייז און האָט אויסגעשטרעקט זיין מאָגערע געשטאַלט אין דער הויך, בעת ווען ער האָט מיט אַ לויטערער שטימע ווייטער גע־רעדט — „אַחוץ דעם אָבער, זאָג איך, אַז איהר — די, וועלכע דו האָסט נאָר וואָס אין זינען געהאַט, אָטטאָ, בשעת דו האָסט דערמאָנט די אַרבייטער — זייט יעדענפֿאַלס ניט קיין אַנאַרכיסטען. און כדי דאָס צו בעווייזען, גראָד דערפֿאַר האָב איך היינט געבעטען מיר אויסצוהערען פֿאַר אַ האַלבע שעה צייט."

„רייד דו אַפֿריהער," האָט זיך טרופּ אָבגערופֿען מיט אַ כלומר'שטער רוהיגקייט. „איך וועל דיר ענטפֿערן, ווען דו וועסט פֿאַרטיג ווערן."

אָבאַן האָט גערעדט ווייטער.

„איך קען זאָגען, אַז איך האָב שטענדיג געוואָלט נור איין זאַך: די פֿרייהייט. אַזוי בין איך געקומען צו די גרענעצען פֿון אַזעלכע פֿערשיעדענע אַנשויאונגען, און אַזוי בין איך אויך אַריינגעקומען אין די בעוועגונג פֿון'ם סאָציאַ־ליזם. דאַן האָב איך זיך פֿון אַלעמען צוריקגעצויגען, זיך אָבגעגעבען מיט גאַנץ נייע אונטערזוכונגען און איך פֿיהל איצט, אַז איך בין צוגעקומען צו די ענד־רעזולטאַטען פֿון אַלע פֿאָרשונגען: צו מיר גופא!

איך רייד שוין ניט מעהר גערן צו אַסך מענשען. די צייטען, ווען די ווערטער זיינען ביי מיר געגאַנגען אַזוי־לייכט און גלאַט, בעת ווען די געדאַנקען האָבען געפֿעהלט, זיינען פֿערביי, און איך זוך מעהר ניט אָט די פּריווילעגיע פֿון דער יוגענד, פֿון די פֿרויען און פֿון די קאָמוניסטען.

אָבער מיט יעדע שאַרפֿקייט און שטריינגקייט מוז ענדליך אָנגעפֿיהרט ווערן אַ קאַמפּף געגען יענע אונקלאָרע שטרע־בונגען צו פֿעראייניגען אין דער טהעאָריע אַזעלכע פּרינציפּען, וועלכע זיינען אין דער פּראַקטיק פֿערשיעדען איינס פֿון אַנדערן ווי טאָג און נאַכט.

ס׳מוז איינמאָל פֿאַר אַלע מאָל ענטשיעדען ווערן: דאָ אָדער דאָרט. פֿאַר דאָס איינע און דערמיט געגען דאָס אַנדערע. פֿאַר אָדער געגען די פֿרייהייט!

— בעסער עהרליכע פֿיינד, איידער אונעהרליכע פֿריינד!״

די ענטשלאָסענהייט פֿון די דאָזיגע ווערטער האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף אַלע אָנוועזענדע. פֿון דעם ערנסטען טאָן, מיט וועלכען אָבאַן האָט צו זיי גערעדט, האָט יעדער איינער געפֿיהלט, אַז עס האָט זיך היינט געוויסערמאַסען געהאַנדעלט אום אַן ענטשיידונג.

אַלע זיינען דערום געווען דאָפּעלט פֿעראינטערעסירט אין אָבאַן׳ס וו[e]ייטערדיגע ערקלעהרונגען, און אין פֿערלויף פֿון דער גאַנצער צייט וואָס ער האָט גערעדט, אַזוי גוט ווי ביי דער דיסקוסיאָן, וועלכע איז ענטשטאַנען צווישען איהם און טרופּ׳ן, איז יעדער איינער געבליבען אַן אויפֿמערקזאַמער צוהערער, וועלכער האָט נאָר ווען ניט ווען אַריינגעוואָרפֿען אַ פֿראַגע אָדער געמאַכט וואָס פֿאַר עס איז בעמערקונג.

קאַלטבליטיג, אָהן אַ שום ליידענשאַפֿט, זיינען אָבאַן׳ס ווערטער אַרויס פֿון זיינע ליפּען. ער האָט גערעדט מיט אַ גלייכמעסיגער שאַרפֿקייט, וועלכע האָט ניט דערלאָזט קיינע מיספֿערשטענדניסען, נאָר זיינע אַרגומענטען, די גרונדזעצע פֿון אַ פֿעסטער, אונבעזיעגבאַרער וועלט־אַנשויאונג, האָט ער אימער בעטאָנט שטאַרקער ווי די אַנדערע רייד זיינע.

טרופּ האָט גערעדט מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט פֿון

זיין האַרצען, וואָס האָט געדורשט נאָך גערעכטיגקייט. וואו זיין פערשטאַנד האָט זיך בעגעגענט מיט הינדערניסע, האָט ער זיך אויפגעהויבען איבער זיי אויף די פליגלען פון זיין געוואַלדיגער האָפנונג.

זיי האָבען היינט גערעדט פראַנצויזיש. ס'איז צווישען די פערזאַמעלטע ניט געווען קיין איינער, פאַר וועמען די דאָזיגע שפראַך זאָל זיין פאָלשטענדיג אונפערשטענדליך.

אָבאַן האָט אָנגעהויבען פון דאָס ניי און האָט אַזוי לאַנגזאַם אַרויסגערעדט יעדעס איינע פון זיינע גוט דורכ־געטראַכטע ווערטער, אַז עס האָט אויסגעזעהן אָקוראַט ווי ער וואָלט זיי פאָרגעלעזען אָדער ער וואָלט זיי אויסגעלערענט אויסענווייניג.

„איך זאָג,“ האָט ער אָנגעפאַנגען, „אַז אין דער סאָ־ציאַלער בעוועגונג פון אונזער צייט איז ענטשטאַנען אַ גרויסע שפּאַלטונג, וועלכע לאָזט זיך מערקען פון טאָג צו טאָג און ווערט וואָס ווייטער אַלץ גרעסער.

די נייע אידעע פון'ם אַנאַרכיזם האָט זיך אָבגעטהיילט פון דער אַלטער אידעע פון'ם סאָציאַליזם. אין צוויי גרויסע מחנות קלייבען זיך צונויף די בעקענער פון דער איינער און די אַנדערע פון דער אַנדערער.

ווי איך האָב שוין געזאָגט, מוז איינמאָל פאַר אַלע מאָל גענומען ווערען אַ שטעלונג דאָ אָדער דאָרט.

לאָמיר דאָס טהאָן היינט. לאָמיר זעהן, וואָס דער סאָ־ציאַליזם וויל, און לאָמיר זעהן, וואָס וויל דער אַנאַרכיזם. וואָס וויל דער סאָציאַליזם?

איך האָב אויסגעפונען, אַז עס איז זעהר שווער צו געבען אַ צופריעדענשטעלענדען ענטפער אויף דער דאָזיגער פראַגע. זייט צעהן יאָהר קוק איך זיך צו צו זיין בעוועגונג אין יעדער פון איהרע פאַזען און אין צוויי לענדער האָב

איך זיך מיט איהר אויס פערזענליכער ערפאַהרונג בעקענט.
אינאיינעם מיט דער געשיכטע פון אונזער יאָהרהונדערט האָב איך געשטודירט און נאָכגעפאָלגט דאָס ענטשטעהן און וואַקסען פון'ם סאָציאַליזם — אָבער נאָך ביז היינט איז עס מיר ניט געלונגען, זיך צו מאַכען אַ קלאָהרען בילד איבער זיינע ציעלען. אַניט וואָלט איך נאָך אפשר היינט געווען איינער פון זיינע אָנהייננער.

וואו איך האָב זיך נאָר נאָכגעפרעגט אויף זיינע לעצטע ציעלען, האָט מען מיר געגעבען צוויי ענטפערס.

דער איינער האָט געלויטעט: „ס'וואָלט געווען לעכערליך, שוין איצט צו געבען אַ בילד פון אַ צוקונפט, וועלכע מיר וועלען ערשט צוגרייטען. לאָמיר עס איבערלאָזען פאַר אונזערע קינדער און קינדס-קינדער."

דער אַנדער ענטפער איז ניט געווען אַזוי פאָרזיכטיג. ער האָט פערוואַנדעלט די מענשען אין מלאכים, האָט מיר פלינק פאָרגעשטעלט אַ גן עדן פון גליק, פריעדען און פרייהייט און אַ נאָמען געגעבען דעם דאָזיגען הימעל אויף דער ערד די „צוקינפטיגע געזעלשאַפט".

דעם ערשטען ענטפער האָב איך געקראָגען פון די קאָלעקטיוויסטען, די סאָציאַל-דעמאָקראַטען, די שטאַאַטס-קאָמוניסטען; דעם צווייטען פון „פרייע קאָמוניסטען", וועלכע רופען זיך אַנאַרכיסטען, און פון יענע עכט-קריסטליכע טרוימער, וועלכע געהערען ניט צו קיין שום סאָציאַלער פאַרטיי פון דער געגענוואַרט, אָבער וועמעס צאָהל עס איז אַסך גרעסער ווי מען גלויבט. דאָס רוב רעליגיאָנס-פאַנאַטיקער און פילאַנטראָפען, למשל, געהערען צו זיי.

אין אָט דער קורצער ערקלעהרונג, וועלכע האַלט זיך שטריינג אין די גרענעצען פון דער ווירקליכקייט און רעכענט זיך נאַטירליך מיט די מענשען, ווי זיי זיינען, ווי זיי-

זיינען תמיד געווען און וועלען תמיד זיין, מוז איך אין גאַנצען אַרויסלאָזען פֿון אויג די, וועלכע איך האָב צולעצט דערמאָנט. ווארים די איינע, די פֿרייע אָדער רעוואָלוציאָנערע קאָמוניסטען הייסט עס, וואָלטען אין דער סאָציאַלער בעוועגונג קיינמאָל ניט געשפּילט אַזאַ ראָלע, ניט קוקענדיג דערויף וואָס אין יעדען צעהנדליג יאָהרען פֿון׳ם נייַנצעהנטען יאָהרהונדערט האָבען מיר זיי געזעהן פֿון דאָס ניי ענטשטעהן, זיך בילדען און פֿערשווינדען: פֿון באַבעף און קאַבעט אָן, איבער דעם שניידער וויטלינג און די דייטש-שווייצערישע קאָמוניסטען-בעוועגונג פֿון די פֿערציגער יאָהרען אַרוים ביז באַקונין׳ן. אויב זיי האָבען צוגעצויגען אַזוי פֿיעל אויפֿמערקזאַמקייט צו זיך, איז דאָך דאָס נאָר אַ דאַנק דער טאַקטיק זייערער, וועמעס צופֿעליגע אויסאיבונג האָט געפֿיהרט דערצו, אַז זייער פֿאַלש-אָנגענומענער נאָמען — „אַנאַרכיסטען” — זאָל קלינגען פונקט ווי רויבער און מערדער ביי די אונזעלבסטשטענדיג-דיינקענדע (און דאָס זיינען נאָך היינט צו טאָג ניין צעהנטעל פֿון אַלע מענשען). און די אַנדערע, די פֿילאַנטראָפּישע אוטאָפּיסטען — נו, אַזעלכע זיינען אימער געווען און וועלען אודאי זיין, אַזוי לאַנג ווי די רעגירונגען וועלען מיט געוואַלט שאַפֿען עלענד און נויטה.

אַוועקקוקענדיג אַלזאָ פֿון אַלע ריין אידעאַלע סאָציאַליסטען און זייער אוטאָפּישע ווינשע און זיך האַלטענדיג בלויז ביי די שטרעבונגען פֿון די, וועלכע איך האָב צוערשט דערמאָנט, אָן די קאָלעקטיוויסטען, סאָציאַל-דעמאָקראַטען און שטאַאטס-קאָמוניסטען הייסט עס, ענטפֿער איך אין זייער זינן און מיט זייערע ווערטער אויף דער פֿראַגע: וואָס וויל דער סאָציאַליזם? — אָט אַזוי:

דער סאָציאַליזם וויל די פֿערגעזעלשאַפֿטליכונג פֿון אַלע פּראָדוקציאָנס-מיטלען און די געזעלשאַפֿטליכע, פּלאַנמעסיגע

רעגולירונג פֿון דער פּראָדוקציאָן אין דער אינטערעסע פֿון׳ם כלל.

אָט די פֿערגעזעלשאַפֿטליכונג און רעגולירונג דאַרף דורכגעפֿיהרט ווערן לויט דעם ווילען פֿון דער אַבסאָלוטער מעהרהייט, דורך דער פּערזאָן פֿון די פֿערטרעטער, וועלכע ווערן פֿון איהר ערוועהלט און בעשטימט.

אַזוי לויטעט די ערשטע און וויכטיגסטע פֿאָדערונג פֿון די סאָציאַליסטען אין אַלע לענדער, אַזוי וויים ווי זיי שטעהען אויף׳ן באָדען פֿון דער ווירקליכקייט און אַזוי וויים ווי זיי רעכענען זיך מיט די פֿערהעלטניסען איהרע.

ס׳איז מיר נאַטירליך אונמעגליך דאָ זיך אַריינצולאָזען אין ווייטע דרכים, ערשטענס, וועגען דעם צי ס׳איז מעגליך דורכצופֿיהרען די דאָזיגע פּרינציפּען, וואָס קען על כל פּנים נור געמאָלט זיין דורך אַ שרעקליכען טעראָריזם און ברוּ־טאַלסטער פֿערגוואַלטיגונג פֿון׳ם אינדיווידואום, אין וואָס איך גלויב אָבער ניט; און אַחוץ דעם מכח די פֿאָלגען, וואָס אַן אונבעשרייקטע דיקטאַטור פֿון דער מעהרהייט — אפילו אַ צייטווייליגע — וואָלט געהאַט פֿאַר די ענטוויקלונג פֿון דער ציוויליזאַציאָן...

און צו וואָס איז דאָס גאָר נויטיג? איך דאַרף דאָך נור אָנווייזען אויף די היינטיגע פֿערהעלטניסען, אונטער וועלכע מיר ליידען אַלע: פֿון איין זייט אויף די פּריווילעגיען פֿון׳ם קאַפּיטאַל, וועלכע ווערן מיט געוואַלט געשאַפֿען און פֿער־טהיידיגט דורך׳ן שטאַאַט, און פֿון דער אַנדער זייט אויף דעם אומזיסטען ביטערן קאַמפּף פֿון דער אַרבייט, וועלכע איז אָבהייניג פֿון דעם דאָזיגען קאַפּיטאַל; איך דאַרף דאָך נור אָנווייזען אויף אָט די פֿערהעלטניסען, וועלכע זיינען אַזוי פֿערהאַסט פֿון אונז אַלעמען, אום דער זעלבסטשטענדיג דיינקענדער מענש זאָל האָבען אַ בעגריף דערפֿון, ווי אַבסאָלוט

נול און אָהן אַ שום ווערטה עס מוז ווערן די עקאָנאָמישע און דערמיט אויך יעדע פערזענליכע פרייהייט, ווען אָט די בעזונדערע מאָנאָפּאָלען װעלען זיך פערקערפערן אין דעם איינעם, אַרומנעהמענדען, אַבסאָלוטען מאָנאָפּאָל פון דער געמיינשאַפט, װעלכע רופט זיך היינט שטאַאַט און מאָרגען געזעלשאַפט.

איך זאָג נור אַזױפיעל:

וואָס היינט איז אַ געװאַלטזאַמע אויסבייטונג פון דער מעהרהייט דורך דער מינדערהייט, וואָלט מאָרגען געוועזען פונקט אַזאַ געװאַלטזאַמע און אין קיין פּרט ניט קיין גערעכטפערטיגטערע אויסבייטונג פון דער מינדערהייט דורך דער מעהרהייט.

היינט: אונטערדריקונג פון די שוואַכע דורך די שטאַרקע.

מאָרגען: אונטערדריקונג פון די שטאַרקע דורך די שוואַכע.

אין ביידע פעלען: פּריװילעגירטע געװאַלט, װעלכע טהוט וואָס זי וויל.

ס'קען אַלזאָ בלויז זיין אַן איבערבייט אין דער הערשאַפט, דאָס וואָלט דער סאָציאַליזם אין בעסטען פאַל געוועזען אימשטאַנד צו ערר‌ייכען.

דאָ שטעל איך מיין צווייטע פראַגע:

— וואָס וויל דער אַנאַרכיזם?

און זיך שטיצענדיג אויף דעם, וואָס איך האָב אויבען ערקלעהרט, גיב איך דעם ענטפער:

דער אַנאַרכיזם וויל די אָבוועזענהייט פון יעטוועדע הערשאַפט, װעלכע — זאָגאַר ווען זי שאַפט אָב די „קלאַסען-הערשאַפט" — צושיידט מיט געװאַלט די מענשען אין די ביידע גרויסע קלאַסען פון עקספּלואַטאַטאָרם און עקספּלואַטירטע.

יעדע הערשאַפט גרינדעט זיך אויף געוואַלט. און דאָרט וואו ס'איז דאָ געוואַלט, איז פאַרהאַן אונגערעכטינקייט.

גערעכט איז בלויז די פרייהייט: די אָבוועזענהייט פון יעטוועדער געוואַלט און פון יעטוועדען צוואַנג. איהר באַזיס ווערט געבילדעט דורך די גלייכהייט פון די בעדינגונגען פאַר אַלע מענשען.

אויף אָט דער גרונדלאַגע פון גלייכע לעבענס־בעדינגונגען צו האָבען דאָס פרייע, אונאַבהייניגע אינדיווידואום, וועמעס איינציגע פאָדערונג פון דער געזעלשאַפט בעשטעהט אין דער רעספעקטירונג פון זיין פרייהייט, און וועמעס איינציגעם זעלבסט־געגעבענעם געזעץ איז די רעספעקטירונג פון'ם אַנדערן'ס פרייהייט — דאָס איז דאָס אידעאַל פון דער אַנאַרכיע.

ערוואַכט דאָס דאָזיגע אינדיווידאום צום לעבען, דאַן האָט געשלאָגען די טויטעס־שטונדע פון'ם שטאַאַט: אויף'ן פלאַץ פון דער רעגירונג קומט די געזעלשאַפט, אויף'ן פלאַץ פון'ם שטאַאַט קומען די פרייע פעראייניגונגען צו בעשטימטע צוועקען, אויף'ן פלאַץ פון די צוואַנגס־געזעצען די פרייע קאָנטראַקטען.

די פרייע קאָנקורענץ, דער קאַמפף „פון אַלעמען געגען אַלעמען" הויבט זיך אָן. די קינסטליך געשאַפענע בעגריפען מכח דער שטאַרקייט און שוואַכקייט מוזען פערשווינדען, אַזוי גיך ווי דער וועג ווערט פריי, אַזוי גיך ווי דער עכטער עגאָאיזם דרינגט דורך אַלעמען און עס ווערט אַן אָנגענומענע זאַך, אַז דאָס וואוילזיין פון'ם איינעם איז דאָס וואוילזיין פון'ם אַנדערן און אומגעקעהרט.

אַזוי גיך ווי די פריווילעגיען, וועלכע די שטאַאַטליכע געוואַלט האָט אויפגעהאַלטען, האָבען מיט איהר אינאיינעם פערלאָרען זייער מאַכט, דאַן עפענט זיך פאַר דעם איינ־

צעלנעם די מעגליכקייט צו בעקומען דעם פֿולען פֿערדיענסט פֿון זיין אַרבייט, און דערמיט ווערט דערפֿילט די ערשטע פֿאָדערונג פֿון'ם אַנאַרכיזם, יענע פֿאָדערונג, מכח וועלכער ער געהט זיך צונויף מיט'ן סאָציאַליזם.

ווען איך וועל זיין אימשטאַנד זיך צו זיכערן דעם פֿולען איינקונפֿט פֿון מיין אַרבייט?" האָט זיך אָבאַן אַליין איבער־געשלאָגען די רייד, בעמערקענדיג אַ פֿרעגענדען בליק, וואָס דער פֿראַנצויז האָט איהם צוגעוואָרפֿען, און ער האָט גלייך געענטפֿערט:

„ווען איך וועל קענען מיין אַרבייטס־פּראָדוקט אויס־טוישען צו זיין פֿולען ווערטה און מיט דעם אויס־געטוישטען זיך קויפֿען עפּעס, וואָס זאָל האָבען דעם גלייכען ווערטה, אָנשטאָט דעם וואָס איך בין היינט געצוואונגען צו פֿערקויפֿען מיין אַרבייט אונטער'ן ווערטה, דאָס הייסט דורך געוואַלט צולאָזען מען זאָל ביי מיר אַוועק'גנב'ענען אַ טהייל דערפֿון."

נאָך אָט דעם צווישען־זאַץ האָט אָבאַן ווידער אויפֿ־גענומען דעם פֿאָדים פֿון זיין רעדע.

„וואָרים מיט דעם פֿערשווינדען פֿון דער געוואַלט איז דאָס קאַפּיטאַל, ניט זייענדיג מעהר פֿעהיג אַרויסצופּרעסען ביי דער אַרבייט דעם ביז אַהעריגען צינז, געצוואונגען אָנ־טהייל צו נעהמען אין'ם קאַמפּף, דאָס הייסט זיך אויסצו־לייהען, פֿערשטעהט זיך פֿאַר אַ געוויסע פֿערגינסטיגונג, וועלכע די קאָנקורענץ פֿון די באַנק־הייזער צווישען זיך וועט אַרונ־טערדריקען ביז אויף דער קלענסטער מאָס, פּונקט ווי זי וועט אויך מוזען מאַכען אונמעגליך, אַז עס זאָלען זיך אָנ־קלייבען נייע קאַפּיטאַלען אין די הענד פֿון איינצעלנע פּערזאָנען.

די פּרוכטבאַרקייט פֿון'ם קאַפּיטאַל איז דער טויט פֿון

דער אַרבייט: דער וואַמפּיר, וועלכער זויגט זי אויס. אַזוי גיך ווי די דאָזיגע פֿרוכטבאַרקייט ווערט אונמעגליך, איז די אַרבייט פֿריי.

דאַן ערשט, ווען די הילפֿס-מיטלען פֿון דער נאַטור וועלען מעהר ניט פֿערהאַלטען ווערן דורך די געוואַלט פֿון אַ לעבערליכער, אוננאַטירליכער רעגירונג, וועלכע מאַכט כלומר'שט דעם איינדרוק, אַז זי זאָרגט פֿאַר דעם וואוילזיין פֿון'ם כלל, און אין דער אמת'ן שאַפֿט זי נור דעם פֿערריק-טעסטען לוקסוס פֿאַר אַ פֿערשווינדענדע מינדערהייט, אי-בערלאָזענדיג אַ גאַנצע בעפֿעלקערונג אין עלענד און נויטה, — דאַן ערשט וועלען מיר זעהען, ווי רייך זי איז, די מוטער אונזערע. דאַן וועט באמת דער וואוילשטאַנד פֿון'ם איינצעל-נעם זיין גלייך מיט דעם וואוילשטאַנד פֿון דער אַלגע-מיינהייט, אָבער אָנשטאָט זיך צו אָפּפֿערן פֿאַר איהר, וועט ער, דער איינצעלנער, זי האָבען געמאַכט אונטערטהעניג אונטער זיך.

וואָרים דאָס און ניט קיין אַנדער זאַך וויל דער אַנאַר-כיזם: די אָבשאַפֿונג פֿון אַלע אַרטיפֿיציעלע הינדערניסען, וואָס די פֿערגאַנגענע יאָהרהונדערטע האָבען אַוועקגעלייגט צווישען דעם מענשען און זיין פֿרייהייט, צווישען איהם און דעם פֿערקעהר מיט זיינע מיט-מענשען אימער און איבעראַל אין די פֿאָרמען פֿון'ם קאָמוניזם, און אימער און איבעראַל זיך שטיצענדיג אויף יענעם אונגעהייער'ן ליגען, וואָס די איינע האָבען אויסגעטראַכט אין ביטרער און דאָך נאַרישער זעלבסט-פֿערבלענדונג און וואָס די אַנדערע האָבען געגלויבט אין פּונקט אַזאַ נאַרישער זעלבסט-ערנידעריגונג, — זיך שטיצענדיג אויף יענעם ליגען, אַז דער איינצעלנער לעבט ניט פֿאַר זיך, נאָר פֿאַר'ן כלל!...

זיך פֿערטרויענדיג אויף דער מאַכט פֿון דער פֿערנונפֿט,

וועלכע האָט שוין אָנגעהויבען אַוועקמאַכען מיט דעם מיש־מאַש פון אידעען, קוק איך רוהיג אַריין אין דער צוקונפט. ווי ווייט די פרייהייט זאָל ניט זיין, אָבער זי וועט קומען. זי איז די נויטווענדיגקייט, צו וועלכער די מענשהייט אין דעם איינצעלנעם האָט אימער געשטרעבט און וועט אימער שטרעבען.

וואָרים די פרייהייט איז ניט קיין צושטאַנד פון רוה, נאָר זי איז אַ צושטאַנד פון וואַכזאַמקייט, אַזוי ווי דאָס לעבען איז אויך ניט קיין שלאָף, נאָר אַן אויף־זיין, פון וועלכען דער טויט ערשט בעפרייט אונז.

איהר לעצטע פאָדערונג אָבער שטעלט די פרייהייט אונטער'ן נאָמען פון'ם אַנאַרכיזם, מיט דעם וואָס זי פערלאַנגט די זעלבסט־הערליכקייט פון'ם אינדיווידאום. אונטער דעם דאָזיגען נאָמען וועט זי קעמפפען איהר לעצטען קאַמפף אין יעדען איינצעלנעם, וועלכער עמפערט זיך געגען די פערגוואַלטיגונג פון זיין פערזאָן דורך דער סאָציאַליסטיש געוואָרענער וועלט, וואָס בילדעט זיך אין אונזער צייט. קיין איינציגער וועט זיך ניט קענען אויסדרעהען פון דעם דאָזיגען קאַמפף; יעדער איינער מוז נעהמען אַ שטעלונג פאַר אָדער געגען...

וואָרים די פראַגע פון דער פרייהייט איז אַן עקאָנאָמישע פראַגע!" —

דער איבערלעגענדער, אַבוועגענדער טאָן האָט זיך צולעצט פערלאָרען אין אָבאַן'ס ווערטער. די לעצטע זעצע האָט ער גערעדט שנעל, לעבעדיג, מיט היץ. צווישען זיינע צוהערער איז דער איינדרוק געוועזן אַ זעהר פערשיעדענער. קיינער האָט ניט געענטפערט גלייך אויף'ן שטעל.

אין אַ ווייל׳ע אַרום האָט אָבאַן ווייטער געזאָגט:

„אין די לעצטע צוויי יאָהר האָב איך אָבגעמאַכט מיין

מיינונג וועגען דיזער פראַגע און איך האָב אייך געזאָגט, וואו איך האַלט אין דער וועלט. צי איך האָב זיך געמאַכט פערשטענדליך און צי איהר האָט מיך פערשטאַנען — דאָס וויים איך ניט. אָבער איך וויים, אַז מיין פלאַץ איז אויסער אַלע צייט-שטרעמונגען. ווען איך זוך און ווען איך וועל געפינען, דאָס איז דער איינצעלנער: דו — און דו — און דו —, איהר, וואָס איהר זייט איינציגווייז געקומען צו דער גלייכער איבערצייגונג. מיר וועלען זיך געפינען, און אַז מיר וועלען זיין שטאַרק גענוג, דאַן וועט פאַר אונז אויך שלאָגען די שטונדע פון האַנדלען. — אָבער גענוג."

ער איז אַנשווייגען געוואָרען, און אָבטרעטענדיג אַ פּאָר טריט צוריק, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף זיין אַלטען פלאַץ.—

עס זיינען אַריבער עטליכע מינוטען, אין פערלויף פון וועלכע די פערזאַמעלטע האָבען שטילערהייט אויסגעטוישט פערשידענע בעמערקונגען, איידער טרופ האָט אָנגעפאַנגען זיין ענטפער. אין דער צייט, וואָס אָבאַן האָט גערעדט, איז ער געזעסען אָנגעבויגען, דעם קאָפּ אין דער האַנד און דעם אָרם אָנגעשפאַרט אויף'ן קניע, און ניט פערלירענדיג קיין איין וואָרט פון זיין פריינד'ס רעדע.

ער האָט גערעדט קורץ און איבערצייגט, נאָכדעם ווי ער האָט נאָך אַמאָל געוואָרפען אַ שאַרפען בליק אויף די אָנוועזענדע.

„ס'איז דאָ נאָר וואָס גערעדט געוואָרען מכח צוויי פער־שיעדענע אַנאַרכ—יזמען, פון וועלכע דער איינער דאַרף גאָר קיין אַנאַרכיזם ניט זיין. איך קען בלויז איינעם, דאָס איז דער קאָמוניסטישער אַנאַרכיזם, וועלכער האָט זיך צווישען די אַרבייטער ענטוויקעלט, איז געוואָרען אַ פּאַרטיי, און וועלכער איז אַליין בעקאַנט אין די „ברייטערע קרייזען", ווי

מען פלעגט זאָגען. ער איז אַזוי אַלט, יאָ, עלטער איידער אונזער יאָהרהונדערט, באַבעף האָט איהם שוין געפריידיגט. אויב עטליכע קלייבירגערליכע ליבעראַליסטען האָבען אויס־געפונען אַ נייעם אַנאַרכיזם, דאָס איז מיר גאַנץ גלייכגילטיג און עס אינטערעסירט מיך אַזוי ווייניג, ווי אַלע אַנדערע אַרבייטער. וואָס איז שייך צו פּרודהאָן׳ן, וועלכען דער גענאָסע אָבאַן האַלט אין איין דערמאָנען, איז ער שוין פון לאַנג אָן איבעראַל אויסגעשפּיעלט און פערגעסען, זאָגאַר אין פראַנקרייך, און אויף זיין אָרט איז איבעראַל אָנגענומען געוואָרען דער רעוואָלוציאָנערער, קאָמוניסטישער אַנאַרכיזם פון׳ם פּראָלעטאַריאַט.

אויב די גענאָסען ווילען וויסען, וואָס עס וויל אָט דער אַנאַרכיזם, וועלכער טרעט אַרויס געגען די שטאַאַטס־קאָמוּ ניסטען, וועל איך עס זיי גערן זאָגען אין קורצע ווערטער.

קודם כל זעהען מיר אין דעם איינצעלנעם ניט קיין וועזען, וואָס איז אָבגעריסען און אָבגעטהיילט פון דער גע־זעלשאַפט, נאָר מיר בעטראַכטען איהם אַלס פּראָדוקט טאַקי פון דער דאָזיגער געזעלשאַפט, פון וועלכער ער האָט אַלצ־דינג, וואָס ער איז און קען. ער קען אַלזאָ נאָר צוריקגעבען, ס׳מעג זיין אין אַן אַנדער פאָרם, דאָס וואָס ער האָט פריהער פון איהר געקראָגען.

מחמת דעם אויך קען ער ניט זאָגען: אָט דאָס און דאָס געהערט צו מיר אַליין. ס׳איז אונמעגליך עס זאָל זיין אַ פריוואַט־אייגענטהום, נאָר אַלצדינג, וואָס איז פּראָדוצירט און וואָס ווערט פּראָדוצירט, איז געזעלשאַפטליכעס אייגענ־טהום, אויף וואָס דער איינער האָט פונקט אַזוי פיעל רעכט ווי דער אַנדערער, ווייל דער אָנטהייל, וואָס דער איינצעל־נער האָט אין דעם שאַפען פון די רייכטהומער, קען אויף קיין שום אופן ניט בעשטימט ווערן ווי געהעריג איז, מחמת

דעם פּראָקלאַמירען מיר די פרייהייט צו געניסען, דאָס הייסט דאָס רעכט פון יעדען איינעם, פריי און אונגעשטערט צו בעפרידיגען זיינע בעדירפניסען.

דערפאַר זיינען מיר קאָמוניסטען.

פון דער אַנדער זייט זיינען מיר אָבער אויך אַנאַרכיסטען, מחמת מיר ווילען אַ געזעלשאַפטס-פאָרם, אין וועלכער יעדעס מיטגליעד זאָל קענען פאָלשטענדיג ענטוויקלען און בעפרידיגען זיין אייגענעם „איך", דאָס הייסט זיינע אינדיווידועלע טאַלאַנטען און פעהיגקייטען, ווינשע און בעדירפניסען. דערום זאָגען מיר: אַוועק מיט אַלערליי רעגירעריי! אַוועק מיט איהר זאַגאַר אין דער פאָרם פון אַ פערוואַלטונג. וואָרים פון אַ פערוואַלטונג ווערט אימער אַ רעגירונג. מיר פערוואַרפען אין דערזעלבער צייט אויך דעם גאַנצען שטימקאַסטען-צויבער און מיר ערקלעהרען די פיהרער, וועלכע פערמעסטען זיך צו שטעהן אָן דער שפיצע פון די אַרבייטער, פאַר שווינדלער.

אַלס קאָמוניסטען זאָגען מיר:

יעדען איינעם לויט זיינע בעדירפניסען!

און אַלס אַנאַרכיסטען:

יעדער לויט זיינע פעהיגקייטען!

ווען אָבאַן זאָגט, אַז אַזאַ מין אידעאַל איז ניט מעגליך, ענטפער איך איהם, אַז ער קען נאָך אַלץ ניט די אַרבייטער, כאָטש ער האָט זיי שוין געקענט קענען, ווייל ער האָט לאַנג גענוג פערקעהרט מיט זיי. די אַרבייטער זיינען ניט אַזעלכע שמוציגע עגאָאיסטען ווי די בורזשואַס — אַז זיי וועלען זיך האָבען אַמאָל אָבגערעכענט מיט זיי, מיט די בורזשואַס הייסט עס, אַז די לעצטע רעוואָלוציאָן וועט זיין געמאַכט, וועלען זיי שוין וויסען, ווי אַזוי זיך איינצואָרדנען.

איך גלויב, אַז נאָך דער עקספּראָפּריאַציאָן פון די

אויסבייטער און נאָך'ן אַוועקנעהמען די באַנק וועלען זיי אַלעס אַלעמען צושטעלען. די ליידיגע פּאַלאַצען וועלען גיך געגוג געפינען בעוואוינער און פולע שפייכלערס וועלען באַלד געפינען אָבנעהמער. ס'לוינט זיך ווירקליך ניט צו ברעכען דעם קאָפּ וועגען דעם!

דאַן, ווען יעדער וועט האָבען געגוג נאַהרונג, קליידונג און וואוינונג, ווען די הונגעריגע וועלען זיין געשפּייזט און די נאַקעטע בעקליידעט — וואָרים ס'איז דערווייל דאָ גענוג פאַר אַלעמען —, דאַן וועלען זיי זיך גרופּירען; געטריבען פון דעם וואונש צו זיין טהעטיג, וועלען זיי פּראָדוצירען געמיינשאַפטליך און קאָנסומירען לויט זייערע בעדירפניסען.

דער איינצעלנער וועט העכסטענס צוריקקריגען פון דער געזעלשאַפט מעהר, אָבער קיינמאָל ניט ווייניגער, איידער ער האָט איהר געגעבען. וואָרים וואָס זאָל דער שטאַרקערער, וועלכער פּראָדוצירט מעהר איידער ער קען קאָנסומירען, טהאָן מיט דעם איבערפלוס פון זיין אַרבייט, אויב ניט עס איבערלאָזען פאַר דעם שוואַכערן?

און דאָס איז ניט קיין פרייהייט? — דאָ ווערט ניט געפרעגט וויפיעל אָדער ווי ווייניג יעדער איינער פּראָדוצירט און יעדער איינער קאָנסומירט, ניין, יעדער איינער וועט זיין געשאַפענע אַרבייט אַריינגעבען אין די גרויסע סקלאַדען און וועט זיך דערפאַר נעהמען דאָרט וואָס ער דאַרף האָבען צום לעבען. לויט דעם פּרינציפּ פון ברידערליכקייט —"

דאָ איז טרופ איבערגעשלאָגען געוואָרען דורך אַן אָב־הילכענדען געלעכטער פון דר. הוירט. ס'איז געוואָרען אַן אַלגעמיינע בעוועגונג. דאָס רוב פון די פערזאַמעלטע האָבען ניט געוואוסט וואָס צו דיינקען דעריבער. אָבאַן איז געווען אונצופריעדען.

„איך געפין, אַז עס איז ניט צום לאַכען, נאָר צום

זויינען, דאָקטאָר, ווען מענשען יאָגען זיך מיט אָפּענע אויגען
אין זייער אונגליק," האָט ער זיך אָבגערופען.

טרופּ איז אויפגעשטאַנען. זיין גאַנצע געשטאַלט איז
געווען געשפּאַנט ביז אויף דעם לעצטען מוסקעל. ער איז
ניט געווען בעליידיגט, מחמת ער האָט געפיהלט, אַז דאָס
האָט מען אָנגעגריפען ניט איהם, נאָר זיין אידעע.

„מיט לייט ווי איהר וועט מען על כל פנים מאַכען
קורץ און שאַרף!" — — האָט ער געזאָגט.

אָבער דר. הוירט, וועלכער איז פּלוצלינג אויך געוואָרען
ערנסט, האָט גאָר אין גאַנצען איגנאָרירט אָט די ווערטער.

„וואו לעבט איהר?" האָט ער מיט אימפּעט אַ פרעג
געטהאָן, „אויף דער ערד אָדער אויף דער לבנה? וואָסערע
מענשען זעהט איהר פאַר זיך? — אָט אַפנים איהר ווילט
שוין גאָר קיינמאָל ניט קלוג ווערן?—"

און זיך אָבקעהרענדיג אָן אַ זייט, האָט ער פון דאָס
ניי אַרויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער:

„מען מוז אַזוי וואָס הערען, אום עס צו גלויבען! צוויי
טויזענד יאָהר נאָך קריסטוס'ן, נאָך צוויי טויזענד יאָהר פון
דער טרויעריגסטער ערפאַהרונג אין דער דורכפיהרונג פון
אַ לעהרע, וועלכע האָט געבראַכט אַזויפיעל עלענד און נויט,
נאָך אַלץ דערזעלבער אונזינן און דערזעלבער אונפערענ־
דערטער פאָרם!" האָט ער אויסגעשריען.

מיט איין קלאַפּ האָט זיך די גאַנצע שטימונג געענ־
דערט. אויף'ן פּלאַץ פון רוהיגע צוהערער, וועלכע האָבען
זיך ערהוילט פון זייער ערשטוינונג איבער דער דאָזיגער
אונטערברעכונג, זיינען איצט געווען צוקאָכטע אָנטהייל־
נעהמער, וועלכע האָבען געהאַט וואָס עס איז צו זאָגען פאַר
אָדער געגען.

טרופ האָט אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען.

ס'איז געוועזן דייטליך, אַז זיינע ווערטער האָבען גע־האַט אַ ווירקונג אויף דאָס רוב פון די אָנוועזענדע. אָבאַן האָט עס מיט אַן אונהיימליכען ערשטוינען געזעהן: דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, איז פאַר זיי געווען פרעמדע און קאַלטע פערנונפט. זיי האָבען געוואָלט אַ פאָלקאָמענהייט פון גליק — טרופ האָט זי זיי אָנגעבאָטען.

צי זי איז מעגליך? — אָט די פראַגע איז קיינעם ניט אַרויף אויף'ן זינען.

ס'איז דאָך אַן אונגליק מיט דער האָפנונג, האָבען זיך אָבאַן און הוירט געטראַכט, — און די געדאַנקען זייערע האָבען זיך שווייגענדיג בעגריסט מיט אַ בליק, — זי פעראַכטעט די פערנונפט, וועלכע נעהמט אַוועק איין שטיין נאָך'ן אַנדערן פון דעם ריעזיגען בנין פון דער איינבילדונג, אמת טאַקי מיט גרויס מיה און לאַנגזאַם, נאָר דערפאַר אָבער מיט אונפעהלבאַרער זיכערקייט...

דער יונגער דייטש איז מיט גלענצענדע אויגען גע־האַנגען אָן טרופ'ס ליפען. זייענדיג נאָך גאָר פרעמד דער בעוועגונג, האָט איהם די שילדערונג פון'ם אידעאַל, וועלכע ער האָט דאָ געהערט, אָנגעפילט מיט בעגייסטערונג. אָה געוויס, דאָ איז געווען אַלעס גוטע, איידעלע, וואַהרע!... ער האָט אַלזאָ אויסגעשטרעקט טרופ'ן זיין האַנד און גע־זאָגט: „לאָזט מיך זיין אייער גענאָסע!“ —

אונבעוועגליך איז געזעסען דער רוס. קיין שום מיענע פון זיין פינסטערן, יונגען און דאָך מעגליכען געזיכט האָט זיך ניט געביטען. דער אַרבייטער, וועלכער איז מיט איהם מיטגעקומען האָט רוהיג געוואַרט אויף דער געלעגענהייט צו ריידען.

דער אַלטער אַמעריקאַנער האָט זיך געווענדעט צו

דר. הוירט. ער האָט געציטערט פֿון אינערליכער בעוועגונג.

„גלויבט מיר, ליעבער העקר, דער סאָציאַליזם איז אַ זאַך, וואָס האָט צו טהאָן מיט'ן הארצען. די עטהישע גרונדלאַגען פֿון דער מאָראַל—"

אָבער דער אונפֿערבעסערליכער דאָקטאָר האָט אויך איהם איבערגעשלאָגען די רייד, ניט אַכטענדיג אויף זיינע ווייסע האָר.

„איך ווייס גאָרניט פֿון די גרונדלאַגען פֿון דער עטהיק, סער, איך בין אַ מאַטעריאַליסט. אָבער אַזוי פֿיעל האָט מיך אַ הארט און זויער לעבען געלערנט, אַז די פֿראַגע פֿון מיין פֿרייהייט איז קיין אַנדער זאַך ניט, נאָר אַ פֿראַגע פֿון מיין אונבעדינגטער קראַפֿט, און אַז סענטימענטאַליטעט איז די גרעסטע פֿון אַלע זינד!"

דער אונרוהיגער געשפּרעך צווישען זיך איז וואָס ווייטער אַלץ שטאַרקער געוואָרען. יעדער איינער האָט געוואָלט אַרויסגעבען די געדאַנקען, וועלכע האָבען אין איהם געקאָכט.

אַרום טרופּ'ן האָט זיך געבילדעט אַ קרייז, וועלכער איז בעשטאַנען פֿון דעם יונגען דייטש, וואָס האָט געשריבען סאָציאַלע געדיכטע, פֿון דעם אַמעריקאַנער מר. מאַרעל, פֿון דעם שוועד, וועמען ס'איז אָנגעקומען שווער צו פֿערשטעהן די פֿרעמדע שפּראַך, און פֿון טרופּ'ס דייטשען גענאָסע. זיי האָבען זיך צוגעהערט צו איהם, ווי ער האָט ווייטער מיט אַלץ אָנציהענדערע פֿאַרבען געשילדערט זיינע צוקונפֿטס־בילדער.

דר. הוירט און דער פֿראַנצויז ווידער האָבען גערעדט איינער מיט'ן אַנדערן.

דער רוס האָט אָנגעקוקט אָבאַן'ן מיט אַ מאָדנעם

בליק, עפּעס אַזוי ווי ער וואָלט איהם געוואָלט גוט אויס־פאָרשען.

אָבער אָבאַן האָט זיך ביי זיך געקלעהרט, בעטראַכ־טענדיג אָט די אַכט קעפּ אין זייער אונרוהיגען געשפּרעך. וואָס פאַר א בילד פאַר א מאָלער!—

דאָס מילדע פּראָפיל פון׳ם אַלטען, וויס־באָרדיגען אַמעריקאַנער און דאָס ווייכע, גלאַטע געזיכט פון׳ם יונגען דייטש... דער טרויעריגער, בלאַסער פּנים פון רוס און זיין שטערן, בעדעקט מיט ווילדע האָר, און דאָס גייסט־רייכע געזיכט פון׳ם פראַנצויז מיט דעם צוגעשפּיצטען האַלב־באָרד... דר. הוירט׳ס שמאָלער קאָפּ, מיט דעם ביי־נערדיגען, אויסגעאַרבייטען שטערן, דער קאָפּ פון אַ לאָגיקער, פון אַ רוימישען קייזער, און דער קאָפּ מיט האָר פון׳ם נאָרד־לענדער מיט די קינדליך־בלויע אויגען און מיט זייער פערטרויענדען אויסדרוק, וועלכער איז זיך געבליבען גאַנץ גלייכגילטיג ביי דער היציגער דיסקוסיאָן...

ווי מיר זיינען דאָס אַביסעל פערשיעדען, מיר מענ־שען! — האָט ער ווייטער געטראַכט, — און מיר זאָלען זיך קענען בויגען אונטער דעם געמיינשאַפטליכען געזעץ פון אַ צוואַנג? — ניין, פרייהייט אימער און אימער, אין קלענסטען, ווי אין גרעסטען...

אין דער הויך האָט ער זיך אָבגערופען און האָט דערמיט פונאַנדערגעטהיילט די גרופּע צוריק אין דעם פריהערדיגען קרייז:

„ס׳טהוט מיר לייד, וואָס דו ביסט איבערגעשלאָגען געוואָרען, אָטטאָ—"

אָבער טרופּ איז איהם אַריינגעפאַלען אין די רייד:

„כ׳האָב שוין געהאַט אָבגעזאָגט, וואָס איך האָב גע־האַט צו זאָגען—"

„נו, בעסער אַזוי.—זאָלען מיר אָבער דאָך ניט פּרוּ־
ווען ענטוויקלען אַביסעל אויספיהרליכער אונזערע אַנזיכטען?
לאָמיר אין פראַגע און געגען־פראַגע זיך דורכריידען מיט
מעהר איינצעלהייטען וועגען אונזער ענין.‟

באַלד האָט ווידער געהערשט די רוהיגע אויפמערק־
זאַמקייט וואָס פריהער. נאָר דאָס מאָל איז זי געווען אַ
געצוואונגענע, ניט קיין נאַטירליכע ווי פריהער. עטליכע
האָבען איצט אָנטהייל גענומען אין דער דיסקוסיאָן.

אָבאַן האָט אָנגעהויבען פון דאָס ניי, זיך ווענדענדיג
אַלץ צו טרופ׳ן:

„איך וויל פּרואווען בעווייזען, ווי פערשיעדען און ניט
צום פעראייניגען עס זיינען די וועלט־אַנשויאונגען פון׳ם
קאָמוניזם און פון׳ם אַנאַרכיזם אויך אין זייערע אַלע רע־
זולטאַטען.

דו ווילסט די אויטאָנאָמיע פון׳ם אינדיווידאום, זיין
זעלבסט־הערליכקייט און דאָס רעכט פון זיין זעלבסט־בע־
שטימונג. דו ווילסט זיין פרייע ענטוויקלונג צו זיין נאַטירלי־
בער גרויס. דו ווילסט זיין פרייהייט. מיר זיינען אײניג אין
דער דאָזיגער פאָדערונג.

אָבער דו האָסט זיך אויסגעבויט דאָס אידעאַל פון אַ
צוקונפט פון גליק, ווי עס פאַסט זיך דאָס רוב פאַר דיינע
נייגונגען, דיינע ווינשע, דיינע געוואוינהייטען. מיט דעם וואָס
דו גיסט איהם דעם נאָמען „דאָס אידעאַל פון דער מענש־
הייט‟, ביסט דו איבערצייגט, אַז יעדער „עכטער און אמת׳ער‟
מענש מוז אונטער איהם פונקט אַזוי גליקליך זיין ווי דו.
דיין אידעאַל דאַרף, הייסט עס, זיין דאָס אידעאַל פון
אַלעמען.

איך דאַגעגען וויל די פרייהייט, וועלכע גיט יעדען
איינעם די מעגליכקייט צו לעבען לויט זיין אידעאַל. איך

וויל מען זאָל מיך לאָזען צורוה, איך וויל ניט וויסען פון די פאָדערונגען, וועלבע ווערן מיר געשטעלט אין נאָמען פון דעם „אידעאַל פון דער מענשהייט".

איך דיינק, אַז דאָס איז אַ גרויסער אונטערשיעד.

איך נעגיר, איך פערוואַרף נור. דו בויסט פון דאָס ניי.

איך בין ריין דעפענסיוו, איך פערטהיידיג זיך. דו אָבער ביסט אַגרעסיוו, דו גרייפסט אָן.

איך קעמפף איינציג און אַליין פאַר מיין פרייהייט, דו קעמפפסט פאַר דאָס, וואָס דו רופסט די פרייהייט פון די אַנדערע.

דיין צווייטעס וואָרט איז די אָבשאַפונג, דאָס מיינט: געוואַלטזאַמע צושטערונג.

דו רעדסט מכח דער אָבשאַפונג פון דער רעליגיאָן, דו ווילסט פעריאָגען איהרע פריסטער, אויסראָטען איהרע לעהרען, פערפאָלגען איהרע אָנהייננגער.

איך פערלאָז זיך אויף דער אימער וואַקסענדער לוסט צו קענען, וועלכע שטעלט דאָס וויסען אויף'ן פלאַץ פון'ם גלויבען. עקאָנאָמישע אָבהייננגיגקייט צווינגט היינט צו טאָג דאָס רוב מענשען צו אָנערקענען וואָס פאַר עס איז הער־שענדע קירכע און דערלאָזט זיי ניט אַרויסטרעטען פון איהר.

אַזוי גיך ווי די קייטען וועלען אַרונטערפאַלען פון דער אַרבייט, וועלען די קירכען פון זיך אַליין בלייבען פוסט און וויסט, די לעהרער פון דער איינבילדונג און פון דער נאַ־רישקייט וועלען מעהר ניט געפינען קיין צוהערער, איהרע פריסטער וועלען זיין פערלאָזען.

אָבער איך וואָלט געווען דער לעצטער, גוטצוהייסען דאָס פערברעכען געגען דער פרייהייט, וואָס זוכט מיט געוואַלט צו שטערען אַ מענשען, ער זאָל ניט טהאָרען פאַר זיין אייגענער פערזאָן פערעהרען גאָט אַלס דעם בורא,

קריסטוס׳ן אַלס דעם ערלייזער, דעם פּאַפּסט אַלס אונפעהל־באַר און וואָס פאַר עס איז שוואַרץ יאָהר אַלס דעם טייוועל, אַזוי לאַנג ווי ער לאָזט מיך צורוה מיט זיין אונזינן און פערלאַנגט ניט פון מיר קיין שום שטייער אין נאָמען פון זיין הייליגען גלויבען.״

מען האָט געלאַכט: צווייפלענדיג, אַמוזירט, גערייצט און רחמנות האָבענדיג אויף אַזאַ מין שוואַכקייט, האָט מען געלאַכט פון׳ם פיינד.

נאָר אָבאַן האָט זיך ניט אומגעקוקט דערויף און גערעדט ווייטער; איצט, אַז ער האָט שוין יאָ אָנגעפאַנגען, איז ער געווען פעסט ענטשלאָסען מיט אמאָל אַרויסצוזאָגען דאָס בעסטע, וואָס ער האָט געהאַט צו זאָגען.

„דו ווילסט די פרייע ליעבע, פונקט ווי איך.

נאָר וואָס פערשטעהסט דו אונטער פרייע ליעבע? וואָס פאַר אַנדער זאַך קענסט דו אונטער איהר פער־שטעהן, ווען דו ווילסט זיין קאָנזעקווענט גענוג אָנצו־ווענדען דאָס פּרינציפּ פון ברידערליכקייט אויך אויף דעם דאָזיגען געביעט, — וואָס פאַר אַן אַנדער זאַך קענסט דו אונטער איהר פערשטעהן, אויב ניט פאָלגענדעס:

אַז יעדע פרוי האָט די פליכט צו ערפילען דעם פערלאַנג פון יעדען מאַן, און קיין מאַן האָט קיין רעכט ניט צו פערוואַרפען דעם פערלאַנג פון אַ פרוי; אַז די קינדער, וואָס קומען אַרויס פון די דאָזיגע פעראייניגונגען, געהערען צו דער מענשליכער געזעלשאַפט, און אַז די דאָזיגע געזעלשאַפט האָט די פליכט זיי צו ערציהען; אַז די איינצעל־פאַמיליע, אַזוי ווי דער איינצעלנער, מוז זיך אויפלייזען אין דער גרויסער פאַמיליע פון דער מענשהייט, ניט אמת?

ס׳געהט מיר אַריבער אַ שווידער איבער׳ן לייב, ווען

איך דיינק מכח דעם, אַז אָט די אידעע קען אַמאָל ווערן די הערשענדע.

קיינער האָסט ניט אַזוי די הייראַטהע, ווי איך. אָבער ס'איז בלויז דער צוואַנג פון דער הייראַטהע, וועלכע מאַכט, אַז מאַן און ווייב זאָלען זיך פערקויפען איינער צום אַנ־דערן; וועלכער בעאיינפלוסט און האַלט אָב די פרייע וואהל, די ברירה, שטערט און מאַכט דאָס רוב אונמעגליך פאַר די פערהייראַטהע זיך צו שיידען איינע פון די אַנדערע, און שאַפט אַן עלענד, פאַר וועלכען ס'איז קיין אַנדער ערלייזונג ניטאָ אַחוץ'ן טויט, — ס'איז בלויז אָט דער צוואַנג פון דער הייראַטהע, וועלכער איז מיר דערווידער. קיינמאָל וואָלט איך ניט געוואַגט צו האָבען טענות געגען די פרייע פעראייניגונג פון צוויי מענשען, ווען דער פרייער ווילען פיהרט צונויף און ווען דער פרייער ווי־לען האַלט צוזאַמען זייער לעבען לאַנג.

אָבער פונקט אַזוי גוט ווי די פרייע פעראייניגונג פון צוויי מענשען פערשטעה איך אויך די נייגונג פון אַסך מענשען צו בייטען דעם געגענשטאַנד פון זייער ליעבע, און פעראייניגונגען פאַר איין נאַכט, פאַר איין פריהלינג — זיי זאָלען זיין אַזוי פריי ווי די הייראַטהען אויף לעבען לאַנג, וואָס נאָר זיי ווערן היינט צו טאָג סאַנקציאָנירט פון דער עפענטליכער מיינונג.

די געבאָטען פון דער מאָראַל קוקען מיר אויס לע־בערליך און האָבען זיך בלויז גענומען דורך דער קראַנק־האַפטער לוסט פון בעשריינקטע מענשען צו רעגלען און איינצואָרדנען די נאַטירליכע פערהעלטניסען.

און ענדליך, מיט דערזועלבער לייכטקייט און אויבער־פלעכליכקייט, ווי נור דער קאָמוניזם איבט זיי אויס,

קעהרט איהר אויך אַוועק דאָס פּריוואַט-אייגענטהום איבער'ן הויפֿען.

איהר זאָגט, דער שטאַאַט מוז פֿאַלען, כדי עס זאָל פֿאַלען דאָס אייגענטהום, וואָרים ער בעשיצט עס.

איך זאָג, דער שטאַאַט מוז פֿאַלען, כדי דאָס אייגענטהום זאָל עקזיסטירען, וואָרים ער אונטערדריקט עס.

איהר האָט קיין אַכטונג ניט פֿאַר'ן אייגענטהום, דאָס איז אמת: פֿאַר א י י ע ר אייגען אייגענטהום האָט איהר קיין אַכטונג ניט, אַניט וואָלט איהר ניט דערלאָזט, מען זאָל עס ביי אייך טאָג-טעגליך צונעהמען. פֿערטרייבט דאָס אונעהרליכע, אונגערעכטע אייגענטהום, דאָס הייסט דאָס פֿרעמדטהום. אָבער פֿערטרייבט עס דורך דעם, וואָס איהר זאָלט אַליין ווערן בעזיצער. דאָס איז דער אייגציגער וועג, עס ווירקליך אָבצושאַפֿען, דער איינציגער פֿערנינפֿטיגער און גערעכטער, אין דערזעלבער צייט אויך דער וועג פֿון דער פֿרייהייט.

נידער מיט'ן שטאַאַט, כדי עס זאָל פֿריי ווערן די אַרבייט, וואָס נאָר זי אַליין שאַפֿט אייגענטהום! אַזוי רוף אויך איך.

ווען עס וועלען מעהר ניט זיין קיין געוואַלטזאַם געשיצטע פּריווילעגיעס אויף'ן געלד—"

נאָר דאָ האָט שוין טרופּ'ס געדולד געפּלאַצט.

„וואָס ?—" האָט ער אַ געשריי געטהאָן אויסער זיך פֿאַר אויפֿרעגונג, „אויך דאָס געלד זאָל בלייבען, דאָס מיזעראַבלע געלד, וואָס האָט אונז אַלעמען בעשמוצט, ערנידעריגט, פֿערשקלאַפֿט ? ! —"

אָבאַן האָט אַ ציה געטהאָן מיט די אַקסלען. ער האָט געוואָלט בייז ווערן, נאָר ער האָט זיך צולאַכט.

„ערלויב מיר אַ געגען-פֿראַגע : וואָלט עס דיך געאַרט,

ווען דו ביסט אי אַרבייט-געבער אי אַרבייטער אין דער־זעלבער צייט? בעלוינטער און לוין-צאָהלער און אַלס טהייל-נעהמער בעל הבית איבערן קאַפּיטאַל, אָנשטאָט דעם וואָס היינט ביסט דו בלויז זיין שקלאַף? — כ'מיין, אַז ניט. די אונערהערטע עולה ליגט נאָר אין דעם, וואָס דורך געוואַלטזאַמער בערויבונג איז היינט צו טאָג מעגליך זיך צו ערווערבען אייגענטהום אָהן אַרבייט."

„וואָס זאָל נאָך דיין מיינונג בעשטימען די ווערטה פון דער אַרבייט?—"

„איהר ניצליכקייט אין דער פרייער קאָנקורענץ, וועלכע בעשטימט איהר ווערטה פון זיך גופא. יעדע אַנ־דערע בעשטימונג פון אויבען אַראָב איז אונגערעכט און געגען שכל. אָבער איך וויים גאַנץ גוט, אַז דער קאָמוניזם פערענטפערט אויך אָט די פראַגע אָהן קאָפּ-ברעכעניש: ער וואַרפט איינפאַך צונויף אַלצדינג אויף איין הויפען—"

„אָבער מיר האָבען דאָך היינט די פרייע קאָנקורענץ!—" האָט זיך טרופ אָבגערופען.

„ניין, מיר האָבען צווישען זיך די קאָנקורענץ פון דער אַרבייט, אָבער ניט אויף'ן זעלבען אופן די קאָנקורענץ פון קאַפּיטאַל. איך ווידערהאָל עס. — איהר זעהט די מורא'דיגע רעזולטאַטען פון דער דאָזיגער איינזייטיגער קאָנקורענץ און די פאָלגען פון'ם אייגענטהום, וואָס ווערט אונטערגעהאַלטען מיט פּריווילעגיעס, און איהר שרייט: „אַוועק מיט דעם פריוואַט-אייגענטהום!" — איהר זעהט ניט, אַז גראָד דאָס אייגענטהום מאַכט אונז אונאָבהייגגיג, און איהר זעהט ניט, אַז מחמת דעם איז די איינציגע זאַך, וואָס דאַרף געטהאָן ווערן, נור פריי מאַכען דעם וועג צו זיין ערווערבונג, אום אָבצושאַפען דאָס שלעכטע פערהעלטנים צווישען העררן און קנעכט. גלויב מיר: די אָרגאַניזאַציאָן פון'ם פרייען קרעדיט,

דאָס הייסט די מעגליכקייט פֿאַר יעדען איינעם זיך איינצו־שאַפֿען די מיטלען צו דער אַרבייט, אָט די אונבלוטיגע, טיעף־אַריינדרינגענדע, גרעסטע פֿון אַלע רעוואָלוציאָנען וועט פֿיהרען צו אַזאַ אומוואַנדלונג פֿון אַלע אונזערע לעבענס־פֿערהעלטניסען, וועלכע ס׳איז נאָך היינט צו טאָג שווער זיך משער צו זיין.״

ער איז אַנשוויגען געוואָרען און האָט געזעהן, ווי זיינע ווערטער האָבען די אָנוועזענדע נאָך מעהר פֿערפֿרעמדט פֿון איהם. אַלע זיינען געווען צוקאָכט. בלויז דר. הוירט איז זיך געזעסען קאַלט, לאָגיש צוגליעדערענדיג און בערעכענענדיג יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט געהערט. דאָס רוב פֿון די פֿערזאַמעלטע האָבען זיך אונטער אַ רעוואָלוציאָן בלויז געקענט פֿאָרשטעלען אַ כאַאָס, אַ מיש־מאַש פֿון טויטע קערפּערס און חורבות און זיי האָבען געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ ביי אָבאַן׳ס ווערטער. דערפֿאַר האָט ער געפּרואווט זיך מאַכען פֿערשטענדליכער.

„ווייסט איהר, וואָס עס וואָלט געבראַכט די אָבשאַפֿונג פֿון׳ם צינז און דערמיט אויך די אָבשאַפֿונג פֿון דער פּראָ־צענט־נעהמעריי? — אַ שטענדיגע נאָכפֿראַגע נאָך מענש־ליכער אַרבייט; די אויסגלייכונג פֿון דער פּראָדוקציאָן און דער נאָכפֿראַגע; די רעדוצירונג פֿון די פּרייזען אויף דער קלענסטער מאָס, און דורך דעם אַן אונגעהייערע פֿערמעה־רונג פֿון דעם פֿערברויך; דעם געניויען אויסטויש לויט דער ווירקליכער ווערטה און דערמיט אַ גערעכטע פֿערטהיילונג פֿון׳ם רייכטהום אויף וויפֿיעל ס׳איז נור מעגליך. אָבער אַלס רעזולטאַט פֿון דער דאָזיגער גרויסער עקאָנאָמישער רעוואָ־לוציאָן וועט קומען אַ טעגליך וואַקסענדער וואוילזיין פֿון׳ם גאַנצען לאַנד, ווי פֿון׳ם איינצעלנעם...״

דאָ האָט זיך טרופּ פונאַנדערגעלאַכט, געררייצט און צוקאָכט.

„אַ שעהנע רעוואָלוציאָן! און אין אַזעלכע משוגעת'ן ווילסט דו, מיר אַרבייטער זאָלען גלויבען?! — ווען איך וואָלט דיך ניט געזעהן שטעהן דאָ פאַר מיר, וואָלט איך געמיינט, אַז דאָס רעדט אַ בורזשואַ־עקאָנאָם. — ניין, מיין ליעבער, די רעוואָלוציאָן, וועלכע מיר וועלען אין אַ שעהנעם טאָג מאַכען, וועט גיכער קומען צום ציעל, איידער אַלע דיינע עקאָנאָמישע עוואָלוציאָנען! מיר ווייסען פון אַ קירצערן פּראָצעס: קומען און אָבנעהמען צוריק דאָס, וואָס מען האָט ביי אונז אַוועקגע'גנב'עט מיט אָפענער געוואַלט און מיט ווייסענשאַפטליכע כיטרעקייטען!" —

„ווען די בורזשואַזיע וועט מיט אייך ניט מאַכען נאָך אַ קירצערן פּראָצעס!" איז דר. הוירט איהם אַ־יינגעפאַלען אין די רייד. Exempla docent! „דאָס הייסט: לערענט פון דער געשיכטע."

דאָס איז געווען זיין ענטפער אויף טרופּ'ס פריהערדיגע דראָהונג, וועלכע ער האָט כלומר'שט פערהערט.

נור לאַנגזאַם האָט זיך איינגעשטילט די אויפרעגונג, וואָס אָט די ווערטער האָבען אַרויסגערופען. מען האָט אין זיי געזעהן אַ פערטהיידיגונג פון דער בורזשואַזיע און מען האָט פון אַלע זייטען געענטפערט אויף זיי.

דער דייטש, וועלכער איז געשטאַנען אויף'ן באָדען פון דער נויאָרקער „פרייהייט" און פון דער „פּיטסבורגער פּראָקלאַמאַציאָן" און וועלכער האָט געהערט צו דער ערשטער סעקציאָן פון'ם „קאָמוניסטישען אַרבייטער בילדונגס-פעראיין", האָט איצט גענומען דאָס וואָרט.

„מכח דעם אייגענטליכען אַנאַרכיזם, וועלכער איז שוין בעשטאַנען נאָך איידער מען האָט אָנגעהויבען וויסען פון די

מאַנשעסטער־לייט, די יורשים פֿון׳ם באָסטאָנער קליין־ביר־גערליכען ליבעראַליזם, און פֿון דעם איבערטריבענעם סעקטען-גייסט פֿון די „אויטאָנאָמיסטען״, — ער האָט דאָ געציעלט אויף אָבאַן׳ן און טרופּ׳ן — און וועלכער האָט נאָך היינט דאָס רוב אָנהייננגער, — ווענען דעם דאָזיגען אַנאַרכיזם איז נאָך איבערהויפּט דאָ ניט גערעדט געוואָרען. אָט דער אַנאַרכיזם וויל דעם קאָמוניזם. פֿון דער פֿרייער געזעלשאַפֿט, וועלכע זאָל זיין בעגרינדעט אויף דער איינאָרדנונג פֿון אַ גענאָסענשאַפֿטליכער אָרגאַניזאַציאָן פֿון דער פּראָדוקציאָן. ער פֿערוואַרפֿט אויך ניט די פֿליכט פֿון אַרבייט, מחמת ער זאָגט: ניטאָ קיין רעכטע אָהן פֿליכטען. וויטער פֿערלאַנגט ער, אַז די פּראָדוקטען פֿון גלייכען ווערטה זאָלען אויסגע־טוישט ווערן פֿון די פּראָדוקציאָנס-גענאָסענשאַפֿטען גופא און אָהן אַ שום פֿערמיטלעריי און פּראָפֿיט־מאַכעריי, און אַז די קאָמונען זאָלען רעגולירען אַלע עפֿענטליכע אַנגעלעגענהייטען דורך פֿרייע אָבמאַכען צווישען זיך. אָבער אין אַזאַ אָרגאַני־זירטער פֿרייער געזעלשאַפֿט, אין וועלכער דאָס רוב מענשען וועלען זיך פֿיהלען זעהר גוט, ווערט דער שטאַאַט אונניצליך.״

„הייסט עס, אַז איהר גיט די מעהרהייט דאָס רעכט אַרויפֿצוצווינגען איהר ווילען מיט געוואַלט אויף אַנדערע?״

„יאָ. דער איינצעלנער דאַרף זיך אונטערוואַרפֿען דעם וואוילזיין פֿון דעם כלל, פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָרים דאָס דאָזיגע שטעהט העכער.״

„דאָס איז אַ שטאַנדפּונקט, דער איינער פֿון די ביידע, וועלכע איך האָב פֿריהער דערמאָנט. איהר געהט אויף׳ן וועג פֿון׳ם סאָציאַליזם—״

„אַ שעהנער שטאַנדפּונקט פֿאַר אַן אַנאַרכיסט!״ האָט זיך אָבגערופֿען טרופּ. „און די פֿרייהייט פֿון׳ם אינדיווידאום, וואו בלייבט זי? — דאָס איז קיין אַנדער זאַך ניט נאָר דער

צענטראַליסטישער קאָמוניזם, וועלכען מיר האָבען אַריבער־געיאָגט." דער פּלאַם פון מחלוקת, וועלכער האָט מיט אַ שטיקעל צייט פאַר דעם צוריסען די קלובס און געפיהרט צו דער גרינדונג פון אַן אייגענער ציישונג, האָט אַצונד ווידער געהאַלטען ביים אויפפלאַקערן. „איך פאַר מיין טהייל גלויב, און דערביי בלייב איך, אַז אין דער קומענדער געזעלשאַפט וועט יעדער איינער פרייווילינ מאַכען זיין טהייל אַרבייט."

דאָ האָט איהם דער פראַנצויז העפליך אַ פרעג געטהאָן:

„אָבער אָנגענומען, אַז די מענשען וועלען ניט אַרבייטען פרייווילינ, ווי איהר האָפט? וואו בלייבט ערגעץ דאָס פרייע רעכט צו געניסען?"

„זיי וועלען עס. פערלאָזט זיך דערויף," איז געווען טרופ׳ס ענטפער.

„איך מיין, ס׳איז בעסער, איך זאָל זיך ניט פערלאָזען דערויף."

„איהר קענט ניט די אַרבייטער."

„אָבער פון די אַרבייטער וועלען ווערן בורזשואַס, אַזוי גיך ווי זיי וועלען זיך נור צושלאָגען צו אַ פערמעגען, און זיי וועלען דאַן זיין די ערשטע, וועלכע וועלען זיך וועהרען געגען די עקספּראָפּריאַציע פון זייער אייגענטהום. איהר פערגעסט זיך גאָר אָן דער נאַטור פון׳ם מענשען, מיין הערר: דער עגאָאיזם איז די טרייב־פעדער פון יעטוועדע האַנדלונג. פרואווט אָבשטעלען אָט די פעדער, וועט די מאַ־שין פון׳ם פראָגרעס מעהר ניט אַרבייטען. די וועלט וואָלט צופאַלען אין חורבות. דאָס וואָלט געווען דער סוף פון דער ציוויליזאַציאָן. אַ זומפּ פון שטילשטאַנד וואָלט די ערד גע־וואָרען — אָבער דאָס איז אונמעגליך, אַזוי לאַנג ווי די מענשען לעבען אויף איהר."

—„פאַרוואָס קומט איהר ניט אַרויס מיט אַ גוטען

ביישפּיעל, כדי צו ווייזען, אַז עס איז מעגליך פּראַקטיש דורכצופיהרען אייערע טהעאָריען?" האָט מען טרופ'ן ווייטער געפרעגט.

ער האָט אויסגעמיטען די פראַגע. נאָר דערפאַר האָט אָבאַן גלייך געענטפערט דערויף.

„וויל דער שטאַאַט האָט מאָנאָפּאָליזירט די מיטלען פון דער צירקולאַציאָן און ער וואָלט אונז מיט געוואַלט געשטערט אין אונזער אַרבייט. מחמת דעם זיינען אונזערע אָנגריפען קודם כל געריכטעט געגען איהם און בלויז געגען איהם."—

ס'האָט אויסגעזעהן, אַז דער ויכוח צווישען אָבאַן'ן און טרופּ'ן האָט דערגרייכט זיין סוף און האָט געהאַלטען אין גאַנצען ביים צושפּליטערט ווערן. דאָ האָט אָבאַן געמאַכט זיין לעצטע פּראָבע, אַרויפצוברייננגען אויף דעם באָדען פון דער ווירקליכקייט דאָס, וואָס די אונקלאָהרע ווינשע אין די פּוסטע טרוימען פון דער פאַנטאַזיע האָבען מיט זיך פאָרגע־שטעלט.

„נאָך איין איינציגע און לעצטע פראַגע צו דיר אָטטאָ," האָט זיך דערהערט זיין הויכע און האַרטע שטימע, „בלויז אָט די איינציגע נאָך:

„וואָלט איהר אין דעם געזעלשאַפטס־צושטאַנד, וועלכען איהר רופט „פרייער קאָמוניזם", געשטערט די איינצעלנע זיך אויסצוטוישען צווישען זיך מיט זייער אַרבייט דורך וואָס פאַר עס איז אויסטויש־מיטעל, געשאַפען פון זיי אַליין? און ווייטער: וואָלט איהר זיי געשטערט דעריין, צו פערנעהמען לאַנד מיט דעם צוועק עס צו בענוצען פערזענליך פאַר זיך?—"

טרופ האָט זיך צוגעהערט אויפמערקזאַם צו אָבאַן'ס ווערטער.

די אָנוועזענדע האָבען ווי אָבאַן מיט שפּאַנונג געוואַרט אויף זיין ענטפער.

ס'איז אונמעגליך געווען זיך אויסצודרעהען פון אָבאַן'ס פראַגע. וואָלט טרופ געענטפערט „יאָ!", וואָלט ער דערמיט צוגעגעבען, אַז די געזעלשאַפט האָט דאָס רעכט אויסצואיבען געוואַלט איבער די איינצעלנע, און אויף אַזאַ'ן אופן וואָלט ער אַליין פערוואָרפען די אויטאָנאָמיע פון'ם אינדיווידאום, וועלכע ער האָט אימער אַזוי הייס פערטהיידיגט; פערקעהרט ווידער, ווען ער ענטפערט „ניין!", וואָלט ער דערמיט צוגעגעבען דאָס רעכט פון פריוואַט־אייגענטהום, וואָס ער האָט ערשט נאָר וואָס אַזוי ענערגיש אָבגעלייקענט.

ער האָט דערום געזאָגט:

„דו קוקסט אויף אַלצדינג מיט די אויגען פון'ם היינטיגען מענשען. אין דער צוקינפטיגער געזעלשאַפט, וואו יעדער איינער וועט זיך קענען בענוצען פריי מיט אַלצדינג, וואו עס וועט אַלזאָ גאָרניט קענען זיין קיין האַנדעל אין'ם היינטיגען זינן, — אין אַזאַ געזעלשאַפט וועט, לויט מיין אינערסטער איבערצייגונג, יעדעס מיטגליעד זיך פרייוויליג אָבזאָגען פון דער אויסשליסליכער פערנעהמונג פון לאַנד און הייזער—"

אָבאַן איז ווידער אויפגעשטאַנען. ער איז אַביסעל בלאַסער געוואָרען, און ער האָט געזאָגט:

„מיר זיינען נאָך קיינמאָל ניט געווען אונעהרליך איינער געגען אַנדערן, אָטטאָ. לאָמיר עס היינט ניט ווערן. דו ווייסט אַזוי גוט ווי איך, אַז אָט דער ענטפער איז בלויז אַ מיטעל זיך אויסצודרעהען. אָבער איך האַלט דיך איצט: ענטפער מיר אויף דער געשטעלטער פראַגע, און פערענטפערט זי מיר מיט יאָ אָדער ניין, אויב דו ווילסט, אַז איך זאָל ווען עס איז מיט דיר ווידער דיסקוטירען—"

מען האָט געקענט אַרויסזעהן, אַז טרופ האָט געקעמפפט

מיט זיך. דאַן האָט ער געענטפערט, און אַ בליק טהאָנדיג אויף זיין פריינד, וועלכער האָט איהם נאָר וואָס אָנגעגריפען און אין וועמעס אָנוועזענהייט ער האָט אימער פערטהיידיגט דאָס פרינציפּ פון דער פערזענליכער פרייהייט, — אָט דער בליק האָט עס איהם געטריבען צו זאָגען פאָלגענדעס:

„אין דער אַנאַרכיע מוז יעדע אָנצאָהל פון מיטגליעדער זיין אימשטאַנד זיך צו אָרגאַניזירען ווי זי וויל און אויף אַזאַ'ן אופן דורכפיהרען איהרע אידעען אין דער פראַקטיק. אויך זעה איך ניט איין, ווער עס וואָלט מיט רעכט געקענט פער־טרייבען אַן אַנדערן פון'ם לאַנד און דעם הויז, וואָס ער בעאַרבייט און בעוואוינט...”

„אויף אַזאַ'ן אופן האָב איך דיך און איך האַלט דיך פעסט!” האָט זיך אָבאַן אָבגערופען. „מיט דעם וואָס דו האָסט נאָר וואָס געזאָגט, שטעלסט דו זיך גאַנץ שאַרף אין געגענזאַץ צו די פרינציפּען פון'ם קאָמוניזם, וועלכע דו האָסט ביז איצט פערטהיידיגט.

דו האָסט צוגעגעבען דאָס פּריוואַט־אייגענטהום: אויף רויע פּראָדוקטען און אויף לאַנד. דו האָסט אָנערקענט דאָס רעכט אויף דעם אַרבייטס־פערדיענסט. דאָס איז אַנאַרכיע.

די פראַגע: אַלעס געהערט אַלעמען — איז געפאַלען, צושטערט פון דיין אייגענער האַנד.

איין איינציג ביישפּיעל נאָר, כדי צו בעזייטיגען אַלע מיספערשטענדניסען: איך האָב אַ שטיק לאַנד. איך נעהם פאַר זיך צו דאָס, וואָס עס ברייננגט איין.

דער קאָמוניסט זאָגט: דאָס הייסט בערויבט דאָס אַל־געמיינע גוט.

אָבער דער אַנאַרכיסט טרופט — איצט צום ערשטען מאָל רופ איך איהם אַזוי! — זאָגט: ניין, קיין שום מאַכט אויף דער ערד האָט קיין אַנדער רעכט ניט, אַחוץ דאָס

רעכט פון געוואַלט, מיך צו פערטרייבען פון מיין בעזיץ, צו פערקלענערן אפילו אויף אַ פעניג דעם איינטראָג פון אַרבייט.

איך ענדיג. מיין צוועק איז ערפילט.

איך האָב בעוויזען, וואָס איך האָב געוואָלט בעווייזען: אַז די צוויי געגענזעצען, אין וועלכע די וועלט פון די מענשען בעוועגט זיך, אינדיווידואַליזם און אַלטרואיזם, אַנאַרכיזם און סאָציאַליזם, פרייהייט און אויטאָריטעט, — אַז אָט די צוויי קאָנטראַסטען קענען זיך אויף קיין פאַל אויסגלייכען.

איך האָב בעהויפטעט, אַז אַלע פערזוכען, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען צו בעזייטיגען די שטערונגען, וועלכע דערלאָזען ניט צו קיין פעראייניגונג פון די צוויי געגענזעצען, מוזען זיך פערלירען אין די וואָלקענס פון דער אוטאָפיע, און אַז יעדער ערנסטער מענש מוז זיך ענטשיידען: פאַר'ן סאָציאַליזם, און דערמיט פאַר דער געוואַלט און געגען דער פרייהייט, אָדער פאַר'ן אַנאַרכיזם, און דערמיט פאַר דער פרייהייט און געגען דער געוואַלט.

נאָכדעם ווי טרופּ האָט אַ היבשע צייט געפרואווט זיך אויסדרעהען פון דער דאָזיגער פאָדערונג, האָב איך איהם דורך מיין לעצטער פראַגע געצוואונגען זיך צו ערקלעהרען. איך וואָלט געקענט דאָס זעלבע עקספּערימענט מאַכען מיט יעדען איינעם פון אייך. ס'איז אונפעהלבאַר.

טרופּ האָט זיך ערקלעהרט פאַר דער פרייהייט. ער איז — וואָס איך וואָלט קיינמאָל ניט געגלויבט — ווירקליך אַן אַנאַרכיסט."

אָבאַן איז אַנשווייגען געוואָרען. דאָ האָט זיך טרופּ אָנ־גערופען:

„אָבער מיר ווילען אין דער אַנאַרכיע פראַקטיש דורכ־פיהרען די גרונדזאַצען פון דעם קאָמוניזם און אונזער

ביישפיעל וועט אייך אויף אַזוי וויט געבען די מעגליכקייט זיך צו איבערצייגען אין דער פערווירקליכונג פון אונזערע פרינציפען, אַז איהר וועט נאָכגעהן אויף אונזער וועג און פרייוויליג אויפגעבען אייער פריוואַט-אייגענטהום—"

אָבאַן האָט מעהר גאָרנישט געענטפערט.

ער האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אָט די אויסערליכע נאָכגיביגקייט איז בלויז געווען אַ נייער און לעצטער פערזוך פון זיין פריינד, צו פערשטאָפען דעם טיפען שפּאַלט, וועלכער האָט זיי אינערליך שוין לאַנג אָבגעטהיילט איינעם פון אַנדערן, ווי ער האָט אָבגעשיידט די אַלטע פון די נייע, און וועלכער האָט איצט אויך אויסערליך גענומען ווערן קענטיג.

„איך און קיינער קען ניט רעטען דעם, וואָס גיט זיך אַליין איבער דעם אונטערגאַנג..." האָט ער זיך געטראַכט ביי זיך. פון איצט אָן האָט ער גענומען אָנטהייל אין'ם געשפרעך בלויז דאַן, ווען מען האָט זיך צו איהם דירעקט געווענדעט מיט אַ פראַגע. ס'איז געוואָרען זעהר לעבעדיג.

נאָך קיינמאָל איז מען ניט געבליבען אַזוי לאַנג ווי היינט. אַכט אַזייגער איז שוין לאַנג געווען אַריבער און קיי-נער, אַחוץ דר. הווירט און דעם פראַנצויז, האָט נאָך ניט געטראַכט אַוועקצוגעהן.

בעת דער דאָקטאָר האָט גענומען אָבשיעד פון אָבאַן'ן, האָט ער שטילערהייט געזאָגט: „הערט איהר, ליעבער פריינד, איך קום מעהר ניט צו אייערע זונטאָג'דיגע אונטערהאַל-טונגען. ס'איז אַלצדינג רעכט, אָבער צו משוגע דאַרפען זיי פונדעסטוועגען ניט זיין, די שפרונגען, וועלכע ווערן געמאַכט פאַר מיינע אויגען. אייער „גענאָסע" איז מיטביידע פיס געשפרונגען גלייך אין הימעל אַריין. דאָס איז צו הויך פאַר מיר—"

מיט די ווערטער איז ער אַוועק, און אָבאַן האָט איהם נאָכגעקוקט מיט אַ שמייכעל. אויך דער פֿראַנצויז האָט זיך אויפֿגעהויבען, דאַנקענדיג נאָך אַמאָל. אָבער אָבאַן האָט דערויף בעמערקט:

„נור פֿלעקער און לייכטע ברעטערדיגע געביידען האָבען מיר אויפֿגעשלאָגען. פֿאַר היינט איז אונמעגליך געווען איינ־צודרינגען טיעפֿער—"

„איהר וועט האָבען דורכצומאַכען אַ גרויסען קאַמפף, וועלכען איהר וואָלט זיך געקענט פֿערלייכטערן, ווען איהר וואַרפֿט אַוועק דאָס דאָזיגע וואָרט, וואָס שרעקט אָב און פֿעריאָגט אַזויפֿיעל מענשען, וועלכע שטעהען נאָהענט צו אייך, יאָ, וועלכע שטימען אפשר גאָר איין מיט אייערע אידעען."

„דאָס וואָרט „אַנאַרכיע" בעצייכענט גאַנץ שאַרף דאָס, וואָס מיר ווילען. פֿייג און נאַריש וואָלט עס געווען, עס אַוועקצוואַרפֿען צוליעב די שוועכלינגע. ווער ס'איז ניט שטאַרק גענוג, עס געהעריג אויסצופרואווען און צו פֿער־שטעהן זיין אמת'ן זינן, דער איז אויך ניט שטאַרק גענוג אַליין צו דיינקען און האַנדלען זעלבסטשטענדיג."—

„איך פֿאָהר אין עטליכע טעג אַרום צוריק קיין פּאַריז. זאָל איך דעם פֿריינד אונזערן איבערגעבען אַ גרוס פֿון אייך, מאָסיע אָבאַן?"

„יאָ. זאָגט איהם, אַז ער איז אַ שלעכטער עגאָאיסט, ווייל ער איז געוואָרען אַ פֿעררעטהער געגען זיך אַליין. ער האָט גענומען אויף זיך אַ גרויסע פֿעראַנטוואָרטליכקייט. דער עכטער עגאָאיסט אָבער וויל ניט וויסען פֿון קיין שום פֿער־אַנטוואָרטליכקייט, אַחוץ פֿאַר זיין אייגענע פערזאָן..."

דער פֿרעמדער האָט זיך אָבגעזעגענט מיט אַ העפֿליכער פֿערנייגונג.

„ווער איז דאָס געווען?" האָט טרופּ אַ פרעג געטהאָן.

אָבאַן האָט אָנגערופען דעם נאָמען.

„ער איז געקומען אַ ווײלע פאַר אײך און דאָס איז היינט צום ערשטען און צום לעצטען מאָל."

„דו קענסט איהם, הייסט עס, ניט?" טרופּ האָט אַ שאָקעל געטהאָן מיט'ן קאָפּ אַלס צייכען, אַז דאָס געפעלט איהם ניט.

„ניין" האָט אָבאַן געענטפערט.

„דאָס האָסט דו מיר גלייך געדאַרפט זאָגען!"

אָבער אָבאַן האָט געענטפערט מיט אַ שאַרפען טאָן:

„מיר האָבען דאָ גאָרנישט צו בעהאַלטען. מיר זיינען ניט קיין פרייםױערער. דאָס, וואָס מיר האָבען גערעדט, קען הערען יעדער ווער עס וויל נור!"

ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אויף דר. הוירט'ס פערלאָזענעם פּלאַץ ביים פייער און האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אָן די הענד. אַלע האָבען איצט גערעדט, אפילו דער רוס אויך. אַזוי ווי פון דער ווייטען האָבען די פערשיעדענע אויפגערעגטע שטימען געקלונגען אין זיין אויער...

פון דעם, וואָס איז גערעדט געוואָרען, האָט ער אַרויסגעהערט טרופּ'ס זיעג און זיין אייגענע מפּלה. מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט די בעגייסטערטע שטימע פון דעם שוועד:

„ס'איז מעגליך, אַז עס וועלען זיין ווייניגער זשעניען. דאָס איז אָבער קיין אונגליק ניט. דערפאַר וועלען מיר האָבען מעהר טאַלאַנטען. יעדער איינער וועט זיין האַנד- און קאָפּ-אַרבייטער אין דערזועלבער צייט. די פעהיגקייטען וועלען זיך פערטהיילען, אָנשטאָט זיך צו קאָנצענטרירען. אין דורכשניט וועלען זיי זיין גרעסער—"

„און טויזענד אייזלען וועלען זיין קליגער, איידער צעהן

קלוגע. פֿאַרוואָס? ווייל זיי זיינען טויזענד!" האָט אָבאַן ביי זיך אין געדאַנק צוגעלייגט.

מען האָט איהם פֿערגעסען. בעת ער האָט גערעדט, איז איבער זיי אַריבער דער קיהלער הויך פֿון דער פֿערנונפֿט. אַצונד איז ווידער וואַרם געוואָרען; די וואַרעמקייט פֿון אַ צוקינפֿטיגען, ווינטער־לאָזען גן־עדן לעבען. און זיי האָבען זיך איינגע די אַנדערע אַריבערגעשטיגען אין שילדערונגען פֿון דעם דאָזיגען לעבען; זיי האָבען זיך געגענזייטיג אָנגע׳שכור׳ט מיט זייערע אייגענע ווערטער; זיי האָבען זיך פֿערגעסען, וואו זיי זיינען אין דער וועלט...

אָבאַן האָט זיך ווייטער צוגעהערט.

מען האָט געשפּאַסט איבער דער אייביגער פֿראַגע פֿון די געגנער: ווער עס וועט שפּעטער טהאָן די שמוציגע און אונאַנגענעהמע אַרבייט? — עס וועלען זיך געפֿינען גענוג פֿרייוויליגע פֿאַר אַלצדינג — האָט זיך אָבגערופֿען איינער, און דער אַנדערער האָט ערקלערט: עס וועט גאָר ניט זיין אַזאַ מין אַרבייט, פֿאַרהאַן מאַשינען פֿאַר אַלצדינג —

קיינמאָל איז אָבאַן ניט געוועזען מעהר איבערצייגט ווי אין דער רגע, אַז דאָס רוב מענשען זיינען זיך אַליין די גרעסטע שונאים, און קיינמאָל האָט ער ניט געפֿיהלט שטאַרקער ווי איצט, אַז די הערשאַפֿט פֿון דער ליעבע וואָלט נאָך געמוזט זיין אַסך מורא׳דיגער, איידער ס׳איז געוועזען די הערשאַפֿט פֿון האַס.

ער האָט געשטרעבט דערצו, צו שטירצען די פּריווילעגיעס. אָבער אָט די קאָמוניסטען האָבען אינאיינעם מיט די פּריווילעגיעס אויך אָבגעלייקענט אַלע ווערטהען, זאָגאַר דעם ווערטה פֿון דער אַרבייט. זיין קאַמפּף איז בעשטאַנען געגען די מענשען און געגען דאָס, וואָס זיי האָבען דורך נאַרישקייט און טעות׳ן געשאַפֿען — אַ זיעג האָט געמוזט קומען; זייער

קאַמפף אָבער האָט זיך געריכטעט געגען דער נאַטור גופא — אַ זיעג איז געווען אויף אייביג אונמעגליך!—

נאָר דער ריס איז נאָך געווען טיעפער, אַסך טיעפער, איידער ווי ער איז היינט פון איהם אויפגעדעקט געוואָרען. צווישען אַן אַלטער און אַ נייער וועלט־אַנשויאונג האָט זיך אָנגעפאַנגען דער קאַמפף. און דאָס קריסטענטהום אין אַלע זיינע פאָרמען, דאָס איז געווען דאָס אַלטע!—

דער גרעסטער פערברעכער געגען דער מענשהייט איז געווען דער, וועלכער האָט זיך אָנגעגעבען, אַז ער האָט זי אַם מייסטען ליעב. זיין לעהרע פון זעלבסט־ענטזאַגונג — זי האָט דאָס געשאַפען די ענטזאַגענדע: די נויט, וועלכע האָט איצט געשריען נאָך בעפרייאונג...

דער גאָט האָט געמווט פאַלען אין יעטוועדער גע־שטאַלט!...

* * *

איבער אַ שטונדע איז מען נאָך געבליבען צוזאַמען. ביסלאַכווייז איז דאָס געשפרעך אַרויף אויף די געשעהענישען פון טאָג: שיקאַגאָ און ערנסטע רייאָטס אין לאָנדאָן זיינען געשטאַנען ביי דער טהיר. ס'איז געבליבען אָבצושטעלען די צוזאַמענקינפטע ביי אָבאַן'ן אויף עטליכע וואָכען צייט.

אַז דער אַמעריקאַנער האָט זיך אויפגעהויבען און דער־מיט געגעבען דעם צייכען, אַז די אונטערהאַלטונג איז גע־ענדיגט, זיינען זיי כמעט אַלע געווען איבערראַשט צו זעהן, ווי שפעט עס איז געווען.

אָבאַן האָט יעדען איינעם געדריקט די האַנד; טרופ'ס האָט ער געהאַלטען אַ רגע לייגגער ווי געוועהנליך און מיט אַ פעסטען דרוק, עפעס אַזוי ווי ער וואָלט געוואָלט דערמיט נאָך אַמאָל זאָגען: ענטשלים זיך, ענטשלים זיך אַהין אָדער

אַהער! — וואָרים ער האָט ווירקליך געלייגט גרויס האָפֿנונג אויף איהם.

דער יונגער דייטש איז קענטיג געווען זעהר ווייניג צופֿריעדען מיט אָבאַן'ן און האָט עס גאָרניט געזוכט צו פֿערבאָרגען. אָבאַן האָט געהאַט בלויז אַ שמייכעל דערפֿאַר. נאָר פֿריינדליכער איז געווען מר. מאַרעל.

„וועלל, אָבאַן," האָט ער געזאָגט און האָט איהם אָנ־גענומען פֿאַר ביידע הענד, „איהר זייט אַ מערקווירדיגער מענש. ס'איז פֿאַרהאַן פֿיעל ריכטיגעס אין אַלעס וואָס איהר זאָגט; אָבער עס איז אייז-קאַלט דאָס, וואָס איהר לערנט, אייז-קאַלט; דאָס האַרץ געהט ליידיג אוים"—

„אָה ניין, מר. מאַרעל, די פֿרייהייט איז וואַרם ווי די זונן. קאַלט זיינען בלויז די וועגד פֿון דער תפיסה. דאָס האַרץ וועט אַרויסגעבען רייכערע אוצרות, ווען עס וועט מעהר ניט שלאָגען און שוויינגען אויף געבאָט און בעפֿעהל. אָבער אונזער פֿערנונפֿט טאָר קיינמאָל ניט אַרויסלאָזען פֿין האַנד די פֿיהרונג פֿון אונזער לעבען — האָבען מיר דאָך ערשט היינט ווידער געזעהן, ווי אונפֿעהיג עס איז איהר נאָכצוגעהן אין די געביעטען פֿון דער עקאָנאָמיע."

אָבאַן איז געבליבען אַליין. ער האָט אויפֿגעעפֿענט ביידע פֿענסטער. אין דער צייט וואָס דער רויך איז אין געדיכטע וואָלקענס אַרוים פֿון צימער און דער קעלנער האָט הינטער איהם אַוועקגענומען די ליידיגע גלעזער, האָט ער זיך אָנ־געשפּאַרט אויף דער פֿענסטער־שוועל און אַרויסגעקוקט אין גאַס. אַצונד, ווען די אָבענד־לופֿט האָט אָבגעקיהלט זיין שטערען, האָט ער ערשט דערפֿיהלט, ווי היים עס איז גע־וואָרען און ווי דאָס געשפּרעך האָט איהם אָנגעגריפֿען.

און דערפֿאַר דיין יוגענד! — האָט ער זיך געטראַכט ביי זיך. אַזוי ווי אַפֿט האָט איהם דאָס אָפּפֿער ווידער

אַמאָל אויסגעוויזען צו גרוים פֿאַר די ערקענטניס, וועלכע עס האָט איהם געבראַכט. יאָ, זי איז געווען קיהל און האַרב, אָט די ערקענטניס, ווי דער אַמעריקאַנער האָט געזאָגט. אָבער איז זי דען ניט געווען, ווי אַ דערקוויקענדע שטאָהל-באָד נאָך דעם פֿערמאַטערענדען פֿינסטערן לעבען פֿון׳ם גלויבען אין אַ פוסטער האָפֿנונג ?—

און ער האָט זיך דערמאָנט, ווי יונג ער איז נאָך געווען און וויפֿיעל עס איז איהם נאָך פֿאַרגעשטאַנען צו ווירקען, און אפילו ווען דאָס דאָזיגע ווירקען זאָל לפנים זיין אַזוי נוצלאָז, ווי דער פֿערזוך, וואָס ער האָט היינט געמאַכט אין אַן איינגען קרייז, — דאָך האָט ער געפֿיהלט אין זיך אַ גרויסע קראַפֿט און אַ שטאַרקע פֿרייד, און צוריקטרעטענדיג אין צימער, האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט:

„יאָ, פֿאַר אָט די ערקענטניס פֿון דער פֿרייהייט דיין יוגענד!"

און די ווענד, וועלכע זיינען געווען דערשראָקען איבער דאָס פלוצלינגע שטיל-שווייגען נאָך דעם ליאַרם פֿון׳ם גע-שפּרעך, האָבען איהם אָבגעענטפֿערט מיט זיינע אייגענע ווערטער:

„יאָ, דערפֿאַר דיין יוגענד!"

